א. מאַפּו.

# די זינד פון שומרון

(אשמת שומרון)

יידיש: ב. עפּעלבוים.

---



---

/ פאַרלאַג „צענטראַל" /

וואַרשע 1923




## א.

אין די צייטן פון אחז דעם קעניג פון יהודה, און פקח דער זון פון רמליהו, און הושע דער זון פון אלה די יידישע מלכים, —זיינען די נביאים הייזעריק געוואָרן, פון צו שטראָפן די ווי־דערשפּעניקע און זיינען מיד געוואָרן, פון בעטן זיך ביי דעם פאַרדאָרבענעם, פאַרבלאָנדזשעטן פאָלק. אין דערדאָזיקער שלעכ־טער צייט האָט ווידערגעשפּעניקט אפרים, האָט געפעלשט יהודה: אפרים האָט געפירט זיינע זין צו דער שחיטה און יהודה האָט אַוועקגעגעבן זיינע קינדער, זיינע גליקסטיקע און טייערע, אומ־צובּרענגען פאַר דער עבודה זרה מולך. אַזוי האָט זיך געפירט דער קעניג אחז און זיין פאָלק האָט אים נאָכגעטאָן, און ס׳האָט אויסגעוועבט די תורה פון ציון, און וואָרהייט און רעכטפער־טיקייט, זיינען אַנטלאָפן פון שמרונס טויערן, זיך צו באַהאַלטן אין די שפּאַלטן פון שטיינער און אין די לעכער פון פעלזן. און אין וואַלד האָט געערוט די גערעכטיקייט און אין די היילן—דאָס גלויבן.

ביי דער זייט פון די לבנון־בערג, וואָס זיינען

די צפון־גרענעץ פון לאַנד נפתלי, דאָרט וואו די חרמון־
בערג האָבן זיך באַהעפט צוזאַמען, שטייט דער העכסטער פעלזן־
באַרג; צופוסנס פון דעם באַרג שפּרייט זיך אויס אַ גלוסטיקער
שיינער טאָל, וואָס ליגט אַרומגערינגלט פון די בערג, פון די
פעלזן ציען זיך קוועלכלאַך צום קוואַל וואָס געפינט זיך אין
דעמדאָזיקן טאָל. דאָרט קומען זיך צענויף די טייכלעך, וואָס
שטראָמען און רינען פון אונטער דער ערד, ביז זיי גיסן זיך
צוזאַמען פון אויבן און פון זיי אַלע ווערט איין פלייצעדיקער
טייך — דאָס איז דער טייך ירדן.
דער טוי פון חמרון ליגט נאָך און מאַכט פינצטער אין די
טאָלן, און דער מאָרגנשטערן איז שוין פאַרשפּרייט אויף די
בערג, ווי געלייטערט גאָלד טוט ער שיינען אויף דעם הער־
לעכן וואַלד לבנון און אויף זיינע הויכע, שטאָלצע, טענענביי־
מער, וואָס זייערע וואָרצלען שלאָגן טיף אין דער ערד און
זייערע שפּיצן דערגרייכן צו די וואָלקנס; די געדיכטקייטן פון
וואַלד פאַרשפּרייטן זייער שאָטן, וואָס אויך אין מיטן טאָג, איז
ער פינצטער ווי די נאַכט. אויף די ביימער נעסטן זיך פאַר־
שידענערליי פייגל און זינגען אַרויס פון הערלעכן לבנון, עס
קען זיך גאָרנישט אָנזעטיקן דאָס אויער פון צו הערן דעם
פּראַכט פון זייערע שטימען און דאָס זיסקייט פון זייערע גע־
זאַנגען; אויך די ווילדע חיות שרייען אַראָפּ מיט זייערע גע־
שרייען פון די שפּיץ בערג; וואָרום דאָרט זיינען די וואוינונ־
גען פון לייבן און טיגערס. דער וואָס הערט דאָס אויסגעמישטע
ברילעריי און געשרייען, דערפילט אַ ציטערניש און אַ פּחד.

דידאָזיקע טעג זיינען די לעצטע פון זומער, איין מאָנאַט פאַר
חודש תשרי, ווען די זון ברענט שטאַרק און ס׳איז נישטאָ וואו
זיך צו פאַרבאָרגן פון דער היץ. דעמאָלט שטייען אויף די
וועג־וואַנדערער גאָר באַגינען, כדי צו מאַכן זייער וועג ווען
עס ליגט נאָך די טוי. אין דער צייט זיינען אויפגעשטאַנען
דריי וועג־וואַנדערער, וואָס האָבן גענעכטיקט צווישן די בערג
אין פאַרזיכערטע געצעלטן, זיי קערן איצט צוריק פון דמשק,

פון לאַנד וואו זיי זיינען געווען געפאַנגען. דאָרט אַהין האָט רצין, דער קעניג פון ארם געבראַכט אַ סך געפאַנגענע פון די קינדער פון יהודה, האָט זייערע איידעלע און רייכע איינגע־זעצט אין די תפיסות און פריי געלאָזט די אָרימע, און זיי צוריקגעשיקט אין זייער לאַנד אריין, כּדי זיי זאָלן דאָרט דער־ציילן די צרות, וואָס עס ליידן די איידעלע און רייכע, וואָס זיצן געשמידט אין אייזערנע קייטן, כּדי מען זאָל זיך איילן זיי אויסצולייזן פאַר אַ סך אויסלייזגעלט. און דידאָזיקע דריי, וואָס קערן זיך צום פון דמשק און זיינען פון די אָרימעלייט פון יהודה, רייטן אויף קעמלען, גייען פאַרביי די בערג און גייען אויף, צו קומען קיין ירושלים, און די קנעכט פון איינעם אַ רייכן מאַן, וואָס וואוינט אין דער געגנט, באַלייטן זיי אויף זייער וועג. אַלע זיינען באַוואָפנט מיט שווערדן און מיט גע־ווער פאַרן פּחד, וואָס הערשט אין די נעכט. אין דער צייט ווען עס ווימלען די חיות פון לבנון, יונגע לייבן שרייען צום פאַרצוקן און די שפע פון טוי וואָס נידערט אויף זיי, פאַר־שטעלט פון די וואַנדערער—וועג און שטעג.
דידאָזיקע דריי מענטשן זיינען אָרימעלייט פון יהודה, איינער איז עדולמי, דער צווייטער—לכישי און דער דריטער—זיפי. מענטשן, וואָס פאַרמאָגן נישט קיין פאַרמעגן און קיין ארבונג אין זייער לאַנד, און אין ירושלים האָבן זיי געפונען זייער דערנערונג, ווארום זיי זיינען געווען קנעכט אין די הייזער פון האַרן אין יהודה. זייערע אויגן האָבן אין די צייטן פון פרידן געזען רייכקייט און גרויסקייט אין די הייזער פון זייערע האַרן, זיי האָבן אויך געזען ווי זייער גרויסקייט איז צובראָכן גע־וואָרן אין דער צייט פון מלחמה און די שאַנד וואָס זיי האָבן פון שונא געליטן, און אַזוי גייענדיק איצט, האָבן זיי דערציילט פאַר די קנעכט, וואָס באַגלייטן זיי, וועגן אַלץ וואָס זיי האָבן געזען און געהערט אין לאַנד פון זייער געפאַנגענשאַפט, און וועגן אַלץ וואָס ס'איז געקומען אויף יהודה אין דידאָזיקע טעג.

—אין בין געווען אָנגעשטעלט אין הויז פון עזריקם, דעם אויפ־

זעער פון קעניגלעכן הויז—האָט עדולמי דערציילט—דאָרט האָב איך געזען די גרעסטע לייט. אַהין פלעגן קומען דער שני־למלך אלקנא מיט זיין ווייב, די האַרינטע יהושבע מיט זייער טאָכטער קציעה, די שענסטע פון ציונס טעכטער, וואָרום די־דאָזיקע צוויי האַרן פון יהודה האָבן געטראַכט זיך משדך צו זיין. און קציעה, די טאָכטער פון אלקנה איז געווען פאַרקנסט צו דניאל דעם זון פון עזריקם, נאָר מעשיהו דער זון פון קע־ניג אחז, האָט זיך געשטעלט ווי אַ פעלז צווישן זיי און ווי זיי האָבן געהאַט אַ שלעכטן סוף, וואָרום מעשיהון, אלקנהן און עזריקמן האָט געהרגעט זכרי, דער העלד פון אפרים בעת דער קריג, וואָס עס האָבן געפירט אויף יהודה פקח דער זון פון רמליהו און רצין דער קעניג פון ארם. פאַרוויסט געוואָרן איז דאָס לאַנד יהודה.

—יאָ,—האָט געענטפערט לבישי—אַ סך רייכע הייזער זיינען פאַרוויסט געוואָרן אין ציון. איר האָט דאָך מסתּם געהערט דעם סוף פון האַר יורם, וואָס איז געפאַנגען געוואָרן דורך די פלשתּים, און זיין געליבט ווייב נעמה האָט אויסגעליידיקט זיין אוצר, האָט צוגענומען אַלע טייערע זאַכן, און האָט אָנגעצונדן אַ פייער אין יורמס וואוינונגען, צאָרנענדיק אויף חגיתן, וואָס איז אויך געווען יורמס ווייב, און די מוטער מיט די קינדער זיינען פאַרברענט געוואָרן, נאָר חגיתס אַ זון איז אָפּגעראַטעוועט פון פייער. און נעמה איז דערנאָך אַנטלאָפן מיט איר ליבהאָ־בער—פינף יאָר, אַז דאָס איז געשען. צי דערפאַר אַליין זאָל דאָס לאַנד נישט אָפּקומען?

—ריכטיק—האָט געענטפערט זיפי—די גרויסע לייט פון ירושלים לעבן אומגליקלעך. איר ווייסט דאָך פון דער צאַרטער האַרינ־טע פון ציון, וואָס הייסט מרים, איר פאָטער שמיר איז אַ פיינט פון יהודה, ווייל ער קומט אַרויס פון די קעניגן פון אפרים, האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס די טאָכטער מרים האָט זיך פאַרליבט אין אַ האַרנזון פון יהודה, וואָס הייסט עוזיאל, האָט ער געמאַכט אַזוי, אַז דער מאַן אירער, עוזיאל, איז אַנט־לאָפן קיין לאב, נאָך דעמאָלט, ווען אחז האָט אָנגעהויבן קע־

ניגן, זייער קינד—האָט ער פאַרבערענט צו דער עבודה זרה מולך און מרים זיצט שוין פיפצען יאָר. אַ לעבעדיקע אַלמנה.
—און רייך איז מרים—האָט לכישי געזאָגט—ס'איז גאָר נישט אָפּ־צושאַצן אירע אוצרות, וואָס איר מוטער דבורה האָט איר אי־בערגעלאָזט. איצט טוט זי גוטס מיט יתומים, און איז אַ באַ־שיצערין פון די מלחמה־העלדן. איינער אַ יתום, אַ העלדישער שיינער בחור, זיין נאָמען איז אליפלט—ווערט פון איר דער־צויגן און געשפייזט, זי האָט אים שטאַרק ליב, האָט אים אַריינ־געפירט צווישן די האַרנקינדער, און זי דערציט אים ווי אַן אייגענעם זון.
—און הערט אַ וואונדער—האָט עדולמי געזאָגט—קציעה, אָט די שענסטע פון ציונס טעכטער, האָט נישט געקוקט, נישט אויף דניאלן און נישט אויף מעשיהון, זי האָט גאָר באַגערט אליפלטן, וואָס האָט זיך דערצויגן ביי מרימן, קעגן ווילן פון איר פאָטער אלקנה. אָבער איר פאָטער, עזריקם און מעשיהו זיינען אומגעקו־מען, און דניאל זיצט אין תפיסה אין דמשק און איצט וועט אליפלט נעמען קציעהן. אַזוי אויך האָב איך געזען, ווען איך בין מיט דניאלן געגאַנגען אין געפאַנגענשאַפט דורך גלעד, דאָרט האָבן מיר גערוט און דאָרט האָט אים געזען אַ מיידל זייער אַ שיינע, אַזוי שיין ווי קציעה די טאָכטער פון שני למלך, און קוקנדיק אויף דעם געפאַנגענעם האָט זי געוויינט, אויך דניאל האָט גע־קוקט צו איר, און מיט דער האַנט געשאָקלט צו איר מיט לי־בע און חן, נאָר די שונאים אונזערע האָבן אונז אַוועקגעטריבן און דניאל קען גאָרנישט פאַרגעסן דאָס מיידל: זי שטייט אים שטענדיק פאַר די אויגן און ער ווייסט אַפילו נישט ווער זי איז און ווי זי הייסט, און ער רופט זי „מיין האַרצנסגעליבטע".

אַזוי זיינען די מענטשן געגאַנגען, און אַזוי ריידנדיק זיינען זיי צוגעקומען ביז צום הויכן פעלזבאַרג. און די קנעכט זיי־נען שטיין געבליבן, האָבן זיך צוגעהערט און פאַרנומען. און אַ שטים פון אַ הירש שרייט, און איין קנעכט האָט געזאָגט צו איינעם פון זיינע חברים:

—גיי און זאָג אונזער האַר, אַז דער שרעקלעכער לייב אי נאָך פאַראַן אין זיין נאָרע, און זאָל ער באַוואָפּענען זיינע יונגען, צו באַלאַגערן דעם באַרג, וואָרום ער וועט אַריינפאַלן אין אונזערע הענט. ס'טוט מיר באַנג אויפן יונגן אינד, וואָס איז אַריינגעפאַלן צו אים, און אויף די אינדין וואָס איז פון אים דערוויטערט געוואָרן און גאַרט צו אים. וואָרום די ביידע יונגע גלוסטיקע אינדן זיינען געווען אַ צייטפאַרטרייב פאַר שולמית, די טאָכטער פון אונזער האַר, ווייל זיי זיינען שוין געווען צוגעוויינט צו עסן פון איר האַנט, און זיי האָבן איר געטרייסט אין די טעג פון איר טרויער נאָך איר מוטער, און אַצינד וועט דער יונגער אינד אָנזעטיקן אַ מענטש אַ רויבער מיט זיין בלוט און פלייש.

און די לייט פון יהודה האָבן געפרעגט אויפן באַשיידט פון דידאָזיקע רייד. האָט איינער פון די קנעכט זיי דערציילט, אַז איינער אַ רויבער האָט זיך געמאַכט אַ נעסט אויפן הויכן פעלז־באַרג און זיצט דאָרט פון אָנהויב פרילינג אָן, און ער רויבט ווי אַ לייב, אַ פאַרדאַרבער פון לבנון, ער זיצט אויפן פעלז וואוהין עס קען נישט אַרויפקומען קיין ווילדע חיה, און אויפן שפיץ פון אַ הויכן פעלז שטייט אַ געפלעקטער טיגער ווי אַ היטער פאַר זיין וואוינונג, וואָרום דערדאָזיקער רוצח איז אַ מכשף און עס שרעקן זיך פאַר אים אויך די ווילדע חיות. אָט אַזוי פירט ער זיך אין די עטלעכע חדשים, וואָס ער זיצט דאָ: מיטן מאָרגנשטערן שטייט ער אויף צום פאַרצוקן און פאַרשפּעטיקט אין אָוונט צוריקצוקערן אין זיין הויערונג און קיינער פון אונז האָט נאָך זיין פנים נישט געזען. אַזוי פירט זיך אויך זיין קנעכט, וואָס איז צו אים באַהעפט. מיין האַר אָבער, האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף פון אים היינטיקן מאָרגן, פאַר זיינע מעשים וועט ער מיטן קאָפּ באַצאָלן און די רויב פון לבנון וועט אויף אים פאַלן.

אַזוי האָט גערעדט איינער פון די קנעכט צו זיינע חברים, און די דריי לייט פון יהודה האָבן באַדאַנקט די קנעכט, וואָס האָבן זיי געגעבן אַן אָרט איבערצונעכטיקן און שפּייז אויפן וועג.

האָבן זיך מיט זיי געזעגנט און אַוועקגעריטן אומצוקערן זיך אין זייער לאַנד אַריין.

דער מאָרגנשטערן האָט אויפגעשיינט אויפן העכסטן פעלזבאַרג, און אויפן שפּיץ פון אַ הויכן פעלז, אויף וועלכן ס׳קען נישט אַרויפקומען קיין ווילדע חיה, שטייט אַ מענטש אָנגעטאָן אין אַ גראָב בגד און הערט זיך צו צו דעם קול פון די קנעכט, וואָס ריידן אונטערן באַרג. און ער האָט געאיילט און צוריקגעקערט אין זיין וואוינונג, וואָס איז געווען אויסגעקריצט אין הויכן פעלז, אין דער וואוינונג זיינען געווען צוויי צימערלעך, דאָס אויסענווייניקסטע צימערל פאַר אים, און דאָס אינעווייניקסטע— פאַר זיין האַר. אין דעם צימערל געפינט זיך אַ פענסטער וואָס איז בייטאָג פאַרשטעלט מיט אַ ברעטל פון טענענהאָלץ, כדי צו באַשיצן זיך פון דער היץ, איצט איז דאָס פענסטער אָפן צו מזרח־זייט, און דער ריח פון לבנון און די לופט פון מאָרגנ־שטערן שלאָגן אַריין דורך דעם, און ביי דער ליכט האָט מען געקענט זען, ווי אַלץ זעט אויס אין דעם צימערל: דער באָדן איז פאַרשפּרייט מיט פעל פון ווילדע חיות, אויף די ווענט הייגען כלערליי פאַרדאָרבונגס־געווער: בויגנס און שפּיזן, פיילן און וואַרפשפּיזן, אויך אַ גרויסע שווערד, וואָס איז פאַרבאָרגן אין איר שייד; דאָס זיינען זיכערע צייכנס, אַז דערדאָזיקער פאַנגער־העלד איז אַ קריגס־העלד. און דרויסן פון דעם געצעלט, אויף אַ שטאַפּל וואָס שטאַרט אַרויס פון פעלז—שטייט אַ מורא־דיקער געפלעקטער טיגער. דעמדאָזיקן טיגער האָט דער איינ־זאַמער באַזיגט, האָט זיין פעל אָנגעשטאָפּט מיט דערנער און האָט אים אַוועקגעשטעלט אויף דעם פעלז־שטאַפּל, כדי אָנצוע־וואַרפן אַ שרעק און אַ פּחד אויף די מענטשן, וואָס וועלן זיך אַנטוועגן אַרויפצוגיין. וואָרום ווער וועט זיך עס אונטערשטעלן צו געגענען און זיך אָנהייבן מיט אַ מענטש, וואָס קעמפט מיט ווילדע חיות און קומט זיי ביי מיט זיין שטאַרק געמיט און פעסטער האַנט? און אַ חוץ די מורא פאַר דער ווילדער חיה, איז אויך דאָס געצעלט פאַרזיכערט, ווייל עס איז אין אַ פעס־טונג פון פעלזן, צו וועלכע מען קען נישט צוקומען, און די

וואָס רוען דאָרט גייען אַרויף אויף אַ לייטער, וואָס איז געמאַכט פון שטריק. דערדאָזיקער לייטער איז צוגעבונדן צו אַן אייזערנעם האָק וואָס זיצט שטאַרק פאַרפעסטיקט, און ווען ער דאַרף, לאָזט ער אים אַראָפּ.
און דער קנעכט וואָס באַדינט דעם איינזאַמען איז אַריינגעקומען אין צימערל, האָט אַראָפּגענומען פון דער וואַנט צוויי בויגנס, זיי זאָלן ביי אים גרייט זיין, ווען זיין האַר וועט צוריקקערן.

און זיין האַר האָט אין דער צייט נישט אין זינען געהאַט קיין מלחמות, נייערט ער האָט אַלע פרימאָרגן געבעטן צו גאָט. און אויך איצט האָט ער אויסגעגאָסן זיין האַרץ פאַר גאָט, און אַז עס האָט זיך דערוועקט זיין געמיט אין אים האָט ער אָנגעהויבן און געזאָגט:
—דו גרויסער גאָט! הער זיך צו צו אַ פאַרלוירענעם און פאַרשטויסענעם, וואָס שרייט צו דיר פון טיפן האַרצן. צו וואָס, גאָט מיין גאָט, האָסטו מיר געגעבן פאַרגעניגן און פרייד אין מיין יוגנט, כדי צו פייניקן מיך אין די מיטעלע יאָרן? ווייניק צייט, אַז איך האָב גליקלעך געלעבט מיט מרימען מיין האַרצנסגעליבטע, זי געזעסן זיצן ביי מיין רעכטער האַנט און מיין היכל פון העלפאַנדביין און אַ צאַרטע מילדקייט איז געווען אויסגעגאָסן אַרום מיר, אויף אַלעם, אויף וועלכן מיינע אויגן האָבן געקוקט. אָבער ווי איז מיר, ווי, וואָרום מיין פרייד איז געווען נאָר אויף אַ ווײַלע, ווייל געצאָרנט האָסטו אויף מיר, גאָט מיינער, האָסט שטאַרק געצאָרנט אויף מיר, און טוסט מיר אָנזעטיקן מיט איינזאַמקייט און פאַרוואָגלעניש, אַזוי לאַנג ווי עס לעבט דער קעניג—ווי עס געדויערט דאָס קעניגן פון אחז, און האָסט מיך פאַרשליידערט ווי אַ שטיין אויפן שפּיץ פון דעם באַרג, אויף אָנצווזעטיקן מיך מיט שרעק און קערסט מיך נישט אום צו מיין רו? ווי איז מיר ווי, וואָרום אָפּגעריסן בין איך געוואָרן פון מיין פאָלק, פון מיין ווייב מרים, די צאַרטע, צו וועלכע עס לעכצט מיין נשמה, און פון אליפלט אונזער טייער קינד! ווי לאַנג נאָך וועל איך זיין ווי אַ פרעמדער אין לאַנד?

שוין זעכֿצען יאָר, אַז איך ווער דערציטערט פֿאַרן גערויש פֿון אַ בלאַט און בין שטענדיק איינגעשטעלט מיטן לעבן, מיט פֿייל און בויגן געפֿין איך מיין שפּייז; און איצט טוט הויערן שרעק אַרום מיר פֿון צאָרן פֿון מענטשן, וואָס קענען מיך נישט, וואָס ווילן רויבן מיין געצעלט און מיך פֿאַנגען ווי אַ ווילדן מענטש. ווען, גאָט מיינער, וועסטו שיקן פֿאַר מיר אויסלייזונג, וועסט מיך אומקערן צו מרים מיין ווייב און צו אליפלט מיין זון, מיין טרייסט און דערפֿרייאונג פֿאַר די יאָרן פֿון מיין וואַגלעניש, צי אויף אייביק וועסטו מיך פֿאַרלאָזן, גאָט מיינער? באַפֿריי מיך פֿון מיינע ליידן, וואָרום דאָס יאָר פֿון יובל קומט אָן! (אַלע פֿופֿציק יאָר פֿלעגט זיין „יובל”—און אַלע קנעכֿט זיינען באַפֿרייט געוואָרן).

דער איינזאַמער האָט פֿאַרענדיקט אויסצוגיסן זיין האַרץ פֿאַר גאָט און זיין קנעכֿט איז מיט ציטערניש און מיט שווערן אָטעם צוגעלאָפֿן צו אים און געזאָגט:

—איצט, עוזיאל מיין האַר, איצט געפֿין אַן עצה, וואָרום דאָס אומגליק איז נאָענט: אונזערע פֿיינט האָבן אונז אַרומגערינגלט, זיי האָבן אַרומגעצוימט דעם באַרג הינטן און באַלאַגערן אונז. זע זע, עוזיאל מיין האַר, אַז מיינע ווערטער זיינען דיר צוהאַנען געקומען; וויפֿיל מאָל, אַז איך האָב דיר געוואָרנט, האַר מיינער, און געזאָגט: וואָס האָסטו דאָ און ווען האָסטו דאָ, וואָס זיצסט דאָ ווי אַן אָדלער אויפֿן שפּיץ פֿון אַ הויכן פֿעלז, דיין ברויט עסטו מיט טרויריקייט און דיין וואַסער טוסטו מיט זאָרג טרינקען? אייל זיך און ווער אַנטרונען אויף אַן אַנדער אָרט! און דו האָסט געוואָלט מיר זאָגן דעם נאָמען פֿון דיין ווייב וואָס זיצט אין ציון און מיר אַוועקשיקן אַהין, איך זאָל איר אַנטפּלעקן דאָס אָרט, וואו דו ביזט פֿאַרבאָרגן, כּדי זי זאָל דיר ברענגען אַ ראַט פֿון ווייטן. ווען דו וואָלסט מיך אַוועקגעשיקט דאַן, ווען דו האָסט עס געזאָגט, קען זיין, אַז דיין ווייב וואָלט איצט שוין געפֿונען פֿאַר דיר אַן אָפּרו, אויב זי איז דיר נאָך אַזוי געטריי געבליבן ווי דו ביזט איר געטריי.

—ס'איז איצט נישט קיין צייט אויף אויסצוטענהן זיך—האָט עוזיאל

געגנטפערט—גיי צום עק פון פעלז, לייג זיך דאָרט אַנידער אויף דער ערד, און הער זיך צו וואָס עס ריידן די, וואָס לאָקערן אויף אונז, און וואָס דו וועסט הערן זאָלסטו מיר דערציילן, ווײַל איך וויסן וואָס איך האָב צו טאָן.

דער קנעכט האָט געפאָלגט, וואָס זיין האַר האָט אים באַפוילן און זיך צוגעהערט. און זיינע אויערן האָבן פאַרנומען די רייד זייערע, און ער האָט צוריקגעקערט צום איינזאַמען און אים דערציילט:

—כ׳האָב געהערט די שטימע פון איינעם, וואָט מיינע אויערן האָבן פאַרנומען האָט אַזוי געזאָגט: נאָר אומזיסט שטייען מיר דאָ אויף דער וואַך, נישט אַנדערש, אַז דער רויבער האָט פאַר־לאָזט זיין וואוינונג און איז אַראָפּ אין טאָל, דעריבער קומט, לאָמיר זיך צעשפּרייטן אים צו זוכן צווישן די שטרויכן. אַזוי האָט איינער גערעדט און זיין חבר ענטפערט אים: אָט, און אונזער האַר קומט אָן, רייטנדיק אויף זיין מוילאייזל און איז באַוואָפנט מיט אַ בויגן און מיט אַ שווערד.

און עוזיאל האָט געטראַכט אַ ווײַלע, דערנאָך האָט ער זיך גע־שטאַרקט און געזאָגט צו זיין קנעכט:

—לאָמיך זיך פּרובן ריידן צו מיינע נאָכיאָגער מיט קלוגשאַפט. נעם אַ האָרן פון מיין געצעלט און בלאָז אויס אַ יובל־געשריי און עס וועלן זיך טראַכטן די לאָקערער: נישט אַנדערש, אַז דער יובל־געשריי איז צו וואָרענען, דעם פאַנגער פון דעם שלעכטס, וואָס רוקט זיך אָן אויף אים, כדי ער זאָל גיך אַנטרונען ווערן. און איך וועל זיך אָנגאַרטן מיט אַ שווערד, מיט פיילן און בויגן, צו זיין גרייט אויף מלחמה, און איך וועל אַראָפּ־נידערן צו מיינע פיינט; און איך וועל רופן צו זיי צו פרידן זאָגנדיק, אַז איך בין ריין און רעכטפאַרטיק, און אויב זיי וועלן מיר נישט גלייבן און וועלן אָנרייצן מיט מיר אַ קריג, דעמאָלט וועל איך זיין ריין פאַר גאָט, וועל איך איינשטעלן מיין לעבן, וועל איך שניידן אויף רעכטס און לינקס, אָדער איך וועל שטאַרבן מיט דידאָזיקע וואָס יאָגן מיך אומזיסט, וואָ־

דום וואָס וועט מיר שוין אַרויסקומען, אַז איך וועל ווייטער בלייבן לעבן?

דער קנעכט האָט געפאָלגט די רייד פון זיין האַר, און ער האָט גענומען אַ האָרן פון זיין געצעלט און געבלאָזן אַ יובל-געשריי, איינמאָל, אַ צווייט מאָל, און אויך אַ דריט מאָל, און אַזוי ווי עוזיאל האָט געזאָגט, אַזוי איז געווען. וואָרום די לאַקערער האָבן זיך פאַרשפרייט און געלאָפן אים זוכן צווישן די שטרויכן, עוזיאל האָט געוואַרט אַ שטיקל צייט און ער האָט באַפוילן זיין קנעכט, ער זאָל אַראָפּלאָזן דעם שטריק-לייטער, און עוזיאל האָט דורך אים אַראָפּגענידערט; און ער איז באַוואָפנט מיט געווער און מיט אַ שווערד. און ער שטייט גרייט צו קריג אָדער צו פרידן.

## ב

נאָכדעם ווי עוזיאל האָט אַראָפּגענידערט אין טאָל האָט ער זיך אַרומגעקוקט און קיינער איז נישטאָ. איז ער געקומען צווישן די שטרויכן און מתפלל געווען אַזוי צו זאָגן:

„כ'בעט דיך גאָט, מיין היטער און באַשיצער אין די זעכצען יאָר פון מיין וואַגלעניש, באַהאַלט מיך אויך איצט און באַשיץ מיך און לאָז נישט פאַרגיסן קיין אומשולדיק בלוט אויף אַ פרידלעך אָרט. קער איבער דאָס האַרץ פון מיינע פאַרפאָלגער, און זאָלן זיי נישט אָנרייצן קיין מלחמה מיט מיר! זאָל מיין שווערד נישט אומברייגען קיין נפשות, ווען איך וויל צוריקקערן קיין ירושלים צו זען מיינע האַרצנסגעליבטע. זאָל זיך אָפּטאָן, גאָט מיינער, דער צאָרן דיינער פון מיר און פון מיין ווייב די געליבטע פון מיין האַרץ און פון אונזער קינד, טו מיט אונז גוטס און זאָלן דיך לויבן מיינע האַרצנסגעליבטע פאַר דעם וואָס דו האָסט מיט מיר געטאָן.”

—באָר גוטס און פרידן צו דיר, דו, וואָס וואָגלסט צווישן די בערג!—האָט זיך דערהערט אַ קול פון די שטרויכן, און באַלד—

און אַ מאַן באַוואָפנט מיט געווער שטייט פאַר אים. דאָס איז געווען אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן. אָנגעטאָן אין זייער שיינע קליידער, און אַז ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן איינזאַמען, האָט ער אַוועקגעוואָרפן זיין געווער אויף דער ערד און האָט געזאָגט:

—כ׳האָב געוואָלט מיט דיר אָנהייבן אַ מלחמה, האַלטנדיק דיך פאַר אַ רוצח, וואָס באַרויבט אויף די וועגן; אָבער נישט קיין שטים פון קיין רויבער, נייערט אַ קול פון אַ באַרויבטן האָב איך געהערט, און דאָס קול רופט צו גאָט און ער וועט עס דערהערן. און נישט אַזוי האָבן מיינע קנעכט אויף דיר דער־ציילט; און דו, מיין האַר, פאַרגיב זייערע גרייזן, וואָרום זיי האָבן געזען אַז דו פאַרבאָרגסט זיך אין די וואוינונגען פון לייבן און אין די בערג פון טיגערס, דעריבער האָבן זיי אויף דיר שלעכטס געמיינט, אָבער אויך איך וואונדער מיך זייער, נאָך וואָס פאַרבאָרגסטו זיך אויף די שפיצן פון די פעלזן?

און עוזיאל, אויך ער האָט אָפּגעבונדן זיין שווערד און אַוועק־געוואָרפן דאָס געווער, און ס׳האָט אים זייער באַנג געטאָן זעענדיק, ווי דער מענטש בעט אים ער זאָל אים זאָגן וואָס ס׳איז מיט אים, האָט ער גענענט צו דעם מענטש און געזאָגט:

—געבענטש ביזטו צו גאָט, חבר מיינער, און געלויבט איז גאָט, וואָס ער האָט מיר פאַרמיטן צו פאַרגיסן בלוט. איך בין אַנט־לאָפן פון שלעכטן דור און איך האָב זיך אויסגעוויילט דעם שפיץ פון פעלז־באַרג פאַר מיין וואוינונג. פינסטערניש פאַרדעקט איצט די ערד און דאָ שיינט גאָטס כבוד. זע כ׳בעט דיך, האַר מיינער, אַז איך בין אַ מאַן פון יהודה, וואָס ווינטשט איר גוטס און פרידן; און געלויבט איז גאָט, אַז דער מאַן וואָס האָט מיט מיר געוואָלט קריגן איז געוואָרן מיין חבר.
און דער מאַן האָט זיך צוגעהערט צו אַלע רייד פון דעם איינ־זאַמען און האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון אים. און אַז ער האָט פאַרענדיקט זיינע רייד, האָט ער אים אָנגענומען פאַר

זיין רעכטער האַנט און צו אים געזאָגט:
—איך, מנוח פון חברון, דער זון פון דיין פאָלק, שליס מיט דיר אַ פרידלעכן בונד און פאַרלאַנג דיין נאָענטקייט פון היינט אָן, דעריבער לאָמיך וויסן דיין נאָמען ווי דו ווייסט מיין נאָמען, מיר זיינען דאָך ביידע די קינדער פון יהודה, און די בראָך פון אונזער פאָלק דערגרייכט אונזערע הערצער. און איצט באַוויליק און דערציילט פאַר דעם זון פון דיין פאָלק די אַלע פלאָגן, וואָס האָבן דיך פאַרוואָגלט גאַנצע זעכצען יאָר, פון דיין פנים דערקען איך דאָך, אַז דו ביזט פון די גרויסע לייט פון לאַנד! אָבער איך וועל פריער אַוועקשיקן פון דאַנען מיינע מענטשן, דערנאָך וועלן מיר שמועסן.
אַזוי האָט ער גערעדט און האָט באַפוילן זיינע קנעכט, אַז זיי זאָלן זיך צוריקקערן, יעדער איינער צו זיין אַרבעט. די מענטשן זיינען זיך אַוועקגעגאַנגען און דער חברונער האָט געזאָגט:

—קום, ברייננג מיך אַרויף צו דיין וואוינונג, דאָרט וועלן מיר ביידע שמועסן און וועסט זיך פרייען פון פרידן, זעענדיק, אַז ס'איז מער נישטאָ קיין שום שרעק אַרום דיר און אַז דיין פיינט איז דיין פריינט, וואָס געפינט זיך ביי דיר. זיי וויסן: פון היינטיקן טאָג אָן נעם איך אויף מיר דיך אויסצוהאַלטן, וואָרום גאָט האָט מיך געליייטזעליקט און איך פאַרמאָג אַ סך.

—ווי גוט דו ביזט, האַר מיינער!—האָט דער איינזאַמער געענטפערט—קום, לאָמיר אַרויפגיין צו מיין וואוינונג. זיי וויסן אַז אויך מיין האַרץ האָט זיך באַהעפט אָן דיר נישט נאָכפאָרשנדיק דיינע רייד און לאָמיך זיין צו דיר אַ נאָענטער פריינט.
און אַזוי ריידנדיק האָבן זיי געענענט צום צופוסנס פון באַרג. און דער איינזאַמער האָט אַרויפגעשריען, און זיין באַדינער האָט אַראָפּגענידערט דעם שטריקלייטער, איז מיט אים אַרויפגעגאַנגען דער איינזאַמער און דער חברונער נאָך אים. דאָרט האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט אין אינעווייניקסטן צימערל און דער חברונער האָט זיך פאַרוואונדערט קוקנדיק אויף דער שיינקייט און פראַכט

וואָס אין דעם צימערל. און דער איינזאַמער האָט באַפוילן זיין קנעכט ער זאָל פאַר זיי צוגרייטן געבראָטן הירשנפלייש, וואָ־רום מיט אים וועט זיין טייערער שכן עסן מיטאָג־עסן.

דער קנעכט איז אַרויסגעגאַנגען אַ פריילעכער און אויפגעלייק־טער, צוליב דער פרידלעכער רו וואָס גאָט האָט זיי געגעבן אָנשטאָט ציטערניש אַלע ווײַלע, און דער איינזאַמער האָט גע־זאָגט צום חברונער:

—מאַך מיר וויסן דיינע וועגן, כדי איך זאָל וויסן ווער עס איז דער, וואָס גאָט האָט מיר אים צוגעשיקט ער זאָל געבן רו פאַר מיין האַרצן?

—גוט—האָט געענטפערט דער חברונער—נייג דיינע אויערן און הער אויס, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט אין מיין יוגנט, אין די צייטן פון יותם דעם קעניג פון יהודה. אין יענע צייטן ווען די וועגן קיין ציון האָבן נאָך געערעשט פון די וואָס זיינען אויפגעגאַנגען קיין ירושלים. צו דער צייט בין איך אויפגעגאַנ־גען קיין ירושלים צו פייערן דעם יום־טוב פסח, בין איינגע־שטאַנען ביי איינעם אַ וועבער און בין דאָרט געוועזן פאַרבעטן אויף יום־טוב; און זייענדיק אין זיין הויז, האָט מיין האַרץ געגלוסט צו זיין טאָכטער נועה, אַ מיידל אַ יפת תואר, און אויך איר האַרץ איז צו מיר צוגעבונדן געוואָרן. פון מיין פאָטער האָב איך געירשנט אַ הויז, אַ שטיק פעלד און אַ וויינגאָרטן אין חברון, און דער וועבער האָט זיך זייער געפרייט, זעענדיק אַז זיין טאָכטער איז וואוילגעפעלן אין מיינע אויגן. און איך האָב זי מיטגענומען אין הויז פון אלקנה, דער זון פון מיין פעטער דעם האַר, האָב זי פאָרגעשטעלט פאַר אים און פאַר זיין ווייב, די איידעלע האַרינטע יהושבע, די טאָכטער פון עזריהו, איינער פון די האַרן אין אפרים. און זי האָט נועהן געוויזן אַ ליכטיק פּנים, האָט צו איר גוט גערעדט און מיט גענאָט אויפגענומען איר. פריילעך און אויפגעלייגט פון דעם כבוד, וואָס מען האָט איר דאָרט צוגעטיילט, איז נועה אַהיים געקומען און ס׳איז גע־וואָרן אַ גרויסע שמחה אין הויז פון וועבער, האָבן זיי זיך גע־פרייט מיט מיר און גאָט געלויבט דערפאַר, וואָס ער האָט מיר

געבראַכט אין זייער הויז אַריין; זייער פרייט איז אָבער אָפּ־געקילט געוואָרן איבער יום־טוב. און אַז איך האָב געוואָלט מיטנעמען נועהן אויף מיין נחלה, און דער וועבער זאָגט צו מיר:

—זאָל מיין טאָכטער זיצן ביי מיר ביז שבועות, דעמאָלט וועסטו אויפגיין אויף יום־טוב קיין ירושלים און וועסט זי דיר נעמען.

און איך האָב נישט געוואוסט דעם באַשייד פון דער זאַך, אייגער אַליין, אָן חשק, האָב איך צוריקגעקערט קיין חברון, האָב אָפּגעציילט די פיפציק טעג, וואָס זיינען ביי מיר געווען ווי פיפציק יאָר, ביז ס׳האָבן זיך אויסגעלאָזט די טעג פון מיין בענקען. ס׳איז געקומען דער טאָג: אויף וועלכן איך האָב געהאַפט, מיט גרויס פרייד בין איך אויפגעגאַנגען קיין ירושלים, צום אָרט פון מיין גליק, און ווער קען פילן מיין געמיט זער־הערצנדיק, אַז מיין האַרצנסגעליבטע איז גענומען צו אַן אַנדער מאַן; און ווער איז דער אַנדערער? וואונדערט זיך הימלען! דערדאָזיקער אַנדערער, איז געווען אלקנה, וואָס האָט געזען נועהן ווען איך האָב זי געבראַכט צו אים אין הויז אַריין, האָט ער געשיקט רופן איר פאָטער, דעם וועבער, און זי געבעטן פון אים. און דער וועבער האָט זיינע אויערן נישט געגלויבט, דאָס האַרץ איז אים פון איבעררעשונג אַנטפאַלן און ער האָט געזאָגט צום האַר: זי איז גרייט פאַר דיר.
און אלקנה האָט געשיקט מענטשן זי צו ברענגען אין זיין פאַלאַץ, און נועה איז געוואָרן זיין ווייב.
איך האָב געהערט דידאָזיקע משונהדיקע זאַך און מיין האַרץ איז מיר פאַרשטיינערט געוואָרן. מיין ווייטאָק איז זייער גרויס געווען, נאָר איך האָב פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן. צו־מאָרגנס האָב איך, אַ דערשלאָגענער צוריקגעקערט קיין חברון און נועהס אָנדיינק האָב איך נישט געקענט אויסמעקן פון מיין האַרצן.

און אויך נועה האָט זיך נישט געפרייט מיט איר כבוד און איך האָב איר אומזיסט באַשולדיקט, וואָרום אלקנה האָט איר

גענומען קעגן איר ווילן. אַ סך צרות האָט זי זיך אָנגעליטן אין די עטלעכע חדשים, וואָס זי איז געזעסן ביי אלקנהן אין הויז: וואָרום די האַרינטע יהושבע, איז געווען זייער שיין און זייער קלוג, האָט באַשפּעט אַלע טעכטער פון די גרויסע לייט אין ציון און וואָס איז קעגן איר געווען דעם ווערבערס טאָכטער, וואָס איר מאַן אלקנה האָט אַריינגעבראַכט איר צו דערצערנען? זי האָט דאָך איר דערנידעריקט ווי איינע פון אי־רע דינסטן. און דעם ווערבערס טאָכטער האָט פאַרשטאַנען איר סוף, וואָס זי קען האָבן, און געבעטן ביי איר „נישט־פאַרגי־נערן”, זי זאָל איר געבן אַ ראַט, ווי אַזוי אַנטרונען צו ווערן פון הויז פון האַר אלקנה. און יהושבע האָט צו איר געזאָגט:

—בעט אַ גט און גיי דיר אַוועק פון דאַנען, וואָרום נישט דאָ איז דאָס אָרט פאַר אַזעלכע ווי דו ביזט!

און נועה האָט אַזוי געטאָן. און נאָכדעם, ווי אלקנה האָט איר געגעבן אַ גט, האָט זי צוריקגעקערט אין איר פאָטערס הויז און דאָרט געזעסן ווי פריער. און עס זיינען דורכגעגאַנגען עטלעכע חדשים און ביי איר פאָטער אין הויז האָט זי געווי־נען אַ טאָכטער צו אלקנהן און האָט זי אַ נאָמען געגעבן שלומית, דערמיט צו זאָגן: גאָט זאָל מיר שיינקען שלום (פרידן).

און ס'איז געווען אין אַ יאָר אַרום, אום יום־טוב שבועות. און איך בין אויפגעגאַנגען קיין ירושלים, און אלקנה האָט נאָך מיר געשיקט און געזאָגט צו מיר:

—פאַרגיב מיר, מנוח, מיין בלוט און פלייש, וואָס איך האָב קעגן דיר געזינדיקט אַזאַ גרויסע זינד, וואָס איך האָב פון דיר צו־גענומען דאָס גלוסטונג פון דיינע אויגן; און זי האָט מיר גע־ווינען די טאָכטער שלומית אין דערזעלבער צייט, וואָס יהושבע האָט מיר געווינען מיין טאָכטער קציעה. ביידע זיינען פאַר מיר דאָך געליבטע טעכטער, אָבער יהושבע טראַכט נישט אַזוי, און ווייל זי איז זייער צאָרנדיק, ווערט זי זוכן תחבולות ווי אַזוי אומצוברייינגען נועהן מיט איר קינד, דעריבער נעם פון מיר צוואַנציק זילבערשטיק, אויסלייזגעלט, פאַר מיין זינד און

נעם דיר די שיינע נועה מיט איר טאָכטער און וועסט מיט זיי אַוועקגיין פון לאַנד יהודה, צו וואוינען וואו דיר וועט וואויל געפעלן, אויף אַ זיכער רואיק אָרט, ווייט און פאַרהוילן פון יהושבע מיין ווייב, און וועסט זיך פרייען מיט דיין שיין ווייב נועה און וועסט פאַרברייינגען דיינע יאָרן אין פאַרגעניגן. און אָפּהיטן זאָלסטו מיין טאָכטער שולמית, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג, און פאַרבאָרגן זאָלסטו פון איר איר אָפּשטאַמונג. און ס׳וועט זיין, אַז זי וועט אויסוואַקסן, זאָלסטו זי ברייינגען צו מיר, וועל איך איר געבן נדן און מתנות מיט דער ברייטער האַנט.

און איך האָב זיך אויסגעקליבן דאָ אַן אָרט צווישן די בערג. און אין אַ רואיק וואוינונג האָב איך דאָ באַזעצט נועהן און איר טאָכטער שולמית, און גרויס איז געווען אונזער פרייד. אין אַ יאָר אַרום האָט זי מיר געווינען אַ זון, האָב איך אים אַ נאָמען געגעבן צפניה, דערמיט צו זאָגן: גאָט זאָל אונז פאַרבאָרגן (צפון איז דער טייטש פאַרבאָרגן) און באַשיצן. און שלומית מיט צפניהן זיינען געוואַקסן, ווי גלוסטיקע פלאַנצן, און איך מיט מיין ווייב נועה, האָבן פאַרבראַכט אין ליבשאַפט, און גאָט האָט אונז געבענטשט מיט אַלדאָסגוטס, און נועה האָט דערצויגן אירעביידע קינדער וואָרהאַפטיקע און גאָטספראָכטיקע און שולמית האָט מיך גערעכנט פאַר איר פאָטער. גליקלעך זיינען מיר געווען און אין אונזער וואוינונג איז געווען אַ געצעלט פאַר רואיקייט, באַשיידנקייט, גליק און ליבשאַפט. אָבער גאָט האָט זי צוגענומען אין די מיטעלע יאָרן. היינט אַ יאָר, אַז נועה איז פאַרשלאָפּט געוואָרן, איך האָב זי אַוועקגעפירט קיין גלעד, זי צו היילן, זי איז אָבער נישט געהיילט געוואָרן און אָפּגעגעבן איר נשמה צו גאָט.

אין די לעצטע צייטן און יהושבע, די האַרינטע, איז געשטראָפט געוואָרן דאָפּלט פאַר אירע זינד וואָס זי האָט געזינדיקט קעגן נועהן, איר „נישט-פאַרגינערין”. דאָס איז דאָך באַוואוסט אומעטום ווי מען האָט געהערט פון איר מאַן אלקנה דעם שני למלך, אַז ער איז געפאַלן דורך דער שווערד פון זכרי, דער העלד

פון אפרים. איצט באַדיינקט זיך יהושבע אויף אירע זינד, וואָס זי איז באַגאַנגען אין די טעג פון איר גרויסקייט, וואָס זי האָט באַשפּעט אַלע טעכטער פון די גרויסע לייט פון לאַנד, און אויך אויף איינע אַ האַרינטע, איר נאָמען איז מרים, די טאָכטער פון אַ שר און אַ גרויסן מאַן אין אפרים, וואָס זי זיצט אין ציון. אויך אויף איר האָט יהושבע אויסגעגאָסן שפּאָט און שאַנד, האָט אויך מיטגעהאָלפן איר שלעכטס צו אָן, אָפּצושיידן איר פון איר מאַן, וואָס איז אַ האַר פון יהודה; פון דערדאָזיקער זאַך האָב איך נאָר אַ ביסל געהערט, און ווי מיר דאַכט זיך, וועל איך דאָס אינגאַנצן הערן פון דיר, מיין האַר, אויב מיינע אויגן נאַרן מיך נישט. איך האָב דיך איין מאָל געזען אין די צייטן פון יותם און דעריבער זאָג מיר, האַר מיינער, זאָג דיין גוטן פריינט און חבר, אַז עוזיאל, דאָס איז דיין נאָמען. זאָג מיר נאָר דאָס איינע און דו וועסט פון מיר הערן אַ סך זאַכן. צי ביזטו דאָס דער עוזיאל, מרימס מאַן?

—אַנטשולדיק מיר, האַר מיינער,—האָט אים דער איינזאַמער געענטפערט מיט ציטערניש—עס טרעפט דאָך אַמאָל, אַז איין מענטש איז ענלעך אויף אַ צווייטן. ס׳קען זיין, אַז איך זע אויס ווי עוזיאל דיין באַקאַנטער.

—טו דאָס נישט, האַר מיינער, פאַרלייקן נישט,—האָט דער חברונער געענטפערט—גאָט האָט אונז באַשערט דעם היינטיקן טאָג, דעריבער זאָג מיר אַלץ און פאַרלייקן גאָרנישט פון מיר.

—כ׳בעט דיך, האַר מיינער—האָט דער איינזאַמער אויסגערופן—כ׳בעט דיך, ברענגט מיך נישט אום. פון אַצינד אָן בין איך ביי דיר אין דער האַנט: קענסט מיט מיר טאָן גוטס אָדער שלעכטס. שוין זעכצען יאָר, אַז איך פאַרהויל מיין נאָמען, כ׳האָב געוואַנדערט איבער שטעט און טייכן, לענדער און ימען און זאַט פון לייד און פיין בין איך אַהער געקומען—צי וועסטו מיר דען איצט איבערענטפערן צו מיינע פיינט, אַז איך וועל דיר זאָגן מיין נאָמען? אמת, דאָס בין איך טאַקע עוזיאל, דער מאַן פון מרים!

—עוזיאל, האַר מיינער!—האָט דער חברונער אויסגערופן אָנכאַפּנ־

דיק זיין האַנט—ווען איך וואָלט געטראַכט דיר שלעכטס צו טאָן, וואָלט איך דאָך נישט אַרויסגעגאַנגען צו דיר, אין דיין וואוי־נונג. גאָט איז אַן עדות צווישן מיר און דיר. און איך שווער דיר אין זיין נאָמען, איך זאָל דיר באַשיצן און פאַרבאָרגן. און וועל שטאַרק היטן מיין צונג. אָבער ווער וואָלט עס געקענט זאָגן, אַז איך וועל איצט נעמען יהושבעס אַ שוועסטער פאַר אַ ווייב? איצט אַ חודש אַז איך בין געוועזן אין שומרון און עזריהו, דער באַרימטער מאַן, האָט מיר געגעבן פאַר אַ ווייב זיין שיי־נע טאָכטער חנה, וואָס איז יונגער מיט פיפצן יאָר פון יהושבען. און אויך יהושבע דאַרף צו מיר קומען צוזאַמען מיט איר שוועס־טער חנה, וואָס איז מיין ווייב; אַז דו וועסט קומען צו מיר, וועט יהושבע דיך נישט דערקענען ווי דו האָסט מיך נישט דערקענט. זיי וויסן, אַז ווען זי דערמאָנט זיך דיין נאָמען, ווערט זי אַ דערציטערטע און אַ שאַנד האָט איר האַרץ צעבראָכן איבער דעם שלעכטס, וואָס זי האָט געבראַכט אויף דיר און אויף מרים דיין ווייב, וואָס איז איצט איר בעסטע חברטע. אויך שולמית די טאָכטער פון נועה, וועלכע זי האָט אַמאָל אַזוי פיינט געהאַט, איז זי איצט גרייט ליב צו האָבן, וואָרום זי איז דאָך די טאָכטער פון איר מאַן אלקנה און די שוועסטער פון איר טאָכטער קציעה; און שולמית איז דאָך אַ בלום פון לבנון, אַ גריילעכע שיינקייט, צווישן אַלע טעכטער פון שטאָט געפינט זיך נישט אַזאַ מיידל ווי זי איז. אָבער וועגן איר וועלן מיר נאָך ריידן און איצט זאָל זיין מיט מיר דיין גענאָד און דערציייל מיר אויך דיין לעבנספאַסירונג.
עוזיאל האָט געטראַכט אַ ווײַלע און געענטפערט און געזאָגט:

—אַ זון פון קעניגן בין איך, אַ צווייג פון שטאַם פון אַמציהו דעם קעניג פון יהודה. מיין פאָטער אָבער האָט זיך גענומען אַ ווייב פון די טעכטער פון אפרים און איז געשטאָרבן אין מלחמה. האָט מיין מוטער צוריקגעקערט אין איר לאַנד אַריין, און זי איז געוואָרן אַ ווייב צו אַ זון פון די אפרימלייט, וואָס יאָגן זיך נאָך פאַלשע נישטיקייטן, וואָס זיינען פיינט צו דער אָפּ־

שטאַמונג פון דוד המלך, און מיין מוטער האָט פון מיר פאַר־הוילן מיין אָפּשטאַמונג.

כ'בין געוואַקסן ווי אַ ווילד אייזל ביי מיין מוטער אין הויז. ביז איך בין אַלט געוואָרן זיבעצען יאָר, כ'האָב געזען, אַז מיין אָרעם איז שטאַרק צו ציען דעם בויגן פון העלדן, און איך בין אַרויסגעגאַנגען אין דער מלחמה אַריין און זיך פאַר־שאַפט אַ נאָמען צווישן די גבורים, דאַן האָבן די מיידלעך מיך ליב געקריגן, אויך יהושבע, די טאָכטער פון עזריהו, דער על־טסטער פון שומרון, האָט מיך געזען און איז געווען וואוילגע־נייגט צו מיר; איר פאָטער האָט זי נישט געוואָלט געבן צו אַ זון פון אפרים, דערצו נאָך צו אַזוינעם וואָס מען ווייסט נישט פון וואַנען ער קומט אַרויס.

און אַז איינער אַ יונגערמאַן, וואָס איז געווען אַ זון פון אַ באַ־רימטן מאַן אין אפרים, האָט זיך דערוואוסט פון יהושבעס לי־בע צו מיר, און ער אַליין האָט געהאָפט צו נעמען די שיינע און קלוגע יהושבע, איז ער דערצאָרנט געוואָרן און האָט גע־זאָגט צו מיר:

—זיי וויסן, אַז עס וועט אויף דיר דיין קאָפּ נישט בלייבן, אויב דו וועסט נישט אָפּקערן פון זיך יהושבעס האַרץ.

און איך האָב געזען, אַז איך האָב נישט וואָס צו האָפן אויף יהושבען, בין איך געגאַנגען און געקומען אין גאָרטן פון עזריהו, דאָרט האָב איך געטראָפן זיין טאָכטער יהושבע.

און ס'איז געווען ווען זי האָט גערעדט צו מיר ליבע־רייד און איך האָב אָפּגעשפּעט פון איר און געזאָגט, אַז זי געפעלט מיר נישט. דאָס פּנים פון דער שיינהייט איז צערודערט און טרוי־ריק געוואָרן און איר צאָרן האָט זיך צעפלאַקערט אין איר. און אויך מיין האַרץ איז אין מיר צובראָכן געוואָרן. איך האָב אָבער אויסגעקליבן דאָס לעבן איידער אומזיסט אויפרייצן דעם צאָרן און כעס פון אַ מאַן, וואָס איז פון די גרויסע לייט.

יהושבע איז אַרויסגעגאַנגען פון גאָרטן און האָט גאָרנישט גע־ענטפערט, און איך האָב אַוועקגעוואָרפן דעם בויגן און האָב זיך אַריינגעלאָזט אין די פאַלשע נביאים פון בית־אל און זייערע

כהנים, וואָרום איינער אַן אויסוואורף און זיין נאָמען איז עמרי, אַז ער האָט געזען, אַז איך האָב געלט, האָט ער מיר אַרייני געבראַכט אין דער חברה פון זיינע כהנים און נביאים און איך בין ביי זיי געווען אַ גוטער חבר די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב זיי געגעבן צו עסן און טרינקען; דאָרט האָט מיך געזען אַ שיין מואב־מיידל און איר נאָמען איז קטורה, וועלכע דער יונגער העלד זכרי האָט גענומען פאַר אַ קעבסווייב, און זי האָט מיך אָנגערעדט איך זאָל זיך באַהעפטן צו זכרין און ווערן זיין געווער־טרעגער. און איך האָב איר געזאָגט, אַז איך קער זיך מער נישט אָן מיט קריגסלייט, נאָר מיט כהנים און נביאים פון בית־אל.

מיין געלט האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט און מיר איז מיאוס גע־וואָרן די כהנים פון בית־אל, און ס'זיינען מיר אומווירדיק גע־וואָרן זייערע נביאים, וואָרום איינע לערנען פאַר געצאָלטס פאַלש־קייט צו טאָן; און די אַנדערע ריידן נאָר פאַר ווייַן און ביר, און ווער עס האָט נישט קיין געלט—דער איז ערנידעריקט און אומווירדיק אין זייערע אויגן. איך האָב זיי נישט געקענט אי־בערטראָגן און אויך זיי האָבן מיר נישט געקענט פאַרליידן, ווען זיי האָבן געזען, אַז איך בין שוין מיט ליידיקע הענט, און איך בין אַרומגעגאַנגען און געשלונגען דאָס שפייעכץ און נישט געהאַט פון וואָס זיך צו דערנערן.

האָב איך דערציילט מיינע צרות פאַר מיין מוטער, און זי האָט אַנטפּלעקט מייגע אויערן וועגן דעם, אַז איך קום אַרויס פון די גרויסע לייט פון ציון, און זי האָט מיר געגעבן אַ צייכן, און זי האָט מיך אַוועקגעשיקט צו עזריקם, דעם אויפזעער פון קעניגלעכן הויז, וואָס איז געווען אַ פאַרוואַנדעטער צו מיין פאָטער, און מיין האַרץ איז אין מיר אַנטפּאַלן דערהערנדיק דאָס.

האָב איך באַהאַלטן דעם סוד אין האַרצן און איך האָב געאיילט צו גיין קיין ירושלים אויף דעם יום־טוב פסח. און ס'האָט זיך געפרייט מיין האַרץ טראַכטנדיק, אַז נאָך אַ שטיקל צייט וועלן מיינע אויגן זען ירושלים, וועלן זען דעם קעניג אין זיין פראַכט.

האָב איך זיך געלאָזט לויפן ווי אַן אינד, צו קומען גיך צו מיין ציל. און פערצן טאָג אין חודש ניסן, ווען מען מאַכט פסח, זיינען מיינע פיס געשטאַנען אין די טויערן פון ירושלים.

בין איך אַריין אין הויז פון האַר עזריקם דעם „הויז־פירער“, האָב איך אים געזאָגט, וואָס איך קער זיך אָן מיט אים, האָב אים איבערגעגעבן די צייכנס, און עזריקם האָט מיך מיט ליבשאַפט צו זיך דערנענטערט און איך האָב זיך געציילט צווישן די קינדער פון זיין הויזגעזונד אויפן קרבן פסח, זיך געציילט צווישן די יונגע נביאים און זיך גערעכנט פאַר איינעם פון זיי. און צו־זאַמען מיט זיי בין איך דעם ערשטן טאָג יום־טוב געקומען אין פאַלאַץ פון אלקנה, וועמען דער קעניג יותם האָט דערהויבן און אים געמאַכט צו זיין צווייטע האַנט. און ווי אַנטפאַלן איז דאָס האַרץ אין מיר, דערזעענדיק פון ווייטן, ווי יהושבע זיצט מיט אירע חברטעס אין איר זאַל אינעווייניק; אויך זי האָט מיך געזען צווישן די געסט אין די זאַלן פון איר מאַן. און ס'איז אַנטפאַלן מיין געמיט אין מיר, דערהערנדיק, אַז זי איז דאָס ווייב פון שני למלך, כ'האָב זיך דערמאָנט, אַז איך האָב גערעדט צו איר האַרטע רייד—און איך בין צערודערט געוואָרן.

בין אַרויס פון דאָרט מיט אַ געבראָכן געמיט, בין געגאַנגען אין די רוישיקע גאַסן, און אַ סך גרויסע מאַסן טוען זיך באַוועגן און ציען צום באַרג פון גאָטס הויז, זיך דאָרט צו בוקן. צווישן זיי—בחורים און מיידלעך, אַלטע און יונגע. בין איך אויך גע־גאַנגען אַהין. און ס'איז געווען, אַז איך האָב אַראָפּגענידערט פון באַרג און ס'איז מיר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן: כ'האָב דערזען אַ מיידל אַ גריילעך שיינע, וואָס גייט אויף מיט אירע חברטעס אויפן באַרג, אויך זי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן אַרויפגייענדיק און מער נישט, וואָרום זי איז דורך און זיך אויסגעמישט אין דער גרויסער מאַסע מענטשן.
און איך בין געבליבן שטיין צופוסנס פון באַרג, געוואַרט אויף איר צוריקקערן, און אומזיסט האָב איך געוואַרט און געהיט

אירע טריט. און ס'איז מיר טרויריק געוואָרן אויפן האַרצן, וואָרום אַלע גלוסטיקייטן פון ציון האָב איך געזען אין איר ליכטיק פנים און האָב זי שוין מער נישט געזען. און אַזוי ווי דאָס געשטאַלט פון יהושבע, וואָס האָט מיין געמיט צערודערט, אַזוי אויך האָט דאָס געשטאַלט פון דעם מיידל מיך אָנגעפילט מיט טרויריקייט. אַזוי זיינען דורך פאַר מיר זעקס טעג אין גרויסע ליידן.

אויפן זיבעטן טאָג פאַרנאַכט און איך גיי מיר אַזוי ביים טייך שלוח, און איך הויב אויף מיינע אויגן און איך דערזע: דאָס־דאָזיקע מיידל גייט מיט נאָך אַ פרוי מיר אַנטקעגן. דאָס האַרץ איז אין מיר אַנטפאַלן און איך האָב מיך געמוטיקט. און מיין האַרץ האָט מיך אָנגערעדט צו פרובן ריידן צו איר. און אַז זי איז צוגעקומען נאָנט צו מיר, האָב איך צו איר געגעבט און געזאָגט:

—פאַרגיב מיר, נדיב־טאָכטער, און איך וועל דיר עפּעס זאָגן; איך האָב זיך געוועט מיט מיינס אַ חבר וועגן דיר: איך האָב געזאָגט, אַז דו ביזט פון די טעכטער פון אפרים, און מיין חבר האָט געזאָגט, אַז דו ביזט פון די טעכטער פון יהודה; און דו, צאַרטע, זיי וויסן, אַז פיצצען זילבערשטיק וועל איך לייגן צו מיין חבר אין האַנט אריין אויב ס'איז אַזוי ווי ער האָט געזאָגט, און אויב נישט, וועט מיין חבר מיר אָפּציילן אַזוי פיל. און אַצינד, מאַך עס אונז קלאָר, מיין שיינהייט, אויב איך האָב געפונען חן אין דיינע אויגן.

—האָסט געפונען חן אין מיינע אויגן מיט דעם, וואָס דו האָסט מיך געשמייכלט—האָט דאָס שיינע מיידל געענטפערט, אַ קוק געבנ־דיק צו דער פרוי, וואָס איז געווען איר זייגערין, און זי האָט זיך געווענדעט צו מיר און האָט געזאָגט: נישט שיין פאַר דיר, זון פון אפרים, וואָס דו ביזט אַזוי געאיילט! איך פאַרשעם זיך דאָך פאַר דעם זון פון מיין פאָלק, וואָס איז איילנדיק ווי לויפנדיק וואַסער. איך בין מרים די טאָכטער פון שמיר, איינער פון די עלטסטע אין אפרים, גיי זאָג דאָס דיין חבר און זאָל ער דיר אָפּציילן פיפציק זילבערשטיק, וואָרום דו האָסט גוט

דערקענט, האָסט זיך אָבער צו גיך געאיילט צו זאָגן דאָס אויף זיכער.
אַזוי האָט מרים גערעדט, און די פרוי, וואָס איז מיט איר געגאַנגען, האָט איר געאיילט צו גיין, און מרים האָט זיך אָפּגעקערט און אַוועקגעגאַנגען.
האָב איך באַגעגנט איינעם פון די יונגע בחורים פון ציון, וואָס איז געווען זייער שיין געקליידט, און איך האָב אים געפרעגט אויף מרים די טאָכטער פון שמור, און דער בחור האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך איינגעקוקט אין מיר און האָט געזאָגט:

—פון ווייטן האָב איך דאָך געזען ווי דו רעדסט מיט איר, און זאָלסט זיך נישט אַנטוועגן זי אַריינצונעמען אין האַרצן, נאָך דעם ווי איך וועל דיר זאָגן ווער און וואָס זי איז:
—דבורה, די מוטער פון מרים, איז געווען אַ טאָכטער פון אַ רייכן האַר אין יהודה, וואָס האָט איר איבערגעלאָזט, ווען ער איז געשטאָרבן, פינפהונדערט צענטנער זילבער, אַ גלוסטיקן אוצר און קעניגלעכע טייערע זאַכן. און דבורה איז געווען פאַרקנכט צו אַ זון פון אַ האַר אין יהודה, וואָס איז געשטאָרבן נאָכדעם ווי איר פאָטער איז געשטאָרבן. און דבורה האָט זיך זייער גרויס געהאַלטן מיט איר שיינקייט און מיט איר גרויס פאַרמעגן: פעלדער, וויינגערטענער, גלוסטיקע פאַלאַצן און קנעכט און דינסטן. האָט זי זיך אַזוי גרויס געהאַלטן, אַז זי האָט אָפּגעלאַכט פון אַלע האַרן־זין, וואָס האָבן זיך געפּרובט שדכענען צו איר. דאָס איז געווען פינף יאָר איידער ס׳איז געשטאָרבן דער קעניג עוזיהו. צו יענער צייט איז געקומען קיין ירושלים אַ מאַן פון אפרים, וואָס האָט געשטאַמט פון ירבעם, דער זון פון יואש, דער קעניג פון די יידן, און דער מאַן האָט געהייסן שמיר. און צו יענער צייט איז ער אַלט געווען דרייסיק יאָר, איז געווען זייער אַ שיינער און שטאַרק בחנטער און אין זינען געהאַט פוסטע נאַרישקייטן, ווי אַלע זין פון דיין פאָלק אפרים. און ער איז געוואָרן אַן איינ..ייער צו דבורהן אין הויז, און דבורה האָט זיך פאַרליבט אין אים און געוואָרן זיין ווייב,

קעגן ווילן פון אירע פאַרוואַנדעטע האַרן פון יהודה און גרויס־
סע לייט, וואָס האָבן איר אָפּגעוועדט פון דעם. און זי האָט
אים געמאַכט פאַר דעם הערשער פון אירע אַלע גיטער, אַחוץ
דעם אוצר פון זילבער, וואָס זי האָט פון אים פאַרלייקנט און
באַהאַלטן פאַר אירע קינדער, וואָס זי וועט אים געווינען; און
מרים איז געווען דאָס ערשטע און לעצטע קינד זייערס, וואָ־
רום דבורה איז געשטאָרבן פון גרויס ווייטאָק און יאַדעניש מיט
וועלכע אירע נאָענטע האָבן איר אָנגעזעטיקט, און פאַרן טויט
האָט זי איבערגעענטפערט איר פאַרמעגן אין די הענט פון באַ־
גלייבטע האַרן, זיי זאָלן עס אָפּהיטן פאַר איר טאָכטער מרים,
ווען זי וועט חתונה האָבן צו איינעם, וואָס קומט אַרויס פון
מלוכה־שטאַם פון דוד המלך.
און שמיר האָט אויפגעהאָדעוועט זיין טאָכטער מרים, ביז זי
איז אַלט געוואָרן אַכצען יאָר, און אַצינד איז ער אַוועק אין
זיין לאַנד אפרים, צו נעמען פון דאָרט אַ ווייב און איר ברייג־
גען אַהער אויף דער נחלה, וואָס קער צו מרימען. און פון
דעם אַלעם פאַרשטייסטו דאָך אַליין, זון פון אפרים, אַז נישט
דו קענסט אין זינען האָבן מרימען, וואָרום זי איז אָפּגעהיטן
פאַר אַ קעניגלעכן זון.
אַזוי האָט מיר דאָס בחורל דערציילט, זיך אָפּגעקערט און
אַוועקגעגאַנגען. און זיינע רייד האָבן געמאַכט האָפן מיין האַרץ
צו געפינען דאָס, וואָס דאָס בחורל האָט געהאַלטן פאַר נישט
מעגלעך. כ׳האָב געזוכט אַן עצה צו געפינען אַ וועג אין הויז
פון שמיר, און דאָס ערשטע, וואָס איך האָב געטאָן—איז געווען,
צוריקצוקערן קיין אפרים. און גאָט האָט מיר געפירט אין ריכ־
טיקן וועג און האָט מיר באַוויזן וואונדער באַלד ביים אָנהייב.
פאַרנעם, מנוח און הער זיך צו.
ווען איך בין דעמאָלט געגאַנגען איבערן לאַנד אפרים, האָט זיך
מיר געטראָפן צו זען אַ מוראדיק בילד: אַן איידעלע, צאַרטע
פרוי, נאָך יונג אין יאָרן, איז צוגעבונדן צו אַ בוים, און נאַ־
קעט איז זי, ווי די מאַמע האָט זי געהאַט. איר פנים איז
געוואָרן גרין, אירע לעפצן אויסגעטריקנט פון דער היץ, און

דער דאָרשט פאַרברענט זי, זי איז מיד צום שטאַרבן, זי עפנט נאָך אירע לעפצן און שעפּט לופט, צו זיך צוקומען.
האָב איך געגעבט צו איר, האָב אַריינגעטריפט עטלעכע טראָפּן וואַסער פון מיין לאָגל אין איר מויל אַריין, און מיט די לעצטע כחות האָט זי מיר געדאַנקט. און איך האָב אויפגעבונדן די שטריק, מיט וועלכע זי איז געווען צוגעבונדן, האָב אַרויסגענומען פון מיין בינטל קליידער אַ מלבוש, אויף צוצודעקן איר נאַקעטקייט, און זי האָט אַרויסגעשעפּטשעט צו מיר אָפּגעריסענע ווערטער אַזוי צו זאָגן:
— איך בין חפצי־בה... זכריס־ווייב... די מואב.־טאָכטער קטורה... מיין „נישט־פאַרגינערן"... דער נעגער איר געליבטער... מיט איר באַפעל... מיין פאָטערס הויז איז אין נוב.
אַזוי ווי זי רעדט אַזוי און דער נעגער לויפט צו מיר מיט שרעקלעכן גרימצאָרן און מיט אַ בלאַנקער שווערד, און איך האָב פאַרשטאַנען דעם באַשייד פון דער זאַך, האָב אַרויסגעצויגן מיין שווערד פון דער שייט, האָב זי אַריינגעזעצט אין נעגערס האַרץ, איינמאָל און פאַרטיק. האָב די פרוי אַרויפגעזעצט אויף מיין מוילאייזל און האָב זי געפירט צו אַ ישוב.
כ'האָב איר געזאָגט אַז איך הייס עוזיאל, וואָס זיצט אין הויז פון עזריקם אין ירושלים און האָב זי באַשוואוירן זי זאָל גאָרנישט דערציילן; און ווען זי איז צו זיך געקומען, האָט זי מיר דערציילט, אַז קטורה, דאָס קעפּסווייב פון איר מאַן זכרי, האָט איר געפּייניקט און חפצי־בה האָט איר אָפּגעצאָלט ווי זי האָט זיך פאַרדינט. וואָרום זי האָט אַנטפּלעקט איר שאַנד און איר ליבע, וואָס זי פירט מיט דעם נעגער, וואָס האָט איר אָפּגעטאָן דאָס, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען און געוואָלט זי אומברייגגען דורך דאָרשט; און זי האָט מיר נאָך דערציילט, אַז קטורה איז געוואָרן אַ ווייב צו שמיר, אַן עלטסטער פון אפרים, וואָס וואוינט אין ציון, און אַז זיי ביידע ווילן אָנריידן די זין פון ציון אויף זייער קעניג, און זי האָט מיר נאָך דערציילט, אַז שמיר איז גרייט צו געבן זיין טאָכטער מרים צו זכרין פאַר קטורהן זיין קעפּסווייב. איך האָב דאָס געהערט און די האָר

פון קאָפּ האָבן זיך מיר אויפגעשטעלט ווי טשוועקעס.
איך האָב פאַר חפצי־בה געדונגען אַ וואָגן, וואָס זאָל איר אָפּ־פירן צו איר פאָטער קיין נוב. אַליין האָב איך זיך געלאָזט אין וועג אַריין און האָב זיך געאײַלט צו באַשירמען מרימן, מײַן האַרצנסגעליבטע פון איר אומגליק. און אַז איך האָב אַלץ זיך דערוואוסט פון חפצי־בה, האָב איך באַרעכנט, וואָס איך האָב צו טאָן און איך בין אַוועק קיין בית־אל, האָב געזוכט און געפונען עמרן, און איך האָב זיך געמאַכט ווי איך ווייס גאָרנישט וועגן קטורהן. האָב אים געזאָגט, אַז איך בין געוואָרן אַן אײַנגייער אין די הייזער פון די האַרן, וואָס אין ירושלים און אַז עס איז בײַשטאָ אַזאַ גוט אָרט צו פעלשן און רויבן, ווי די שטאָט ציון; איך האָב אים דערציילט, אַז איך האָב דאָרט געהערט, אַז די טאָכטער פון שמיר איז באַשטימט פאַר דעם העלד זכרי און אַז די, וואָס האָבן צו באַפעלן איבער איר פאַרמעגן, ווילן אים גאָרנישט געבן, ווייל זי וועט זיין אַ ווייב צו אַ זון פון אפרים.
דערדאָזיקער עמרי איז געווען ווי אַ באַהעלטעניש פאַר אַלע געהיימע זאַכן פון בית־אל. און מיך האָט ער געהאַלטן פאַר זיינס אַ באַגלייבטן און ער האָט געזאָגט צו מיר:
—זיי וויסן, אַז נתניה, דער כהן פון בית אל איז שטאַרק צאָרנ־דיק אויף זכרין, וואָס האָט באַדעקט מיט שאַנד זיין שוועסטער קטורה. און אַז זי איז גענומען צו שמירן, וואָס איז אַן עלט־סטער פון אפרים און אַ פיינט פון ציון; און אויב דו ווילסט זיין נאָענטשאַפט, וועט דיר נתניה געבן צו אים אַ בריוו און ער וועט דיר אויפנעמען ווי מען נעמט אויף אַ האַר, און איך וועל ריידן פאַר דיר מיט קטורהן און זי וועט דיר זיין אַ באַשיצע־רין אין ציון, וויאַרום דו ביזט זייער טייער ביי איר.
און עמרי האָט מיך גענומען און האָט מיך געבראַכט צו נתניה, דעם כהן פון בית־אל, און ער איז פריער אַריין צו אים אין צימער און זיך געסודעט. דאָרט האָט נתניה אויסגעשטעלט אַ בריוו צו שיקן צו שמירן דורך מיר און איך האָב געוואַרט אַ

שטיק צייט, דערנאָך איז אַרויסגעקומען דער כהן און געזאָגט צו מיר

—עמרי, וואָס איז געטריי אונזער הייליק פאָלק, זאָגט עדות אויף דיר, אַז דו ביזט אַ דורכגעטריבענער יונג, דעריבער בין איך גרייט דיך אַריינצובריינגען אין הויז פון שמור, אַן עלסטער פון אפרים, וואָס זיצט אין ציון. און זיי וויסן, אַז איך שיק דיך אַהין אויף גרויסע זאַכן, ווייל ס'איז געקומען די צייט צו דערנענטערן דערוויילטע און צענויפנעמען יהודה מיט אַלע יידן בייזאַמען, און אפרים וועט דערהויבן ווערן און וועט זיין אַ גרויס פאָלק. און דו, מיין יונגער פריינט, נעם פון מיין האַנט דעם בריוו, טראָג אים אַוועק צו שמירן, נאָר זיי פאַר-שטענדיק און ווייס צו פאַרהוילן אַ זאַך. און ס'וועט זיין, אויב דו וועסט באַגליקן מיט דעם וואָס איך שיק דיך, וועסטו „שניידן” לויט דיין אַרבעט און וועסט דערהויבן ווערן מיט כבוד.

און איך האָב גענומען דעם בריוו פון כהנס האַנט, האָב אים געבענטשט און צוועקגעגאַנגען מיט עמרין. מיר האָבן נאָכגע-פאָרשט צו וויסן וואו עס געפינט זיך שמיר מיט קטורהן. און מען האָט אונז געזאָגט, אַז זיי זיינען אין שכם, אויפן באַרג אפרים, דאָרט וועלן זיי זיצן נאָך אַ טאָג צען.
און עמרי האָט מיך גענומען קיין שומרון. דאָרט האָט ער גע-נומען אויספאָרשן און דערגיין, וואָס עס טוט זכרי, וועלכן בתניה האָט אַזוי פיינט, און מען האָט אים דערציילט, אַז זכרי האָט זיך פאַרשטעלט, כדי צו קומען קיין ירושלים און צו זען מרימען פון ווייטן נישט געבנדיק זיך צו איר צו דערקענען. און אויפן דריטן טאָג וועט ער צוריקקערן קיין שומרון און וועט זאָגן שמירן זיין פאַרלאַנג, צי ער באַשטייין זי צו נעמען אָן געלט צי נישט.

און עמרי האָט באַוויליקט צו וואַרטן ביז זכרי וועט קומען, כדי צו וויסן זיין פאַרלאַנג. און ס'איז געווען אויפן פערטן טאָג, און זכרי האָט צוריקגעקערט קיין שומרון און האָט גע-שיקט דעם אויפזעער פון זיין הויז צו שמירן, ער זאָל אים

געבן אַן ענטפער; דערדאָזיקער אויפזעער איז געווען אַ חבר צו עמרין און זיין סוד־מענטש. האָט ער אים דערציילט, אַז זכרי האָט געזען מרימען, געזען אַז זי איז זער אַ שיינע און אַז זי איז נאָך שענער און באַחנטער ווי מען האָט געזאָגט אויף איר, און ער איז גרייט זי צו נעמען ווי זי שטייט און גייט.

און אַז עמרי האָט זיך דאָס דערוואוסט, האָט ער מיר אַנט־פּלעקט דעם סוד אַזוי צו זאָגן:

—זכרי איז דאָך פון איצט אָן אונזער פיינט, און דעם כהן פון בית אל געפעלט גאָרנישט ער זאָל נעמען מרימן. וואָרום עס וויל זי נעמען אַ האַר אין יהודה, ער הייסט שובביה און איז פון אונזעריקע. און אויב מרים וועט צו אים אַריינפאָלן, און ער וועט באַקומען אויך איר גרויס פאַרמעגן, וועט ער פון דעם אַראָפּגעבן אַ דריטל פאַר בית־אל; אמת טאַקע, אַז דער כהן האָט צוגעזאָגט זכרין, אַז ער וועט אים ברייגגען שמירס טאָכטער, ער האָט עס אָבער נאָר געזאָגט כדי אים איבערצו־בעטן, ער זאָל נישט צאָרנען אויף זיין שוועסטער קטורה. און דו, טו מיט קלוגשאַפט אָפּצוקערן דאָס האַרץ פון שמירס טאָכ־טער פון זכרין און צונייגן עס צום האַרנזון פון יהודה, וואָ־רום דעמאָלט וועט מען איר אָפּגעבן איר פאַרמעגן. איך האָב דיר דאָך שוין געזאָגט, אַז דערדאָזיקער האַרנזון איז אַן אונ־זעריקער און שוין פון לאַנג אַ שונא צום הויזגעזונד פון דודן, וואָרום דער קעניג יותם האָט פון אים פאַרמיטן יעדן כבוד, און איצט איז גרויס זיין פיינטשאַפט, וואָרום ער האָט שוין געוואָלט אַנטפלעקן פאַר שמירס טאָכטער ווי גרויס עס איז זיין ליבע צו איר, און אחז דער זון פון קעניג האָט זיך אים גע־שטעלט פאַר אַ שטן אין וועג. איז שובביה אויפגעגאַנגען קיין בית־אל, האָט געפעדערט דעם כהן מיט אַ געשאַנק און געבעטן צו צונייגן צו אים דאָס האַרץ פון שמיר, דער זון פון אונזער פאָלק, און דערפאַר וועט ער דערוועקן די זין פון די איידע־לע לייט אין יהודה, זיי זאָלן קומען קיין בית־אל מיט שעכ־טונגען און געשאַנקען. אַ טייל פון די זאַכן האָב איך דיר דער־

ציילט און דערעשט ווערסטו וויסן יעדע זאַך צו דער צייט, ווען דו וועסט זיין אין ציון.

אַזוי האָט מיר עמרי דעם גאַנצן וועג געלערנט, ווי זיך כּיטרע אויפצופירן, און איך האָב אַ נדר געטאָן אין האַרצן אַזוי: אויב דו גאָט, וועסט מיר געבן דעם פאַרלאַנג פון מיין האַרצן, וועל איך מיין לעבן אָפּפערן פאַר ציון, פאַר איר בית המקדש, פאַר איר קעניג און פאָלק, און דעם ווילן פון די פאַררעטער וועל איך פאַרשטערן.

מ׳יר זיינען אָנגעקומען קיין שכם. דאָרט האָט זיך עמרי געזען מיט קטורהן, ווען ער האָט זי געטראָפן אַליין אין שטוב און האָט מיך געלויבט פאַר איר, און זי—האָט דאָך מ׳ר שוין פון לאַנג געקענט, און זי האָט זיך זייער דערפרייט הערנדיק, אַז איך קום אין שליחות פון איר ברודער, דעם כּהן פון בית־אל און וועל זיך געפינען אין הויז פון שמור איר אַלטן מאַן, וואָס זי איז געוואָרן זיין ווייב צו איר גרויס צאָרן, כּדי זיך צו ראַטעווען פון די בייזע הענט—פון זכרין. און זי האָט באַפוילן עמרין ער זאָל מיר זאָגן, אַז איך זאָל ביי מיר נישט אַראָפּ־פאַלן, אויב זי וועט קוקן אויף מיר מיט גרינגשעצונג, מיט שאַנד און שפּאָט פאַר איר מאַנס אויגן. און עמרי האָט מיר דאָס אַלץ דערציילט.

אַזוי בין איך געקומען אין שמירס וואוינונג אין שכם. און שמיר איז אין דער צייט געווען אַ מאַן פון פיפציק יאָר, אַן איבערבלייבעכץ פון יוגנט־שיינקייט איז נאָך געווען צו זען אויף זיין פנים, און זיינע אויגן האָבן נאָך אויסגעדריקט אַ שטאַרק געמיט. איך האָב אים געטראָפן שטיין אין ווינקל פון הויז און קטורה, אויפגעפוצט אין אַ סך צירונג, שטייט ביי זיין רעכטער האַנט. איך האָב אים דערלאַנגט דעם בריוו, וואָס ער האָט איבערגעלעזן, און קטורה האָט זיך געפרעגט ביי איר מאַן שמיר וועגן אים, פונקט ווי זי וואָלט גאָרנישט געוואוסט, וואָס דאָרט איז געשריבן. האָט איר שמיר דערציילט וואָס עס שטייט אין דעם בריוו און מיר האָט ער געזאָגט, אַז ער איז גרייט

צו ערפילן דעם פארלאַנג פון כהן, וואָס ליובט מיך. און האָט געזאָגט:
—קום אין מיין הויז אין ציון, דאָרט וועסטו מיך געפינען אין זיבן טעג אַרום. און אויב דו ביזט אַ וואוילער יונג און פאַר־שטייסט אַ זאַך, וועסטו ביי מיר בלייבן און וועסט עסן ביי מיין טיש.
—און נאָך וואָס, מאַן מיינער, דאַרפסטו האָבן אַ וואוילן יונג?— האָט קטורה געפרעגט מיט ערמה—צי גרייטסטו זיך דען צו אַ מלחמה? זיי וויסן, מאַן מיינער, אַז אויך איך טויג צו אַ מלחמה, מאַך מיך פאַר אַן אָנפירער פון חיל און איך בין גרייט אומ־צוּוואַרפן דעם מראָן פון דודס הויזגעזונט. ס'איז שוין ווירקלעך געקומען די צייט אָפּצונעמען די הערשאַפט פון יהודה און צו מאַכן הערשן אפרים איבער אַלע יידישע שבטים. דו וועסט דאָך, מאַן מיינער, מיר צוליב טאָן, און וועסט מיר אויפשטעלן אַ מזבח אין ציון פאַר כמוש דעם גאָט פון מיין מוטער, און וועסט מיר אַוועקשטעלן נעבן אים אַ געדענקבילד, ווער ווייס מיר פרעגן וואָס איך טו?
—איך וועל נישט פאַרמיידן פון דיין פאַרלאַנג, מיין האַרצנס־געליבטע—האָט שמור געענטפערט—אָבער מרים מיין טאָכטער וועט נישט פאַרלאָזן דעם גאָט פון איר מוטער, און כמוש דיין גאָט, וועט איר זיין ווי אַ דאָרן אין די אויגן. אָבער די צייט וואָס זי וועט זיין מיט אונז וועט זיך לאַנג נישט ציען, וואָרום צו זכרין האָב איך זי באַשטימט, איך וועל זי אים געבן פאַר דיר, דעמאָלט וועסטו זיך פרייען מיט דיין גאָט כמוש און קיינער וועט דיר גאָרנישט זאָגן.
און איך בין דערשיטערט געוואָרן הערנדיק אַזעלכע רייד, בין איך אַוועק פון שמור און קטורה איז אַוועקגעגאַנגען קיין ירושלים.

ס'איז געקומען דער טאָג אויף וועלכן איך האָב געהאָפט און איך בין אַריינגעקומען צו שמורן אין הויז. און כ'האָב געטראָפן ווי ער זיצט ביים טיש, קטורה צו זיין רעכטער זייט און זיין טאָכטער מרים—פון דער לינקער זייט.

—געבענטשט זאָל זײַן דײַן קומען אין מײַן הויז—האָט שמור געזאָגט און האָט מיך אַוועקגעזעצט בײַ זײַן טיש.

קטורה האָט מיר צוגעשמייכלט בײַ מײַן אַרײַנקומען און אירע אויגן האָבן געבלישטשעט ווי פײַערדיקע קוילן, און מרים איז געוואָרן דערשראָקן פון דעם, וואָס אירע אויגן האָבן געזען, און אויף איר פּנים האָבן זיך באַוויזן צייכנס פון וואונדער, צאָרן און טרויעריקייט, וואָרום זי האָט זיך פאַרוואונדערט מיך צו זען בײַ זיך אין שטוב, נאָכדעם ווי זי האָט מיך געזען בײַם טייך שלוח, און האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ נאָכלויפער נאָך נאַרישקייטן (דינט די עבודה זרה), און נאָכמער האָט זי זיך גענומען וואונדערן הערנדיק, אַז איך וועל זײַן פון די וואָס עסן בײַ איר פאָטערס טיש.

און שמור האָט געזען איר צערודערונג און ער האָט זיך געווענדט צו מיר און געזאָגט:

—איך האַלט דיך פאַר אַ באַגלייבטן מענטשן, וואָרום אַזוי האָט אויף דיר עדות געזאָגט אַ מענטש, וואָס איז שטאַרק באַגלייבט אין גאַנצן לאַנד דעריבער פאַרנעם און הער, מײַן טאָכטער מרים, אָט די דאָזיקע, האָב איך אויסגעהאָדעוועט, זי אָפּגעהיטן, און איר גוטס און פרידן, דאָס איז מײַן גאַנצער פאַרלאַנג. איך האָב איר באַשטימט צום אויסדערוויילטן פון פאָלק, דאָס איז דאָך זכרי דער יונגער העלד פון אפרים, וועמענס שטאַרקע שווערד עס איז באַוואוסט אין גאַנצן לאַנד.

—וואָס קער איך זיך אָן מיט קריגסהעלדן?—האָט מרים געענטפערט, און טרערן האָבן זיך באַוויזן אויף אירע שיינע באַקן—צי זאָל איך אומברייינגען מײַן ירושה און גיין נאָך אַ זון פון אפרים?

—ווײ, ווידערשפּעניקע טאָכטער!—האָט שמור אויסגערופן מיט צאָרן און זײַן פּנים איז רציחהדיק געוואָרן—דו פרעג אָבער דעם יונגן עוזיאל און ער וועט דיר זאָגן, אַז אַ הויז און אַ פאַרמעגן אין יהודה איז אַ קנאַפּ פאַרזיכערונג, וואָרום אין דער צייט ווען עס וועט זיך אויפהייבן אַ שטורם אין יהודה, דעמאָלט וועסטו שוין דײַן פאַרמעגן נישט אויסבאַהאַלטן, און נישט

אויף ווייטע צייטן זאָג איך דיר עס נביאות, טאָכטער מיינע, וואָרום דערדאָזיקער טאָג איז נאָענט.

—ס׳איז טאַקע נאָענט דער גרויסער טאָג—האָט קטורה געענטפערט נאָך איר מאַן—ס׳איז נאָענט דער טאָג, וואָס אפרים וועט ווערן אַ גרויס און מוראדיק פאָלק.

—ווירקלעך—האָב אויך איך געענטפערט, כדי אַרויסצעווייזן מיין געטריישאַפט צו שמורן—אַזאַ שווער נביאות האָב איך געהערט אין בית־אל, אַז יהודה האָט זיך צעשפרייט אויף איר ערד און אירע פיינט וועלן פון איר לאַנד אַרויסגיין און וועלן פאַרמערן די שונאים אירע פון דרויסן.

און מרים האָט אויף מיר געקוקט מיט אַנטפּלעקטער שטראָף אין אירע אויגן, זי האָט אָבער געשוויגן און האָט גאָרנישט געענטפערט, און קטורה האָט געזאָגט צו שמורן:

—דאָס ריידן איז דאָך גאָר אומזיסט. דו ביזט דאָך, מאַן מיינער, אַ פאָטער צו דיין טאָכטער, און צו וואָס איז דאָס שפּאַרן זיך? טו פאַר איר טובה וועגן ווי ס׳איז גוט און עס וואויל־געפעלט אין דיינע אויגן, און זי וועט דיך שפעטער בענטשן.

און זי האָט שוין מער נישט גערעדט דאָס מאָל, וואָרום ווי מיר האָבן פאַרלענדט צו עסן, זיינען מיר אויפגעשטאַנען, שמור מיט קטורהן זיינען אַרויסגעגאַנגען אין גאָרטן, וואָרום דאָרט האָט קטורה אָנגעהויבן צו בויען אַ דערהויבונג פאַר כּמוש איר גאָט, און מרים איז אַריין אין איר צימער כדי זיך אויסצעוויינען, וואָרום אַזוי האָב איך דערקענט אין איר.

## ג.

און איך בין געקומען צום האַר עזריקם, האָב פאַר אים אויס־געגאָסן מיין האַרץ און דערציילט, אַז דורך ליבע בין איך אַריינגעצויגן געוואָרן אין הויז פון שמור, וואָס איז אַ באַטרי־גער צו יהודה און צו דער קעניגלעכער פאַמיליע, און אַז נאָר זיין טאָכטער מרים, זי איז די איינציקע פון גאַנצן הויזגעזונט, וואָס איז געבליבן געטריי צו גאָט און צו זיינע הייליקע און איך זוך נאָר איר ליבע, און די פלענער פון די פאַררעטער, וועל איך אַנטפּלעקן פאַרן קעניג, ווייל איך האָב ליב מיין לאַנד און מיין הייליקן קעניג.

און עזריקם האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

—געלויבט איז גאָט, וואָס ער באַשיצט אויף דודס הויזגעזונט! וואָרום דאָס, וואָס איך האָב געזוכט, האָב איך אין דיר גע־פונען. זיי וויסן, פאַרוואַנדעטער מיינער, אַז אין די היינטיקע צייטן האָט גאָט אָנגעהויבן אָנצושיקן אויף יהודה און אויף אונ־זער קעניג יותם, וואָס איז די צירונג פון דודס הויזגעזונט— דעם קעניג רצון, וואָס קעניגט איבער ארם און פקח, דעם זון

פון רמליהו, דעם קעניג פון ישראל; אָט זיי ביידע שיקן אײַן געהיים מענטשן קיין ירושלים, זיי זאָלן דאָס האַרץ פון פאָלק אָפּקערן פון זייער קעניג, אײַנריידנדיק זיי: אשור גייט אויף אײַך, און איר קענט פון אײער קעניג קיין שום הילף נישט האָבן, נייערט אַז איר וועט שליסן אַ בונד מיט רצין דעם קעניג פון ארם און מיט פּקח דעם זון פון רמליהו. און די פאַררעטער און די פּושעים, וואָס קומען פון אפרים, טראַכטן עצות ווי אַזוי אָנצורייצן די זין פון יהודה אויף זייער געזעצלעכן קעניג. און דעם פאָלק איז מיאוס געוואָרן „די וואַסער פון טײַך שלוח, וואָס כוואַליט שטיל און פּאַמעלעך", און ס'איז געוואָרן זייער פרייד — רצון און דער זון פון רמליהו; דעריבער עוזיאל, מײַן בלוט און פלייש, וואָס ביזט אַ צווייג פון קעניגלעכן שטאַם, עפן דײַנע אויגן און נייג צו דײַנע אויערן צו הערן אַלץ, וואָס עס ריידן די פאַררעטער און וועסט עס מיר דערציילן, כדי איך זאָל וויסן ווי צו נישט צו מאַכן זייערע פּלענער. איך וועל דיר אויך געבן דײַן גלוסטונג און וועל דיך דערהייבן צו כבוד.

אַזוי האָט צו מיר גערעדט מײַן פאַרוואַנדטער דער אויפזעער פון קעניגלעכן הויז. האָב איך זיך געבוקט צו אים אַ שטאַרק פריילעכער, כ'האָב אים אויך געשוואוירן צו זײַן אַ געטרייער קנעכט צום קעניג, און מיט אַ פריילעך האַרץ בין איך אַוועק פון אים.

און מײַן האַרץ איז געוואָרן צוגעבונדן צו מרימן. און וואָס מער מײַן האַרץ איז צו איר צוגעבונדן געוואָרן, אַלץ מער האָב איך זיך באַהעפט צו גאָט, וועמען זי האָט ליב געהאַט. און מרים האָט נאָכגעקוקט מײַן אויפפירונג און איך בין געווען אַ וואונדער אין אירע אויגן, וואָרום, אַז איך האָב זיך געפונען צווישן די, וואָס האָבן געדאַרפט אויספירן שמורס פּלאַן, האָב איך צווישן זיי דערקענט שובביהן. דאָס איז דער האַרנזון, וואָס איך האָב געטראָפן ביים טײַך שלוח, און ער האָט עס מיר דערציילט וועגן מרימן און איר אָפּשטאַמונג. און עמרי האָט צו אים באַפוילן אַזוי צו זאָגן: איך וועל פאַר אים ריידן צו מרימן

און ער האָט מיר געבעטן, איך זאָל ריידן גוטס אויף אים. און איך האָב ווירקלעך געפינען אַ פּאַסיקע צייט צו ריידן מיט מרימען, האָב איר געוואָרנט פון צו גיין מיטן וועג פון די לייט פון אפרים און האָב שטאַרק געלויבט די זין פון יהודה. און זי איז געשטאַנען און זיך איינגעקוקט אין מיר, און איך האָב איר געשוואוירן ביי מיין לעבן, אַז איר פרידן און איר טובה איז מיין איינציקער פאַרלאַנג און ווילן. און מיין פיראַכטן איז געווען אַ רעטעניש אין אירע אויגן, נאָר מיט יעדן טאָג איז איר האַרץ צו מיר צוגעבונדן געוואָרן, און זי האָט געשוויגן און נישט גערעדט פון איר ליבע צו מיר.

און ס'איז געקומען דער יום־טוב שבועות. און פאַרשטעלטע לייט פון אפרים זיינען אויפגעגאַנגען קיין ירושלים, און קטורה האָט פאַר זיי צוגעגרייט אַ פעטע סעודה, און די פאַררעטער פון אפרים זיינען געווען פאַרבעטן צו שמורן אין הויז אויף נאָכמיטאָג צו טרינקען ווייַן און ביר. האָבן זיי געטרונקען און זיינען שכור געוואָרן, און האָבן שלעכטס גערעדט אויף ציון און איר קעניג. און איינער פון די פאַררעטער האָט געזאָגט: ווי לאַנג נאָך וועט ירושלים זיין די הערשערין פון די קעניגרייכן פון די יידן? צי אויף אייביק וועלן זיך צווישן אונז דערהייבן די זין פון יהודה מיט זייער ירושלים און בית המקדש?

אויך פאַר מיר איז עס אַ וואונדער—האָט שמיר געענטפערט—וואָס מען רופט צו אפרים—אַ קעניגרייך, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון יהודה. יהודה איז דאָך די קלענערע טייל, און זי איז דאָך דאָס אָפּגעריסענע קעניגרייך! מיר האָבן נישט קיין חלק אין יהודה און קיין ארבונג אין דודס קעניגרייך. זאָל לעבן דער זון פון רמליהו און זאָל לעבן דער וועג קיין בית־אל! (וואו די אפרים־לייט האָבן געהאַט אויפגעשטעלט אַ טעמפּל פאַר געצנדינעריי).

נאָך אים האָבן אויסגערופן די איבעריקע פאַרבעטענע:
—מיר האָבן נישט קיין חלק אין דודן און קיין אַרבונג אין זון

פון ישי, און שבט יהודה איז נישט מער מיוחס פון די איבע־ריקע יידישע שבטים!

אַזוי ווי זיי ריידן אַזוי און אחז דער זון פון קעניג איז אַריינ־געקומען, האָבן זיך אַלע פאַרבעטענע געסט אויפגעשטעלט פאַר אים, שמיר איז איבערראַשט געוואָרן און האָט אים אויפגענומען מיט גרויס כּבוד, האָט זיך געחנפט צו אים. און אחז איז דע־מאָלט אַלט געווען זיבעצן יאָר, האָט זיך נאָך נישט געמישט אין מלוכה־זאַכן, און ער האָט ליב געהאַט מרימן, און ער האָט געזאָגט צו שמירן:

—אַ סוחר פון צידון האָט מיר געבראַכט גאָלדענע אָרימבאַנדן באַזעצט מיט זאַפירשטיינער, האָב איך זיי געקויפט און גע־בראַכט פאַר אַ מתנה דיין טאָכטער מרים.

האָט שמור אַריינגערופן מרימן. איז זי אַריינגעקומען זיך אַוועק־געשטעלט פאַר אים מיט גרויס כּבוד און שעצונג, און האָט פון אים צוגענומען די אָרימבאַנדן און אים געדאַנקט פאַר זיין גענאָד.

און שמור האָט געזאָגט:

—זאָל לעבן דער זון פון קעניג. זאָל זיין האַרץ אייביק לעבן און עס זאָלן זיך בוקן צו אים אַלע יידישע פאָלקסשטאַמען!

און אַזוי האָבן אָפגעענטפערט אַלע פאַרבעטענע. די לייט פון אפרים האָבן אים אַרומגערינגלט מיט פאַלשקייט, מיט די מיי־לער האָבן זיי אים געבענטשט און אין די הערצער האָבן זיי אים געשאָלטן.

און אחוז האָט געזאָגט:

—געבענטשט זאָלט איר זיין צו גאָט און צו מיר, איר די קינ־דער פון אפרים, וואָס האָט ליב די טויערן פון ציון מער פון אַלע אַנדערע שטעט וואו עס רוען די יידן, האָט אין זינען די שטאָט ירושלים, פרייט זיך מיט אייער יום־טוב און פאַרברייגגט אין גרויס פאַרגעניגן.

און שמור מיט זיינע געסט האָבן דעם טאָג אַ סך געטרונקען, האָבן געזונגען פון שכרות, האָבן גערעדט רייד פון דערצער־

נונג און לעסטערונג און פֿאַרשידענע געמיינע רייד. אויף די רייד האָט זיך געפּרייט קטורה און געפֿליעסקעט אין די הענט, און מרים איז דערשיטערט געוואָרן; און איך האָב געבעטן שמורן ער זאָל זיך אָפּהאַלטן פֿון ריידן און זיך לייגן שלאָפֿן. האָט ער מיך געפֿאָלגט. און אויך קטורה האָט אַ סך געטרונקען, און אַ שלאָף איז איר באַפֿאַלן, און מרים האָט מיך גערופֿן אין גאָרטן אַריין, און זי האָט געזאָגט צו מיר:

—זעקס וואָכן איז, אַז מיר האָבן זיך באַגעגנט ביים טייך שלוח. און דו האָסט זיך געפֿינען דעמאָלט אַן אויסרייד, דורך אַ ליגן זיך צו באַקענען מיט מיר, פֿון גאָט איז דאָס געווען. איך דער־קען דאָך אין דיר, אַז דו האָסט מיך נישט פֿיינט און וועסט נישט פֿאַרמיידן מיין פֿאַרלאַנג, און איך האָף אַז וועסט טאָן מיין ווילן. מיין פֿאָטער איז אויף דער עלטער אַריינגעפֿאַלן אין אַ נעץ פֿון אַ פּרוי מיט אַ שלעכט האַרץ, דאָס בייזע האַרץ פֿון קטורהן רעדט אים אָן ער זאָל לעסטערן דעם געזאַלבטן פֿון גאָט, און צו שענדן די קעניגן פֿון יהודה, וואָס שלאָפֿן שוין זייער אייביקן שלאָף. דו ביזט דאָך זיין ראַטגעבער און זיין סוד־מענטש, דעריבער וויל איך דיך בעטן: זע אים צוריק צוקערן פֿון די שלעכטע וועגן, אין וועלכע קטורה פֿירט אים. און אויך די טובה טו מיט מיר, פֿאַרמייד מיין פֿאָטער, ער זאָל מיר נישט געבן צו אַ זון פֿון אפרים; און דו, עוזיאל, זאָלסט נישט מיינען, אַז איך האָב פֿיינט דיין פֿאָלק. אלואי וואָלט מיין מוטער געלעבט, ווי איך וואָלט זי געבעטן זי זאָל מיר לאָזן אויסוויילן מיין יוגנטהאַר פֿון די אפרים־זין. אלואי וואָלט אַזוי געווען און איך וואָלט שוין געפֿינען מיין אויסדערוויילטן.

—באַרואיק זיך, צאַרטע—האָב איך געענטפֿערט—נאָר צוליב דיר האָב איך אויסגעוויילט אַזאַ וועג פֿאַר מיר. דעריבער פֿאַרלאָז זיך אויף מיר, מרים, און באַרואיק זיך.

—אלואי און דיין קלוגשאַפֿט זאָל דיר העלפֿן אָפּצוקערן מיין פֿאָטערס האַרץ פֿון קטורהן—האָט מרים געענטפֿערט—זי איז דאָך דידאָזיקע, וואָס באַרויבט די אָרימע, וואָס פּייניקט די ליידענ־

דע, וואָרום איצט אַרבעט מיין פאָטער זייער שווער מיט אַלע זיינע קנעכט, פויערים, פּאַסטוכער און גערטנער, כּדי צו האָבן אַ סך געלט אויף אויסצוגעבן פאַר אירע פיל פאַרגעניגנס. און דו ביזט דאָך דער אויפזעער פון מיין פאָטערס גאַנצן הויז און זיין ראַטגעבער, טאָ עפן אים די אויגן: ער זאָל זען וואָס ער טוט, און מיט דיין עצה וועסטו אים פירן אויפן גלייכן וועג. און איך וועל עס דיר קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

פון דעמאָלט אָן איז אַוועק אַ גאַנצער חודש. פאַר דער צייט האָט אויך קטורה צו מיר שטענדיק גערעדט ווי·כע רייד און מרימן האָט זי געהאַלטן פאַר אַ שאָטן אין איר הויז, האָט זי אָנגערעדט איר מאַן שמור, ער זאָל זיך צואיילן אַוועקצוגעבן מרימן צו זכרין. און מרים איז שטענדיק געווען זייער טרויע־ריק און האָט נישט געוואָלט הערן דעם נאָמען זיינעם.

און איינמאָל אין אַ טאָג, און קטורה האָט איר געשטראָפט און צו איר אַזוי געזאָגט:

—פאַרוואָס מרים, מיין שיינע, ביזטו אַזוי טרויעריק, צי איז דיר דען גוט צו זיין ווי אַן איינזאַמע סאָווע אין איר נעסט? גיי אַרויס, מיין טויב פון באַהעלטעניש, באַווייז זיך אין אפרים, און מאַך דיין נעסט צווישן די שטערן פון שומרון. וואָרום דאָס, וואָס עס זוכן אומזיסט די טעכטער פון אפרים, דאָס האָט דיר דיין פאָטער געווינען איידער נאָך דו האָסט עס געזוכט; וואָרום ער האָט פאַר דיר געפונען זכרין, דעם העלד פון אפרים דע־ריבער זיי אויך דו גרייט צו אים.

און מרים האָט שוין נישט געקענט איבערטראָגן אירע רייד, האָט זי געענטפערט און געזאָגט:

—צי אַרויסטרייבן מיך פון מיין מוטערס פאַרמעגן ווילסטו? וואָגל דיר אויף דיינע בערג פייגעלע, פלי דיר פריי דו, וואָס האָסט ליב זיך אַרומצובלאָנקען. מיין ערע איז נאָר אין מיין לאַנד, אין דער שטאָט פון מיין פרייד און אין מיין מוטערס הויז; און דו אויסגעלאַסענע ווידערשפעניגערין, גיי דיר קיין בית־אל, און זוך דיר דאָרט די נאָענטשאַפט פון די אָפּגעטער.

און קטורה האָט געהערט ווי מרים זידלט איר, איז זי שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרן, איז זי געקומען צו איר מאַן און האָט זיך צעוויינט און געזאָגט צו אים:

—איך בין מיר געזעסן רואיק אין אפרים און נאָך וואָס האָסטו מיך צוגענומען פון דאָרט און מיך געבראַכט אַהער, צו ווערן געזידלט און דערצערנט פון דיין טאָכטער? אויב דו טוסט מיר אַזוי, שיק מיך בעסער אַוועק פון דאַנען.

און שמור האָט דערזען די טרערן פון זיין געליבטער, איז ער אויפגעשפרונגען, און ס׳האָט זיך ווי אַ פייער אָנגעצונדן זיין כעס. האָט ער זיך צעשריען אויף מרימן און מיט שאַנד זי געפּאַטשט אויף די באַקן און געזאָגט צו איר:

—אויב דו וועסט נאָך מערן צו דערצערנען מיין ווייב, וועל איך אויסשטרעקן מיין האַנט אויף דיר און וועל דיר צוטיילן פיל שאַנד.

און מרים האָט פאַרביסן די ליפּן און נישט געענטפערט. און שמור האָט געמערט ליב צו האָבן קטורהן, און זי איבערגעבעטן מיט וואָס נאָר זי האָט פאַרלאַנגט; און זי האָט זיך געתגדלט צו מיר און געזוכט מיין ליבע. איך האָב איר געענטפערט און איר צוגעשמייכלט, כדי אַריינצוכאַפּן זי אין נעץ, וואָס איך האָב איר אָנגעגרייט; און מרים וואָס האָט נישט פאַרשטאַנען מיין מיין, האָט מיר אויסגערעדט.

און איך האָב איר געזאָגט:

—אַזוי זאָל מיר גאָט העלפן, ווי איך מיין נאָר דיין טובה.

און מרים האָט געוויינט, ווען איך האָב דאָס גערעדט, און זי האָט אָפּגעווישט די טרערן פון איר פנים און האָט געזאָגט:

—וועל איך דיר בעטן איין זאַך, האַרצנספריינט מיינער, ליב צו האָבן מיך אַליין אָדער די פאַרדאָרבענע קטורה אַליין. און דו, געדיינק נאָר, אַז די ירושה פון מיין מוטער, די קעניגלעכע אוצרות, בין איך גרייט אַוועקצוּוואַרפן פאַר דיין ליבע. כ׳האָב דיר, אויסדערוויילטער מיינער, געזאָגט מיין גאַנץ האַרץ.

איך האָב דיר דאָך שוין דערציילט, אַז שמור האָט אויסגעגעבן אַ סך געלט, אויף צו פאַרשאַפן אַלע טאָג נייע פאַרגעניגנס פאַר זיין ווייב, וואָס ער האָט גענומען אויף דער עלטער. האָט ער שווער געמאַכט זיין יאָך אויף זיינע אַרבעטסמענטשן, די פויערים און אַרבעטער, און האָט מיט זיי שווער געאַרבעט. און ס'איז געווען, אַז זיי האָבן שוין נישט געקענט איבערטראָגן זייער פיין, און זיי האָבן זיך צענויפגעזאַמלט צו שמורן, ווי זיי וואָלטן זיך פאַר אים געקלאָגט אויף דעם שלעכטס, און זיי האָבן צו אים גערעדט בייזע רייד אַזוי צו זאָגן:

—דיין ווייב דבורה איז געווען אַ גאָטספראָכטיקע, וואָס האָט זיך דערבאַרעמט אויף אירע אַרבעטסמענטשן און האָט זיי געגעבן זייער באַדערפעניש, בענטשן מיר טאַקע איר אָנדיינק. און איצט איז געקומען אַ מענטש פון אפרים, אַ בייז האַרץ, וואָס איז ווייט פון גערעכטיקייט און דערבאַרמונג, און מיר זיינען געבויגן צו דער ערד. מיר טוען דאָך דיין אַרבעט מיט די לעצטע קרעפטן, און מיטן שווייס פון אונזערע פנימער טרינקען מיר אָן דיין ערד, און אויף דיר טוען וויינען די ביימער. וואָרום דו עסט אויף אונזערע קרעפטן, און אונזערע ווייבער מיט די קינדער גייען אויס פון הונגער. דו ווערסט פעט פון אונזער אַרבעט, און מיר דאַרן און קוואַרן.
—אוי איר שענדלעכע קנעכט, וואָס שטייען אויף קעגן זייערע האַרן!—האָט שמור זיך צעשריען אויף זיי מיט גרויס צאָרן—שווייגט און פאַרמאַכט דאָס מויל, וואָרום איך וועל דרייען אייער לייב מיט דערנער!
—אונזער לייב איז מאָגער און טרוקן, מיט איין בלאָז פליט עס אַוועק—האָט איינער געענטפערט—ס'איז אונז שוין מער נישט געבליבן ווי די הויט, וואָס איז שוואַרץ געוואָרן פון הונגער.

—אוי דו רייכער מיט דעם שטיינערנעם האַרץ—האָט אַ צווייטער געענטפערט—זאַמל דיר נישט אָן אַזוי פיל פערד, דיינע פערד זיינען פעט און מיר—פאַרדאַרט און מאָגער, קויף נישט אָן אַזוי־

פיל פערל און צירונגען פאַר דיין ווייב, ווען אונזערע ווייבער זיינען הונגעריק נאָך אַ שטיקל ברויט. דיין ווייב גייט אויף אויף די בערג צו גיסן גיסונגען פון בלוט פון אָרימעלייט און פון שווייס פון געדריקטע, און אונזערע טעכטער גייען אָפּ מיט טרערן פון הונגער און לייד; מיר זיינען דאָך אַזעלכע מענטשן חי דו, געשאַפן אין גאָטס פאָרם, און ווי אַזוי האָסטו אַזאַ האַרץ צו אונז, פאַרגעסט אונזער אָרימקייט און פיין? וואָרום פון דעם טאָג, וואָס ס'איז געשטאָרבן די וואוילטעטערין דבורה, וואָס האָט געוועלטיקט איבער איר גאַנץ פאַרמעגן, האָסטו באַשווערט אונזער יאָך, און ווער רעדט נאָך אַצינד, ווען דו האָסט געבראַכט אין דיין שטוב אַריין אַ יונג, שיין מיידל, וואָס האָסט זיך גענומען אויף דער עלטער, און פון גרויס ליבע צו איר האָסטו פאַראַכט אַלע מענטשן און אַ מענטש איז ביי דיר גאָרנישט גערעכנט!

—אוי שטומע הינט!—האָט שמור געענטפערט מיט גרימצאָרן—און ווער האָט אייך געגעבן אַ מויל צו ריידן מיט די שטירדעס?

דאָס האָט ער געזאָגט און געשיקט רופן די שטאָט-שומרים (פּאָליציאַנטן) כדי זיי צו באַשטראָפן, נאָר די שטאָט־ריכטער האָבן אים נישט געהערט. איז ער געגאַנגען זיך פאַרקלאָגן פאַרן קעניג יותם, האָט אים דער קעניג געענטפערט אַזוי צו זאָגן:

„אַזוי איז עס שוין היינטיקע צייטן. פאַרהאַנען אַ סך קנעכט
וואָס שטייען אויף קעגן זייערע האַרן"
און שמור האָט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט מיט די ווערטער,
און ער איז אַהיימגעקומען מיט גאָרנישט.

און איך בין געפאַלן אויף אַזאַ פאָרטל: כ'האָב אונטערגעשטעלט איינעם פון שמורס קנעכט, וואָס זאָל באַריידן קטורהן פאַר אים און זאָל אים זאָגן, אַז זי איז מיין געליבטע אין געהיים. און ער זאָל אים אָנריידן ער זאָל איר אויספּרובן, כדי ער זאָל זען מיט זיינע אויגן די פעלשונג, וואָס זיין ווייב פעלשט אין אים. און שמור האָט געקריצט מיט די ציין הערנדיק דאָס, און

האָט געזאָגט צו זיין קנעכט:

—געדיינק, אַז דו האָסט באַרעדט דיין האַרינטע, און אויב דו האָסט געזאָגט ליגן, וועל איך מאָנען איר שאַנד פון דיר און וועל דיך קעפּן.

און דער קנעכט האָט אים געענטפערט, ווי איך האָב אים אויס־געלערנט און געזאָגט צו אים.

—פּרוב מיין האַר, זאָג איר, אַז דו פאָרסט אַוועק אין אַ ווייטן וועג, דו אָבער וועסט זיך באַהאַלטן אין דיין הויז, און דו וועסט זען מיט דיינע אויגן, אַז מיינע רייד זיינען אמת.

און שמור האָט אַריינגערופן זיין טאָכטער מרים אין זיין שאַף־צימער, דאָסדאָזיקע צימער איז געווען נעבן זיין שלאָפצימער און דאָרט האָבן זיך געפונען גאָלדענע כלים, פּערל און טייע־רע שטיינער. אין דעם צימער איז קיינער נישט אַריינגעקומען, ווייל דעם שליסל האָט ער שטענדיק געהאַט ביי זיך. און קטורה איז דעמאָלט אינדערהיים נישט געווען, און צו מרימן האָט ער געזאָגט:

—אמת זיינען די רייד פון נביא, דעם מענטשנס פיינט זיינען זיינע הויזלייט, און פון דיין ווייב זאָלסטו היטן דיין מויל. און איך בין זיכער אין דיר, טאָכטער מיינע, אַז דו וועסט שווייגן און צוקוקן, וואָס איך וועל אָפּטאָן די פעלשער מיינע. איך וועל אומישנע זאָגן, אַז איך גיי דיר אַוועקפירן אין מיין לאַנד אַריין, כדי דיר צו געבן צו דעם, וואָס איך האָב פאַר דיר אויסגעוויילט. און דו זאָלסט נישט פאַרכטן, אַז וועסט מיט מיר נעכטיקן אין דעם צימער.

און מרים, וואָס האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל טאָן, האָט געזאָגט:

—ווי עס טוט וואוילגעפעלן אין דיינע אויגן, פאָטער מיינער, אַזוי וועל איך טאָן.

צומאָרגנס האָט שמור געזאָגט צו קטורהן:

—איך פאַרלאָז דיך, טויב מיינע, אויף עטלעכע חדשים, וואָרום איך וועל אַוועקפירן מיין טאָכטער קיין שומרון, כדי זי צו געבן צו זכרון.

און קטורהס האַרץ איז געוואָרן דערציטערט פון פרייד הערנ־דיק דאָס. נאָר מיט אירע פאַלשעריידעלעך האָט זי געזאָגט:

—ווי צעטומלט איך בין, הערנדיק דאָס פון דיין מויל, אַז דו דער האַר פון מיין יוגנט, וועסט ערגעץ וואַנדערוועןן און איך וועל זיצן איינזאַם און טרויעריק אינדערהיים. איך וועל ציילן יעדן טאָג ווי אַ יאָר, ביז איך וועל דאָס גליק דיך צו זען.

פאַרנאַכט איז שמור אַרויסגעגאַנגען פון ירושלים, דורכן טויער פון אפרים, ער מיט מרימן. און זיי האָבן זיך פאַרשטעלט און צוריקגעקערט. און געקומען דורך דעם פישטויער אין שטאָט אַריין. און מרים האָט זיך פאַרדעקט מיט אַ שלייער, און שמור האָט איינגעהילט זיין פנים אין זיין מאַנטל, און זיי זיינען גע־קומען אין זייער הויז אַריין. און דער געטרייער קנעכט, וואָס האָט שמורן דערציילט וועגן קטורהן, האָט אַלץ דורכגעפירט מיט שכל און קלוגשאַפט, און שמור האָט געעפנט די טיר פון שאַצצימער, וואָס די טיר איז אַרויסגעגאַנגען אין גאָרטן, און איז אַהין אַריין שטילערהייט מיט זיין טאָכטער מרים.
און קטורה—נאָך דעם ווי איר מאַן איז אַרויסגעגאַנגען פון ירושלים, האָט אָנגעטאָן אירע טייערע קליידער, האָט זיך אונ־טערגעשוואַרצט די אויגן, האָט באַנוצט אַ סך בשמים, און האָט מיך אַריינגערופן אין איר צימער און אָנגעהויבן איינריידן, אַז איך זאָל איר געבן מיין האַנט און ווערן איר מאַן אויפן אָרט פון שמורן, וועלכן זי קען נישט אָנקוקן. און זי האָט מיר צוגעזאָגט צו צונעמען דאָס גאַנצע זילבער און גאָלד, וואָס געפינט זיך ביי שמורן אין הויז און צוזאַמען מיט מיר אַוועק אין לאַנד מואב, וואו עס געפינען זיך די פאַרוואַנדטע פון איר מוטער און דאָרט וועט מיר שמורס האַנט נישט דער־גרייכן.
דאָס אַלץ האָט שמור געהערט אין זיין שאַצצימער און ער האָט זיך שוין מער נישט געקענט איינהאַלטן, און מיט גרויס צאָרן האָט ער זיך אַריינגעבראָכן אין קטורהס צימער, האָט איר אָנ־

געכאַפּט פאַר די האָר און זי געגומען טרייסלען און ווי אַ קרי-
כעדיקן וואָרעם זי מיט די פיס צוטרעטן. אָבער מרים האָט איס
אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און האָט אים נישט דערלאָזט צו פאַר-
גיסן קיין בלוט. און זי האָט אים געבעטן צו פאַרבאָרגן איר
שאַנד. צו געבן איר אַלע טייערע קליידער און זי אַוועקשיקן
אין איר לאַנד און צו איר פאָלק.

אַזוי ווי מרים רעדט אַזוי, און עזריקם, דער אויפזעער פון קע-
ניגלעכן הויז, איז מיט אַ מחנה שוטרים אַריין אין צימער. און
שמור און מרים זיינען פון דעם געוואָרן שטאַרק דערשטוינט,
דערשראָקן און דערציטערט. און עזריקם האָט געענטפערט און
געזאָגט צו שמורן:

—אַ בונט איז געפינען געוואָרן אין דיין הויז אין הויז פון ווי-
דערשפעניגונג. און אַזוי ווי דו, אַזוי איז אויך די וואָס וואוינט
מיט דיר—די אויסגעלאַסענע פרעכע פרוי, וואָס שטייט ביי דיין
רעכטער האַנט, פאַרנאַרט יונגעלייט אין נעץ פון זינד. און זי
האָט געמאַכט דיין הויז פאַר אַ היכל פון שלאַנגען, וואָס באַטריבט
דעם קעניג מיט זייערע שלעכטע מעשים; זיי אָבער וועלן ווי
טריקן גראָז פאַרשניטן ווערן. און איצט זע, שמור, אַז דו האָסט
זיך אַליין אויסגעגעבן, וואָרום אָט דער עוזיאל מיט זיין ריי-
נעם האַרץ איז אַ צווייג פון קעניגלעכן שטאַם, ער איז באַגלייבט
צו גאָט און צו זיינע הייליקע, און ער איז געזעסן מיט פאַלשע
מענטשן נאָר כדי צו אַנטפּלעקן זייערע געהיימע זאַכן. און גאָט
וועט דיר איצט באַצאָלן ווי דיר קומט; דו, שמור, האָסט גע-
פעלשט אין קעניג און דיין ווייב האָט אין דיר געפעלשט. און
דער קעניג וועט זיך פרייען מיט גאָט, און די קינדער פון ציון
וועלן יובלען מיט זייער קעניג, און דיין גוטע טאָכטער וועט
היינט דערפרייט ווערן מיט עוזיאלן איר באַשערטן און ער וועט
ירשנען דאָס פאַרמעגן פון איר מוטער; אַזוי איז דער באַפעל
פון קעניג. און נאָך היינט וועט דיין טאָכטער אויסגעלייזט ווערן
פון פינסטערן טאָל און מיט פרייד און יובל וועט זי געפירט
ווערן אין הויז פון אירע פאַרגעניגנס, און דיינע אויגן וועלן
עס צוזען און וועסט זיך נישט קענען העלפן, וואָרום דיין הויז

ווערט זיין אַ תפיסה פאַר דיר און פאַר דיין ווייב אויף וועלכער עס ברענט דיין צאָרן, און מיט דיינע אויגן וועסטו צוקוקן די פּלאָג פון דיין האַרצן און דיינע אָפענע וואונדן, און וועסט אָפּקומען דיין שאַנד טעג און יאָרן.

און מרים, אַז זי האָט דערהערט דאָס, אויף וואָס זי האָט זיך גאָרנישט געריכט, אַז איך שטאַם אַרויס פון דער קעניגלעכער פאַמיליע און בין אַ פאַרוואַנטער פון עזריקמן, איז זי אַזש דערציטערט געוואָרן פון פרייד. און זי האָט געגענט צו עזריקמן און האָט געזאָגט:

—כ'בעט דיך, מיין האַר, דערלויב מיר צו ריידן פאַר מיין פאָטער, וואָרום איך בין דאָך זיין טאָכטער. און דו, מיין האַר, ביזט זייער האַרט צו מיין פאָטער. פאַרגיב מיר דאָס מאָל און קער מיר אום די פרייד מיינע, וואָרום ווי אַזוי וועל איך קענען צוקוקן די שאַנד פון מיין פאָטער?

—דו ביזט ווערט געליבט צו ווערן—האָט עזריקם געענטפערט—וואָרום דו רעדסט גוט פאַר דיין פאָטער; זיי אָבער וויסן, געליבטע פון מיין פאַרוואַנדטען, אַז דער קעניג וועט נישט לייטזעליקן קיין שום פאַררעטער און וועט נישט פאַרמיידן קיין גוטס צו די, וואָס זיינען אים געטריי. זאָלסטו שוין, די מינוט, צוזאַמען מיט דיין אויסדערוויילטן פאַרלאָזן דעמדאָזיקן פינסטערן טאָל. די נחלה פון דיין מוטער קער דאָך צו אייך, און איר וועט נאָך באַקומען געשאַנקען פון קעניג.

אַזוי ריידנדיק האָט ער מיך אָנגענומען ביי דער האַנט און מיך געגענט צו מרימן, און האָט געזאָגט:

—נעם דיין האַרצנסגעליבטע און גיי פון דאַנען.

און קטורה אַז זי האָט געזען ווי עוזיאל, דער ליבהאָבער אירער האָט אויף איר די נאַכט איבערגעקערט, האָט זי זיך צעברומט ווי אַ ווילדע חיה, וואָס איז געפאַנגען געוואָרן אין קלעטקע, און קריצנדיק מיט די ציין האָט זי געזאָגט צו מיר.

—גיי גיי דו פאַרדאָרבענער, גיי גיי, דו בלוטיקער מאַן, און דו וועסט ווערן פייער און מרים שטרוי און איר וועטביידע

ברענען באַנאַנד, מיין גאָט כמוש וועט אייך נאָכיאָגן מיט זיין נקמה־שטורם!
און זי האָט צוגעזאָגט געשאַנקען צו כמוש איר גאָט און אַלע, וואָס זיינען דערביי געשטאַנען האָבן געלאַכט פון איר.
און שמיר האָט זיך געפליקט די האָר פון קאָפּ, און צוריקם האָט געזאָגט צו די שוטרים:
—שטעלט אַוועק אַ וואַך איבער שמירן און זיין ווייב: וואָרום זיי זיינען די געפאַנגענע פון קעניג, און נאָר צוליב עוזיאלן זאָלט איר זיי נישט איינזעצן אין תּפיסה מיט אַלע פאַרברעכער.

דאָס האָט ער געזאָגט און זיך אומגעקערט אַוועקצוגיין. מיר מיט מרימען האָט ער אַרויסגעשיקט פאָרויס. און ער האָט גע־נומען און אונז געבראַכט אין טייערע פּאַלאַצן, וואו ס׳איז פריילעך און ליכטיק, יובל און געזאַנג. וואָרום האַרן און שפּי־לער האָבן אונז אויפגענומען מיט לידער און מיט אויסגעשרייען:

—פיל פרידן צו דיר, עוזיאל דער האַר אין יהודה! לייטזעלי־קייט און פרידן צו דיר, שיינע, צאַרטע מרים, ביזט אונזער שוועסטער. עס זאָל פון דיר אַרויסקומען טויזנטער און צענער־טויזנטער!
און איך האָב צו מיר פאַרקנסט מרימן און אונזערע הערצער זיינען פאַרבינדן געוואָרן. אונזערע טעג זיינען דורכגעשווימען, ווי אַ זיסער פרידלעכער טייך. און שמירן האָבן מיר נישט גע־זען, פאַר דער צייט, וואָס ער איז מיט קטורהן געווען אונטער אַ וואַך אין זיין אייגן הויז.
אין אונזער רואיקייט אָבער האָט זיך אַריינגעמישט פאַרוואָגלע־נישן און מיר האָבן זיך געשראָקן. וואָרום אויף אונז האָט גע־לאָקערט דער צאָרן פון אחז דעם קעניגס זון, דערפאַר, וואָס מרים האָט אים נישט געוואָלט. דאָס זיינען דאָך די רייד וואָס ער האָט גערעדט מיט גרימצאָרן:
—ס׳וועט קומען דער טאָג ווען איך וועל זיצן אויפן טראָן, און

וועל אויסראָטן עוזיאלן און זיינע קינדער, וואָס מרים וועט אים געווינען.
אַ לאַנגע צייט איז שמיר געזעסן מיט זיין ווייב, די פּלאָג פון זיין האַרצן, איז אָפּגעקומען זיין שטראָף און מיט ביטערע קללות געפליכט מיר און זיין טאָכטער מרים, מיין געליבט ווייב. און ער האָט זיך נישט באַדיינקט אַזוי צו זאָגן: דאָס האָב איך זיך דאָך אַליין פאַרדינט, וואָרום איך אַליין האָב פאַרקרומט מיינע וועגן, און פאַרוואָס זאָל מיין האַרץ צערנען אויף מיין גלוסטיקע טאָכטער און איר מאַן?—אָבער נישט אַזוי האָב איך אים אָפּגעצאָלט. אין אַ יאָר אַרום, ווען מיין ווייב מרים האָט מיר געוואונען אַ זון און ס׳האָט זיך געשטאַרקט מיין פרייד, האָב איך געבעטן פון קעניג יותם, ער זאָל פריי לאָזן מיין שווער, און דער קעניג האָט גענייגט צו מיר זיין גענאָד און געזאָגט צו מיר:
—נור דיר צוליב און דיין גוט, פרום ווייב צוליב, באַפרידיק איך דיין פאַרלאַנג פריי צו לאָזן דיין שווער. נייערט ווייטער פון דער מויער, וואָס רינגלט אַרום די שטאָט, זאָל ער נישט אַרויסגיין, וואָרום אין דעם טאָג, וואָס ער וועט אַרויסגיין פון דער שטאָט, וועט ער געטויט ווערן. און דו, וואָס דורך דיר איז ער געקומען אין געפאַנגענשאַפט, גיי און באַפריי אים.

און מיט גרויס פרייד האָב איך גאָט געדאַנקט, האָב געקניט און זיך געבוקט צום קעניג, בין געלאָפן צו מיין שווער, האָב אים אָנגעזאָגט דעם קעניגס גענאָד און ער האָט מיר נישט געענטפערט. כ׳האָב אים דערציילט פון חסד וואָס זיין טאָכטער האָט מיט אים געטאָן, אַז זי האָט אים אַוועקגעשיינקט דאָס גרויסע הויז אין וועלכן ער האָט געוואוינט און דעם טייערן גאָרטן, וואָס איז ביי דעם הויז. און ער האָט אפילו נישט גע־קוקט אין מיין זייט, אַזוי צאָרנדיק איז ער געווען אויף מיר. און נאָכדעם ווי איך האָב אַלץ אָפּגעטאָן און האָב דערציילט פאַר מרימען וועגן זיין צאָרן, האָט זי מיך געבעטן, איך זאָל אים מער נישט אָנקוקן. און שמיר איז געוואָרן פריי און האָט

פאַרטריבן קטורהן פון זיין הויז.

איך האָב דיר דאָך שוין דערציילט, אַז שמיר האָט ליב געהאַט אַ סך ווייבער אין אפרים, ווען ער פלעגט אויפגיין קיין בית־אל. אַזוי איז אַמאָל געקומען צו אים איינע אַ פרוי און אויף די הענט געטראָגן אַ זון, וואָס זי האָט צו אים געווינען. און זי האָט זיך געבעטן ביי אים ער זאָל צו זיך צונעמען זיין זון. האָט שמיר באַפוילן זיינע קנעכט, זיי זאָלן שלאָגן די אומגליקלעכע פרוי, זי צעשלאָגן און אַרויסטרייבן. און די פרוי, אַ גאָטספּראָכטיקע, איז אַוועק פון אים, די הענט אויפן קאָפּ פאַרבראָכן און גערופן צו גאָט, וואָס איז זיך נוקם, ער זאָל אים אָפּצאָלן פאַר דער שאַנד אירער, און דער נאָמען פון איר קינד איז צדקיהו, און מיין ווייב מרים האָט איר געגעבן אַ געלט־געשאַנק און זי מיט פרידן אַוועקגעשיקט.

און שמיר, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרטריבן קטורהן, האָט ער זיך גענומען אַ פרוי פון שמרון, וואָס איז אַ פאַרוואַנדטע צו דיין ווייב און צו איר שוועסטער יהושבע דאָס ווייב פון אלקנה. וואָרום זי איז אַ שוועסטער פון דיין שווער עזריהו.

אַז ער האָט גענומען דידאָזיקע, לעצטע פרוי, האָט ער געזוכט זיך צו דערנענטערן צו אלקנהן און יהושבען, כדי אָפּצוקערן זייער האַרץ פון מיר, און כדי מיר קאַליע מאַכן פאַרן קעניג, וואָס איז געווען צו מיר וואוילגענייגט; אָבער אומזיסט האָט שמיר זיך באַמיט מיר שלעכטס צו טאָן, וואָרום איך בין געווען באַגליבט אין גאַנצן הויז פון קעניג, און עזריקם, מיין פאַרוואַנדטער—דער אויפזעער פון קעניגלעכן הויז, און אלקנה, וואָס איז געווען שני־למלך, האָבן מיך ליב געהאַט.

און שמירס ווייב האָט אים געווינען אַ טאָכטער און איר נאָמען איז עדה, און שמיר האָט זי ליב געהאַט, וואָרום זי איז אים געבוירן געוואָרן אויף דער עלטער. און שמירס ווייב און יהושבע, ביידע פון אפרים, האָבן זיך געפּרובט אָפּצוקערן מרימס האַרץ פון מיר און מרים האָט זיך גאָרנישט צוגעהערט צו זייערע פאַלשע רייד. און וואָס מער יענע האָבן געוואָלט זי שיידן פון מיר, אַלץ מער איז זי צו מיר צוגעבונדן געוואָרן מיט אייבי־

קער ליבשאַפט, וואָרום זי האָט געזען מיין גרויס ליבשאַפט צו איר.

און דער איינזאַמער איז שטיל געוואָרן, וואָרום ער איז געוואָרן צערודערט און נישט געקענט ריידן. און ער האָט זיך אָפּגעקערט פון חברונער און האָט איינגעהילט זיין פּנים אין טאַנטל. אַ ווײַלע איז ער געזעסן, ווי שטום און די טרערן זייַנען געריגען פון זיינע אויגן. און דער חברוינער האָט אים אויסגערעדט, האָט אים געטרייסט און געזאָגט: גאָט וועט דיר נאָך צוריקקערן דיין פרידן און וועט דיר צוריקברייננגען אין דער שטאָט פון דיין גליק און צו מרימן, דיין ליבע און טייערע.

און דער איינזאַמער האָט אויפגעהערט צו וויינען און האָט געזאָגט:

—גאָט האָט געמאַכט אַ סוף צו די טעג פון מיין ליכט און גליק, ווען ס'איז שלאַף געוואָרן דער קעניג יותם, וואָס האָט געדיינקט מיין איבערגעגעבנקייט און טרייקייט צו קעניגלעכן הויז. ווי ווי! מיין האַרץ שרייט נאָך יותמן, אוי האַר! און ווי אויף זיין פּראַכט! וואו איז דער גערעכטער הערשער און וואו איז זיין רעכטפאַרטיקייט!

ס'איז געווען אַ שוואַרצע פינסטערע נאַכט. אַ נאַכט פון וואָלקן און נעפּל, און עזריקם, מיין פאַרוואַנדעטער, דער אויפזעער פון קעניגלעכן הויז, האָט זיך פאַרשטעלט און געקומען צו מיר אין הויז. זיין אַריינקומען איז אונז זייער טייער געווען, וואָרום דאָס איז געווען אַנדערע מאָל, אַז מיר האָבן אים געזען ביי אונז אין שטוב, נאָכדעם ווי ער איז איינמאָל געווען זיך צו פרייען מיט אונז אויף אונזער חתונה. דעריבער זיינען מיר אים אַקעגנגעלאָפן און עזריקם איז געווען שטאַרק צעטראָגן, אין זיין פּנים איז געווען צו דערקענען, אַז ער וועט עפּעס גרויזאַמעס אָנזאָגן, און אויפהייבנדיק די האַנט צו מיר, האָט ער גיך גערופן אַריינצוגיין מיט אים אין אַ באַזונדער צימער. און מרים איז דערשראָקן געוואָרן, אַ ציטערניש האָט איר אָנגעכאַפּט. און אַז איך האָב אַריינגעבראַכט דעם האַר אין מיין

שלאָפצימער, האָט ער געענטפערט און געזאָגט צו מיר:
—דער שטערן פון יהודה האָט אויפגעהערט צו לייכטן. אַ גאַנ־טיקער שטערן וועט אים פאַרבייטן און וועט פינצטער מאַכן אין אונזער לאַנד. און דו, דו ווייסט דאָך דעם צאָרן וואָס אחוז טראָגט אויף דיר שוין לאַנג, און איצט האָב איך זיך דער־וואוסט, אַז עס וועלן אויפשטיין אויף דיר פאַלשע עדות און וועלן עדות זאָגן אויף דיר אַזוי: עוזיאל האָט געלעסטערט גאָט און דזעם קעניג! און איך וועל נישט קענען דיך באַשיצן, ווייל דו ביסט מיין פאַרוואַנדעטער. דעריבער פאַרזאָרג אַלץ אין דיין הויז, און אייל דיך אַנטרונען צו ווערן אין לאַנד פון מואב. און וועסט זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן און איך וועל דאָ זיין ווי אַן אויסקוקער, וועל אויספאָרשן דאָס האַרץ פון קעניג און וועל וויסן וואָס דיר מיטצוטיילן גוטס צי שלעכטס, און אויב דו וועסט זען, אַז דו קענסט נאָר דערוואַרטן שלעכטס פון קעניג, זאָלסטו וויסן, אַז גאָט האָט אַזוי באַפוילן: שטיי אויף און אַנטלויף מיטן לעבן!
דאָס האָט ער געזאָגט און ער האָט געאיילט, איז אַרויס פון מיין חדר. איך—נאָך אים. און מרים וואַרט שוין אויף מיר און זי האָט דערזען, ווי אַ פינצטערע שרעק איז מיך באַפאַלן און פון מיין פנים האָט זיך אָפּגעטאָן די שיינקייט, האָט זי פאַר־בראָכן די הענט און געזאָגט:
—אַ פלוצלונגע פייל איז אָנגעלאָפן, און איך ווייס נישט פון וואַנען זי פליט און וואו זי וועט פאַלן.
און עזריקם האָט צוריקגעקערט צו אונז און געזאָגט:
—דאָפּלט איז די צרה אויב מען ווערט צערודערט אין אַ טאָג פון אַ צרה, דעריבער שטאַרקט זיך, איילט און טראַכט צו אַן עצה, איך וועל זיך איילן אַוועקצוגיין און קיינער זאָל נישט וויסן, אַז איך בין דאָ געוועזן, וואָרום דאָס קען פאַר מיר שלעכט זיין.
דאָס האָט ער געזאָגט און איז אַוועק.
און מרים איז מיר געפאַלן אויפן האַלז, ווי זי וואָלט זיך גע־

וואָלט אָן מיר אָנהאַלטן, און זי האָט אויפגעהויבן איר קול און געוויינט און געזאָגט:

—זאָלסט נישט, מאַן מיינער, קרוין פון מיין קאָפּ, זאָלסט נישט באַהאַלטן די פּיין פון מיר. איך זע ווי דו ביזט דערשראָקן און דערשלאָגן, קענסט זיך קיין ראַט נישט געפינען און איך גיי אויס פון שרעק. זאָג זשע מיר, מאַן מיינער, וואָס איז די סבה פון דער צעמישעניש און לאָמיך אויך וויסן.

און איך האָב נישט געקאָנט אויסהאַלטן, זעענדיק ווי מרים גייט אויס, און איך האָב זי געהאַלזט צווישן מיינע אָרעמס און האָב איר דערציילט די רייד פון עזריקמן.

מרים, מיין צאַרט איידל ווייב, אַז זי האָט דערהערט פון מיר די שרעקלעכע זאַך, האָט זי אויפגעהערט וויינען און האָט גע־שטאַרקט מיין האַרץ, און האָט אַלץ איינגעאָרדנט מיט שכל און פאַרשטאַנד, און איידער ס'איז געקומען דער פרימאָרגן—און איך בין שוין נישטאָ אין ציון. און מרים האָט מיך באַגלייט ביז צום גרענעץ פון שטאָט, און איידער זי האָט זיך מיט מיר געשיידט האָט זי צו מיר געזאָגט:

—אויב דו וועסט זיך דערווייטערן, מאַן מיינער, צו וואַנדערן ביז עק וועלט, וועסטו זיך פון מיין האַרץ נישט דערווייטערן: וואָרום דיין געשטאַלט וועט שטענדיק גיין מיט מיר און צו דיין נאָמען און צו דיין אָנדענק טוט גלוסטן מיין האַרץ.

—און דיין געשטאַלט וועט מיך פירן,—האָב איך איר געענט־פערט, האַלזנדיק זי צווישן מיינע אָרעמס, האָב איר אָנגעקושט, זי אָנגעזעטיקט מיט מיינע טרערן און בין אַוועק.

ס'איז גאָרנישט צום אויסדערציילן, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט פון דעמאָלט אָן, און נאָר אַ טייל האָב איך דיר דערציילט און אַ סך פאַרהוילענע זאַכען האָב איך פון דיר פאַרהוילן, און ביי גאָט באַשווער איך דיך צו פאַרבאָרגן, דאָס אַלץ פון יהושבע'ן: וואָרום אחז איז דער קעניג פון ציון, און דאָס האַרץ פון אַ פרוי איז נישט קיין באַהעלטעניש פאַר אַ סוד און פאַר יעדער

געהיימער זאַך. זע זשע, מיין באַגליבטער מענטש, אַז איך בין ביי דיר אין דער האַנד.

—זאָלסט נישט קיין מורא האָבן, האַר מיינער—האָט מנוח געענטפערט—איך האָב דיר דאָך געשוואוירן ביי גאָט צו פאַרבאָרגן דיינע רייד. און דו זאָלסט קיין מורא נישט האָבן צו קומען צו מיר, וואָרום יהושבע, אַז זי וועט אַהער קומען, וועט זי דיך נישט דערקענען: וואָרום פון זינט דו ביזט אַוועק פון ירושלים, איז דאָס געשטאַלט פון דיין פנים פאַרענדערט געוואָרן. דעריבער באַרואיק זיך, חבר מיינער, און זאָלסט זיך נישט פאַרמיידן פון צו קומען צו מיר צו דער משפחה־סעודה, וואָס איך וועל צוגרייטן אין מיין הויז, אויף אויפצונעמען מיין נייע ווייב און איר שוועסטער די האַרינטע יהושבע. ווען זי וואָלט געוואוסט, אַז דו ביזט דאָ, וואָלט זי זיך מיט דיר שטאַרק געפרייט, וואָרום דיין אָנדיינק איז זייער טייער ביי איר, ווי דו וועסט עס הערן מיט דיינע אייגענע אויערן, אַז זי וועט ריידן מיט דיר; דו האָסט מיך אָבער באַשוואוירן איך זאָל עס פון איר פאַרבאָרגן און איך וועל מיין שבועה נישט פאַרשוועכן. קום אין מיין הויז און וועסט זען אַ רואיק צופרידן וואוינונג און הערצער, וואָס פאַרלאָזן זיך אויף גאָט; מיין זון צפניה און שולמית זיין שוועסטער פון איין מאַמען, וועמענס אָנדיינק עס וועט זיך נישט אָפּטאָן פון מיין האַרצן, וואָרום אירע קינדער זיינען געראָטן אין איר; און ווי דערהויבן עס איז די פירונג פון שולמית און ווי גרויס עס איז דער געננאַד פון איר יוגנט, וואָרום ווען זי איז געווען אין גלעד האָט זי זיך דאָרט באַקאַנט מיט חפציבה, וואָס איז אַהין געקומען זיך היילן ביי די רופאים, און שולמית האָט זי פאַרבעטן צו מיר אַהיים, און האָט איר געפפלעגט פון איר קראַנקהייט דריי חדשים. און אין דער צייט האָט מיר די פרוי אויסדערציילט אַלע אירע ווייטאָקן, וואָס זי איז זיך אויסגעשטאַנען פון קטורהן די פרוי פון שלעכטס און בייז, ביז וואַנען דער נעגער, איר ליבהאָבער, האָט איר צוגעבונדן צום בוים. און זי האָט דערציילט פון דער הילף, וואָס עס האָט איר געבראַכט אַ מאַן פון יהודה, וואָס איז

איר באַקאַנט מיטן נאָמען עוזיאל. זי בענטשט דאָך שטענדיק זיין נאָמען. איצט אַ חודש, אַז זי איז פון דאַנען אַוועקגעפאָרן צוריקצוקערן קיין גלעד. און איידער זי האָט זיך געשיידט פון שולמיתן האָט זי געזאָגט:

–מיט וואָס זאָל איך דיר אָפּצאָלן, פאַר אַלץ, וואָס דו האָסט מיט מיר געטאָן, וואָרום אַ סך האָסטו פאַר מיר געטאָן?

און שולמית האָט צו איר געזאָגט:

–בעט גאָט פאַר מיין טייערן, און זאָל דאָס זיין דער דאַנק דיינער.

און כּדי דו זאָלסט פאַרשטיין דעם באַשייד פון אירע ווערטער, וועל איך דיר דערציילן: ווען שולמית איז געוועזן אין גלעד האָט זי געזען צווישן די געפאַנגענע, וואָס רצין האָט געפירט פון יהודה, אַ גלוסטיקן בחור, און זי האָט געוויינט אויף אים, וואָס ער גייט אַוועק און וועט שוין נישט אומקערן אין זיין געבורטלאַנד אַריין. און פון דעמאָלט אָן בעט זי פאַר אים צו גאָט פאַרנאַכט און אינדערפרי, און אַזוי ווי זי ווייסט נישט זיין נאָמען רופט זי אים „מיין טייערער". נאָר אַזוי ווי איך רעדט שוין פון בחורים פון יהודה, וועל איך דיך פרעגן אויף דיין זון, וואָס האָסט געלאָזט מרימן, צי ווייסטו וואָס ער טוט?

–און פון וואַנען זאָל איך וויסן, וואָס עס טוט זיך מיט אים?– האָט דער איינזאַמער געענטפערט–און איך בין גרייט צו קומען אין דיין הויז מאָרגן און דיך בענטשן אין גאָטס נאָמען.

און דער חברונער האָט געזאָגט:

–איך האָף, אַז פון אַצינט אָן וועלן מיר זיך זען אַלע טאָג און צוזאַמען שמועסן

אַזוי זאָגנדיק האָט ער זיך אויסגעקערט אַראָפּצונידערן דורך דעם שטריק־לייטער, עוזיאל האָט אים באַגלייט, האָט זיך מיט אים געזעגנט און ער איז אַוועקגעגאַנגען.

# ד.

דער חבֿרונער האָט צוריקגעקערט אין זיין וואוינונג, האָט באַטראַכט זיין היים און זיך געפרייט אויף דעם נייעם הויז, וואָס ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אויסגעצירט און דאָס צוגע־ברייט אויף צו באַזעצן דאָרט זיין נײַ ווייב, די טאָכטער פון עזריהו און די שוועסטער פון דער האַרינטע יהושבע, דאָס ווייב פון אלקנה, דעם שני־למלך.

די זייגערין פון שולמית האָט דעם גאַנצן טאָג צוגעגרייט זיסע זאַכן און גלוסטיקע מאכלים פאַר דער נייער האַרינטע, און שולמית העלפט איר צו און פון איר טיפן האַרצן ברעכן אַלע ווילע אויס שווערע זיפצן, און די טרערן באַווייזן זיך אויף אירע שיינע באַקן, ווי טראָפּנס טוי אויף אַ צעוואַקסענער רויז.

—טו עס נישט, טאָכטער מיינע—האָט צו איר געזאָגט איר זיי־גערין—צעווייטאָק נישט דיין פאָטערס האַרץ מיט דיין טרויריק געמיט, ווארום נישט ער איז שולדיק אין דיין מוטערס שטאַרבן. ווען דאָס וואָלט זיך אָן אים געווענט, וואָלט ער אַוועקגעגעבן

זיין גאַנץ פאַרמעגן אויף צו ראַטעווען זי פון טויט. ער האָט דאָך ליב געהאַט דיין מוטער מיט אַ שטאַרקער, אייביקער ליבע, ווי דו אַליין האָסט עס געזען.

—ווער וואָלט געבן און דער טרויער פון מיין האַרצן זאָל ווי די נאַכט פאַרשווינדן—האָט שולמית געענטפערט—צי טו איך עס דען מיט מיין ווילן? מיין האַרץ טוט דאָך בענטשן דעם פאָטער מיינעם, און זיין פרייד איז דאָך מיר די טרייסט פון מיין טרויעריקייט. אָבער מיין האַרץ טוט שרייען צו „מיין טייערן״, דעם גלוסטיקן, פאַרפלאַנצטן אייל־בירטבלוים, וואָס די הענט פון רוצחים האָבן אים אויסגעריסן פון זיין פעטער ערד, צו פאַרפלאַנצן אים אויף פרעמדער ערד; מיט חן און מיט געבעט האָט ער דאָך געקוקט אויף מיר.

דער טאָג איז אַוועק, די נאַכט איז צוגעפאַלן, און די איינוואוינער פון לבנון האָבן זיך דאָס מאָל געלייקט פרי, כדי אויפצושטיין באַלד באַגינען; און שולמית, איידער זי איז אויפגעגאַנגען אויף איר געלעגער, האָט זי גאָט געבעטן פאַר דעם חברונער, וועמען זי האָט געהאַלטן פאַר איר פאָטער, און פאַר „איר טייערן״, וואָס זיין פנים האָט איר געצייגט, אַז ער איז פון די טייערע זין פון ציון, און ער האָט געקוקט אויף איר מיט חן און געבעט. ווי אַזוי זשע זאָל זי אים פאַרגעסן?

און שולמית, נאָכדעם ווי איר מוטער איז געשטאָרבן, האָט זי זיך באַהעפט צו איר זייגערין און צוזאַמען זיינען זיי געשלאָפן אין אַ גרויסן,ברייטן צימער, און אַ פאָרהאַנג האָט געמאַכט אַ צווישנשייד צווישן אים און דעם צימער, וואו צפניה איז געשלאָפן.

שולמית האָט געדרימלט איר שלאָף, איר האַרץ אָבער איז וואַך. און חלומות, זיסע און מוראדיקע, וועקן און דערוועקן די ליבע אין איר. און זי האָט צוזאַמען געלאַכט און געוויינט פון שלאָף, האָט זיך איר זייגערין שטאַרק דערשראָקן, דערהערנדיק איר קול, האָט זי זיך אויפגעכאַפּט און אויך שולמיתן אויפגעוועקט. און מיינענדיק, אַז דאָס מיידל פון שלאָף

נאָך איר מוטער, האָט זי געזאָגט צו איר:
–געזונט דיר, שולמית, צו טרויערן נאָך דיין מוטער אויף דער וואַך און אין חלום. עס וועט דאָך אַהער קומען דאָס ווייב פון דיין פאָטער, וועט עס איר פאַרדריסן, אַז זי וועט זען ווי דו וויינסט נאָך אַלץ נאָך דיין מוטער, דאַן, ווען זי וועט זיך גאָר שטאַרק פרייען. וואָרום זי זוכט נאָר פרייד אין איר וואוינונג און אָנשטאָט אַ פריילעך געמיט, וועט זי אין דיר טרעפן אַ געבראָכן געמיט.
–אויך איך האָב געוויינט אין שלאָף–האָט צפניה געענטפערט פון זיין צימער–און אויך אויף דער וואַך טוט מיין האַרץ שרייען צו מואב. וואָרום דאָרט האָב איך געפונען מיין האַרצנסגליק, די שיינע און גלוסטיקע עדה, און פאַרשאָלטן זאָל זיין גלעד, וואָרום דאָרט איז פון מיר אָפּגעשיידט געוואָרן מיין האַרצנסגעליבטע און אין מיין האַרץ איז געבליבן טרויער. אַ ביסל האָב איך אייך דאָך שוין דערציילט, ווען איך בין צוריקגעקומען פון מואב, כ׳האָב אייך דערביי געבעטן צו פאַרהוילן די זאַך פון מיין פאָטער. איר ווייסט דאָך, אַז עדה, די טאָכטער פון שמיר, די געליבטע פון מיין האַרצן איז אַ פאַרוואַנדטע צו מיין פאָטערס ווייב און צו איר שוועסטער יהושבע, און אַצינד–האָט זיך אָפּגעטאָן דער שלאָף פון אונזערע אויגן, דעריבער וועל איך אייך דערציילן ווי דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען, און ווי איך האָב דאָס איצט נאָך אַמאָל איבערגעלעבט אין חלום.

–דאָס טראַכטונג פון אונזערע הערצער, האָבן מיר ביידע געזען די נאַכט–האָט שולמית געענטפערט–אָבער אין דעם טראַכטונג פון האַרץ מישן זיך אויס זעאונגען, וואָס אונזערע אויגן האָבן עס אויף דער וואַך קיינמאָל נישט געזען. וואָרום מיינע אויגן האָבן נישט געזען ירושלים, די הייליקע שטאָט, איך האָב נאָר פון איר געהערט, איצט האָב איך זי געזען מיטן גאַנצן פראַכט און שיינקייט. און אויך „מיין טייערן" האָב איך דאָרט געזען; און נישט אים אַליין, נייערט אויך אלקנהן און יהושבען און קציעה, זייער טאָכטער, האָב איך געזען אין חלום, אָבער

דערציייל נאָר דו, ברודער דאָס, וואָס מיט דיר האָט פּאַסירט אין מואב, און וואָס דו פאַרהוילסט פון פאָטער און נאָך דיר, וועל איך דערציילן.

און צפניה האָט געענטפערט און געזאָגט:

—אין לאַנד מואב האָט מיך דער פאָטער מיינער מיטגענומען, צו ברייגנען פון דאָרט גוטע פי און די מואבבעק. און אַז ער האָט זיך דאָרט אַוועקגעלאָזט אויפן לאַנד צו געפינען גוטע פי, האָט ער מיר איבערגעלאָזט העלפט פון זיין געלט און האָט געזאָגט צו מיר:

—בלייב דו, מיין זון, און וואַרט ביז איך וועל צוריקקומען.

און איך בין געזעסן אין לאַנד מואב, צווישן אַ רואיק שטיל פאָלק, ווי עס זאָגן די פאבלזאָגער: „מואב איז אַ פאָלק וואָס רוט אויף זיין הייוון, וואָס ווערט נישט איבערגעגאָסן פון איין כלי אין דער אַנדערער.” דאָרט האָב איך געזען די וואַנדערער פון יהודה, און די מואב לייט האָבן זיך געגרויסט איבער זיי, און זיך באַרימט מיט דעם גרויסקייט פון זייער שטילער רואי-קייט, אָדער האָט זיי איבערגעענטפערט צו אדומן. דאָס גרויס-קייט פון מואב איז דאָך באַוואוסט און זייער שטאָלץ איז דאָך אומעטום באַקאַנט.

ביים טייך פון די ווערבעס בין איך געזעסן און האָב געוויינט אין פאַרנאַכט, ווען דער טאָג איז פאַרגאַנגען. און פון צווישן די ווערבעס האָב איך דערהערט, ווי אַ מיידל וויינט, ברומט ווי אַ טויב, וואָס שטייט ביים אָפּגרונט:

—וויי צו דיר, מוטער מיינע! וויי, מיין לייבלעכע מאַמע! וואוהין האָבן דיינע פיס דיך פאַרפירט און אויף וועמען האָס-טו איבערגעלאָזט דיין איינציקע טאָכטער?

אַז איך האָב דערהערט דידאָזיקע קלאָג, האָב איך געוואָלט זען, ווער די קלאָגערין איז. בין איך אַריין צווישן די ווערבעס, און דערזען אַ מיידל שיין ווי דער מאָרגנשטערן, און טרערן ווי טוי-טראָפּנס רינען איבער אירע באַקן, שטייט פאַר מיר, און מיט איר איז פאַראַן אַ מואב-פרוי, אַן אַלטע און די האָר פון

איר קאָפּ זיינען אויפגעדעקט און צעפּלאָשעט, וואָרום זי איז געווען אַ צויבערין. כ׳האָב איר דערזען און דערשיטערט געוואָרן, און איך האָב זיך געווענדט צו דער שיינהייט און האָב זי געפרעגט:

—פון וואַנען ביזטו, מיין שיינע, און וואָס איז דיר, וואָס דו וויינסט?

—כ׳בין איינוואוינערן פון ציון בין איך,—האָט דאָס מיידל געענט־פערט—מיין נאָמען איז עדה, די טאָכטער פון שמיר, וואָס איז איינער פון די גרויסע לייט אין אפרים; שמיר, מיין פאָטער, האָט מיך פאַרקנסט צו זכרין, דעם העלד פון אפרים, כדי אים איבערצובעטן פאַר דעם, וואָס ער האָט אַמאָל פאַרמיטן פון אים זיין עלטסטע טאָכטער מרים. און מיין מוטער איז דערצי־טערט און דערשראָקן געוואָרן פאַר זכרין דעם בלוטיקן מאַן, דעריבער האָט זי זיך געאיילט מיט מיר אַנטרונען צו ווערן און מיך באַהאַלטן אין לאַנד מואב, צו וואוינען דאָ אין הויז פון איר פאָטער, וואָס איז איינער פון די אויסוואַנדערער פון יהודה. זי האָט אים אָבער נאָך נישט געפונען, זי האָט אָבער אויך מורא געהאַט צוריקצוקערן קיין ירושלים, טאָמער וועט מיין פאָטער שמיר מיך אָוועקגעבן צו זכרין. האָט זי פאַר אונז דאָ געדונגען אַ וואוינונג און מיר האָבן זיך פאַרדינט אונזער שטיקל ברויט מיט אונזער אַרבעט. און איינמאָל אין אַ טאָג, און איך און מיין מוטער, זיצן אין אונזער צימער פאַרנאַכט, און אַ פרוי קומט אַריין צו אונז. און איר פנים איז בייז, און זי האָט אַרויסגעצויגן אַ מעסער פון אונטער אירע קליידער און מיט אים דערשטאָכן מיין מוטער. האָב איך אָנגעהויבן שרייען מיט אַ ביטער געשריי:

—ראַטעוועט! גיבער, קומט צו הילף!

אָבער אומזיסט איז געווען מיין געשריי, וואָרום די בלוטיקע פרוי איז אַרויס און אַנטלאָפן. און מיין מוטער וואָס האָט זיך געבאָדן אין איר אייגן בלוט, איז געשטאָרבן. און אין טאָג פון מיינעליידן, האָט זיך אויף מיר דערבאַרמט אַן אַלטע אלמנה, אַ טאָכטער פון יהודה. מיט איר האָב איך געוואוינט

עטלעכע חדשים און אויך זי איז געשטאָרבן אין דער צייט פון גרויס צערודערניש און איבערקערענישן. איצט בין איך געבליבן שטאַרק צערודערט, בין איך אַנטלאָפן נאָך דערדאָזיקער אַלטער פון חיל פון ארם און דאָ צווישן די ווערבעס בלאָנדזשען מיר. מיר ווילן אַוועק קיין גלעד און פון דאָרט וועל איך צוריק-קערן אין מיין לאַנד, אויב גאָט וועט באַוויליקן מיין וועג.

און ריידנדיק אירע רייד, האָט זי זיך ביטער צעוויינט, און זי האָט זיך געבעטן ביי מיר, איך זאָל זי נעמען צו מיר, זיין איר באַשיצער און פאַרבאָרגער פון דער שרעק פון פיינט, און זאָל זי ברענגען אין לאַנד אפרים: וואָרום דאָרט וועט זי גע-פונען אירס אַ פאַרוואַנדעטן און גאָענטן, און פון דאָרט וועט זי צוריקקערן קיין ירושלים, וואָרום דאָרט האָט זי איר שוועס-טער מרים, וואָס איז אַ טאָכטער פון איר פאָטער, איז זער אַ געשעצטע פרוי, אַ דערבאַרמדיקע. און זי האָט זיך ביי מיר שטאַרק געבעטן: נעם מיך אונטער דיין שוץ און פאַרבאָרג מיך פון שונא.

און איך האָב געוואוסט, אַז איך קען זי נישט העלפן, פונ-דעסטוועגן האָב איך געשטאַרקט איר האַרץ, איך האָב איר געזאָגט:

—באַרואיק זיך, מיין שיינע, וואָרום מיין לעבן וועל איך שטרעקן פאַר דיר, און אין מיר האָסטו דיין הילף.

און די אַלטע האָט געזאָגט:

—שווייגט, ווערט שטיל, וואָרום אַ קול פון פיינט הערט זיך פון ווייטן, וואָס ווערט אַלץ נענטער צו אונז.

און איך האָב זיך צוגעהערט, און איך האָב דערהערט אונטער זיך אַ געבערום פון פרעמדע. איז מיין האַרץ אין מיר דערצי-טערט געוואָרן. האָב איך זי אָנגענומען ביי דער האַנט, האָב זי אַוועקגעפירט צווישן די דיקע, געדיכטע צווייגן, דאָרט האָבן מיר זיך געזעצט אָפּצורוען. האָב איך אַרויסגענומען פון מיין וועגטאַש ברויט מיט ראָזשינקעס, און האָב געגעבן עדהן און

זי האָט געגעסן, און פון איבעריקן האָב איך געגעבן דער שרעקלעכער אַלטער.

פון דאָרט האָבן מיר זיך געלאָזט גיין צו צפון זייט, און דורך געדיכטע און געשליינגלטע וועגלעך זיינען מיר צוזאַמען גע־גאַנגען. צווישן דערנער און געדרייטע שטעכעכצן, ווילעוויי האָבן אונזערע פיס געזונקען אין בלאָטע, זומפּ און גריבער, וואו קיין מענטשלעכער פיס האָט נאָך נישט געטרעטן.

פּלוצלונג און עדה איז שטאַרק דערציטערט געוואָרן און אויס־געשריען:

—ווי איז מיר, איך בין פאַרלוירן!

און איך בין מיט ציטערניש צוגעלאָפן צו איר, דערהערנדיק איר געשריי, און מיינע ביינער טרייסלען זיך פון שרעק, טאָ־מער וועלן פרעמדע דערהערן אונזער שטים און מען וועט אונז כאַפּן. אָבער דאָס ברומען פון פרעמדע האָט פאַרשריגן עדהס געשריי, כ׳האָב אַ קוק געטאָן אויף איר, ביים ליכט פון די פלאַקערס און איך זע: זי גייט אויס פון גרויס ווייטאָק, אירע אויגן קוקן צו מיר, אירע ביינער טרייסלען זיך און איר פנים איז בלאַס ציטערנדיק פאַרן טויט.

—וואָס איז דיר, מיין שיינע, וואָס האָסט אַזוי געשריגן?—האָב איך איר געפרעגט אינדערשטיל.

און עדה—אָנשטאָט מיר צו ענטפערן, האָט אויסגעשטרעקט איר לינקע האַנט. און ווי דערשראָקן בין איך געוואָרן, דערזעענדיק, ווי אַ מוראַדיקער שלאַנג וויקלט אַרום איר אָרעם, גאַרטלט אים אַרום, איז ווי צוגעוואַקסן צו דער האַנט, ווי אַ גאַרטל וואָס ציט אַרום די לענדן פון אַ מענטשן. און דער שלאַנג טוט באַוועגן מיטן קאָפּ, פינקלענדיק צו איר מיט זיינע גרינע אויגן און מיט צאָרן רוקט ער אַרויס זיין צונג. און מיט אַמאָל, וויקלט ער זיך אויף און לאָזט זיך קריכן אויפן אָרעם אין דער לייננ, ביז צום האַלז דערגרייכט ער שוין, וויל איר דערשטיקן. און איך בין אויפגעשפּרונגען און געוואָלט אים אָנכאַפּן ביים עק. און די אַלטע צויבערין האָט אָפּגעשטויסן מיין האַנט און גע־זאָגט!

—היט זיך, וואָרום אַז ער וועט צאָרנדיק ווערן, וועט ער נישט שוינען קיינעם, וואָס וועט אים אָנרירן.
און איך האָב פאַרבראָכן די הענט און האָב געזאָגט:
—ווער וואָלט געגעבן און איך זאָל זיין אויף איר אָרט, אָדער ווער וואָלט געבן און איך וואָלט געקענט אַ שפרונג; די שיינע און צאַרטע איז שטיל געבליבן, זי גייט אויס פון די גרויסע ווייטאָקן און מיינע אויגן קוקן עס צו און איך קען איר נישט העלפן. זאָג זשע, אַלטע, אפשר קענסטו העלפן? איך האָב דאָך געלט צו באַצאָלן, האָב איך געזאָגט.
און די אַלטע האָט געשמייכלט, האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט:
—איך וועל אָפּטאָן פון איר דעם ביטערן טויט. נאָר טייער איז דאָס אויסלייזונג פאַר איר לעבן.
אַזוי ריידנדיק, האָט זי אַ סוויסטש געטאָן מיט אירע ליפּצן, האָט אַרויסגעלאָזט אַ קול, ווי פון אַ פייפל, און זי האָט גענומען אַ צווייג פון אַ בוים און האָט מיט איר אָנגערירט אין שלאַנג, און ער וויקלט זיך, בליצט מיט די שאַרפע אויגן אויף זיין שטאַרקן פיינט, און באַוועגט מיט זיין גיפטיקער צונג, האָט באַלד זיך געגעבן אַ לאָז, אָפּגעטשעפּעט זיך און געפאַלן אויף דער ערד. און איך, האָב מיט אַ צווייג צעקלאַפּט זיין קאָפּ.
כ׳האָב אַ קוק געטאָן אויף דער שיינער עדה און דאָס האַרץ איז מיר דערציטערט געוואָרן, דערזעענדיק אַז זי גייט אויס פון דעם גיפט, וואָס קומט פון דער צונג פון דעם עקלדיקן שלאַנג, וואָס האָט איר אַ ביס געטאָן אויפן האַלז:
האָב איך געפרעגט דער צויבערין: וואָס דאַרף מען טאָן צו עדהן, וואָס די וואונד ברענט איר לייב ווי פייער?
און די צויבערין האָט געלאַכט און מיר איינגערוימט אַזוי צו זאָגן:
—אומזיסט האָסטו געהרגעט דעם שלאַנג, וואָרום ער האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט אַ קללה אין איר קערפּער. און אויב דו ווילסט זי ראַטעווען פון איר אומגליק, דאַרפסטו אויסמאַטשקען דאָס

בלוט פון איר וואונד, וועט זי צוריק ווערן געזונט און שטאַרק.— אָט דאָס האָב איך דאָך געזאָגט: טייער איז דאָס אויסלייזונג פאַר איר לעבן. און ווער ווייסט, ס׳קען זיין, אַז אויב דו וועסט עס טאָן, וועסטו אומקומען.

און איך, אַז איך האָב געהערט, אַז עס איז פאַראַן אַ היילונג צו איר וואונד, האָב איך איינגעשטעלט מיין לעבן, האָב אויס־געזויגט דעם גיפט און אויסגעשפיגן אויף דער ערד. און וואָס מער איך האָב דאָס געטאָן, אַלץ בעסער איז איר געוואָרן. און ווי דערפרייט איז געוואָרן מיין האַרץ מיט איר הילף, דער־זעענדיק, ווי זי האָט געעפנט צו מיר אירע שיינע אויגן און געקומען צו זיך, און זי האָט מיך אָנגענומען ביי דער האַנט, זי געקושט און געזאָגט:

—צו דיר, מיין ליבער, צו דיר געהער מיין לעבן, וואָרום דורך איינשטעלן דיין לעבן, האָסטו עס געקויפט.

דריי טעג האָבן מיר געבלאָנדזשעט צווישן די ווערבעס. מיר האָבן געגעסן זייער ווייניק, פון דעם, וואָס איך האָב געהאַט אין מיין רייזעטאַש, געטרונקען בלאָטיק וואַסער, ביז מיר זיי־נען אַרויסגעקומען אויף אַ פריי אָרט און זיך געלאָזט גיין קיין גלעד. און איך בין געגאַנגען און געהאַלטן אין איין וויינען, וואָרום איך האָב נישט געוואוסט, וואו מיין פאָטער איז אַהינ־געקומען: צי איז ער אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, צו ער איז געהרגעט געוואָרן דורך די פיינט? האָב איך זיך באַטראַכט, אומצוקערן זיך אַהיים און האָב מיטגענומען מיט זיך עדהן, וואָס איז צו מיר צוגעבונדן געוואָרן, און איך האָב זיך גע־פרייט מיט איר.

מיט אַ פריילעך געמיט זיינען מיר געקומען קיין גלעד, וואָרום איך האָב נאָך געהאַט מיין בינטל געלט, איך האָב נאָר פון דעם אַראָפּגענומען אַ געשאַנק פאַר דער אַלטער און זי איז זיך אַוועק. כ׳האָב געדונגען אַ וואוינונג, אויף צו באַזעצן עדהן, מיין האַרצנסגעליבטע, זי זאָל זיך דאָרט אָפּרוען פון איר טרוי־ריקייט און ליידן. דאָרט אין גלעד, האָב איך געפונען באַקאַנ־טע און פריינט, וואָס פלעגן ביי אונז קויפן שמעקעדיקע באַל־

זאַמען אין לבנון־ווין; האָב איך זיי געפרעגט אויף מיין פּאָ־
טער, און זיי האָבן מיר אַזוי געזאָגט:
—נעכטן, איז ער דאָ געווען, און ער איז אַוועק דיך צו זוכן.

איך בין געבליבן מיט עדהן אין מיין וואוינונג, האָב איר גע־
געבן צו עסן טייערע, זיסע מאכלים; האָב איר געגעבן צו
טרינקען זאַפט פון מילגרוימען; כ'האָב איר געזאָגט, אַז זי איז
מיר אַ שוועסטער. און איך האָב מיט איר שפּאַצירט איבער די
גאַסן, און איך האָב גערעדט צו איר האַרצן: כ'האָב איר גע־
זאָגט, אַז איך וועל זי באַזעצן מיט מיר אין לבנון, אין אַ
גלוסטיק וואוינונג, און איך וועל מיט איר מיין צייט פאַר־
ברענגען. און עדהס געמיט האָט אויפגעלעבט, און זי האָט מיך
געהאַלזט און געזאָגט:
—נאָר מיט דיר, מיין טייערער, וועל איך זיך טרייסטן נאָך
מיין מוטער; נאָר דו ביזט מיין פאַרלאַנג און גליק, וואָרום דו
האָסט מיך פון אומגליק געראַטעוועט.
אונזער פרייד האָט אָבער געדויערט אַ קורצע ווײַלע: וואָרום
צומאָרגנס בין איך מיט עדהן געגאַנגען שפּאַצירן איבער די
גאַסן פון שטאָט און פלוצלונג איז דאָס מיידל דערשיטערט
געוואָרן.
—וואָס איז דיר, טויב מיינע?—האָב איך זי געפרעגט.
—ווי איז מיר—האָט עדה געענטפערט—איך האָב דאָרט דערקענט
די בלוטיקע פרוי; איך האָב אויך געהערט אַ שטים, וואָס רופט
איר: קטורה. און איצט, אויסלייזער מיינער, אייל זיך צו גע־
פונען אַן אַנטרינונג פאַר מיר, וואָרום אויך מיר וויל זי אומ־
ברענגען.
און איך האָב זי גענומען פאַר דער האַנט און האָב איר אויס־
גערעדט. און אַז מיר זיינען געגאַנגען צוריקצוקערן אין מיין
וואוינונג, וואָס איך האָב פאַר איר געדונגען, און אַ מיידל, נאָך
גאָר אַ יונגע, רייט אויף אַ מצריש־פערד, איז באַוואָפנט מיט אַ
פּאַנצער, שווערד און בויגן, זי איז פאַרן אויג זייער גרויזאַם
ווי אַ מאַנספּערשוין, אַ קריגסהעלד; איר פּנים פלאַמט און אירע

אויגן שפּריצן מיט פייער, ווי זי וואָלט געווען גרייט צו קריג. ס'האָבן איר געזען יונגלעך און האָבן זיך באַהאַלטן, בחורים— און געציטערט פאַר איר.

און ס'האָבן מיר געזאָגט די איינוואוינער פון גלעד, אַז זי איז די טאָכטער פון זכרי, דער העלד פון אפרים, וואָס וועט נישט זיין צו קיין מאַן, איידער זי וועט אויספּרובן זיין קראַפט אין קריג; און איינער פון די יונגעלייט אין אפרים, וואָס איז פאַר־פירט געוואָרן און זיך איינגעליבט אין דער גרויזאַמער, האָט זיך איינגעשטעלט צו פעכטן מיט איר און ער איז געפאַלן פון איר בייזער שווערד, וואָרום זי האָט איר שווערד אַריינגעזעצט אין זיין האַרץ, אַזוי שטאַרק, אַז דאָס הענטל איז אַריין נאָך דער קלונג, און דידאָזיקע, גרויזאַמע הייסט: רעומה. פון זינט דאָס איז געשען איז די שרעק פאַר איר געפאַלן אויף די בחורים, וואָרום ווער וועט עס זיך שטעלן קעגן איר? אין גלעד איז זי דעמאָלט געווען מיט איר מוטער קטורה, וואָס האָט איר געווינען צו זכרין, אַזוי האָט מען מיר געזאָגט, און זי, ווי איר טאָכטער, זיינען אַרויסגעגאַנגען זיך שלאָגן אין דער מלחמה פון פקח און רצין,—קטורה צווישן די קריגער פון ארם, און רעומה—צווישן די קריגער פון אפרים.

און עדה האָט מיר דעמאָלט דערציילט, אַז דידאָזיקע קטורה איז אַמאָל געווען דאָס ווייב פון איר פאָטער, וואָס האָט זי מיט שאַנד פאַרטריבן פון זיין הויז, דערפאַר האָט זי זיך נוקם געווען אין זיין ווייב, איר מוטער.

דאָס האָט זי מיר דערציילט, ווען זי איז מיט מיר געגאַנגען צוריקצוקערן אין אונזער גאַסטהויז, און נאָך דעם ווי מיר זיי־נען אַהין געקומען, האָט זי מיר געזאָגט:

—ברענג מיך אין די וואוינונגען פון דיין פאָטער, און אויב ער וועט דיך נישט לאָזן מיך נעמען, וואָרום ער וועט נישט גלייבן, דאָס וואָס איך האָב דערציילט, בין איך אָבער זיכער, אַז ער וועט פון מיר נישט פאַרמיידן דאָס גוטס און וועט מיך צונעמען צו זיין צווישן זיינע דינסטן.

און איך האָב זי געהאַלזט אין מיינע אָרעמס און געזאָגט צו איר:

—צו מיר געהערסטו, מיין האַרצנסגעליבטע, און צוליב דיר בין איך גרייט צו פאַרלאָזן מיין פאָטערס הויז און זיך צו באַזעצן מיט דיר, וואו מיר וועלן זיך אויסקלויבן צו זיצן.

אַזוי האָב איך געזאָגט, האָב זי אָנגענומען ביי דער רעכטער האַנט, און צוזאַמען זיינען מיר געוועז גרייט זיך צולאָזן אין וועג. און אַן אומגליק איז געשען: וואָרום עס זיינען אַריינגעקומען צו אונז אין צימער עטלעכע כהנים, און איינער האָט געזאָגט צו עדהן:

—צי דו ביזט עס, עדה, די טאָכטער פון שמיר?

און עדה איז דערשיטערט געוואָרן. און ס׳איז בלייך געוואָרן איר פנים, און זי האָט געזאָגט:

—איך געהער צו דעמדאָזיקן, דעם געליבטן מיינעם, און ער איז מיין.

—צו דיין געליבטן ביזטו?—האָט דער צווייטער זיך אָנגערופן פרעך—אָט דאָס טאַקע, איז דאָך דיין זינד, און דו ביזט אַריינגעפאַלן, וואָרום דיין אַלטער פאָטער שמיר איז איצט אין הויז פון זכרי, דער העלד פון אפרים, צו וועמען ער האָט דיך פאַרקנסט, און ער האָט געשיקט מענטשן, דיך צו זוכן אין אַלע גרענעצן פון מואב און האָט דיך נישט געפונען: וואָרום דיין מוטער איז פון דאָרט געגאַנגען נאָך אירע ליבהאָבער, און ווי די מוטער אַזוי איז איר טאָכטער. דעריבער שטיי אויף, מיין שיינע, און מיר וועלן דיך ברענגען צו דיין פאָטער, ער וואַרט דאָך אויף דיר, און זכרי איז איצט נישטאָ אינדערהיים, וואָרום ער איז אַוועק קיין מצרים, וועסטו זיין געהיט פאַר אים אין זיין פּאַלאַץ ביז ער וועט צוריקקערן, און וואָס איז דאָס באַהאַלטן זיך?

און איך און עדה זיינען צושראָקן און צוטומלט, הערנדיק דאָס, נאָר איינער האָט אָנגענומען עדהן ביי דער האַנט און געזאָגט:

—האָב נישט מורא, מיין שיינע, וואָרום אין זכרים פּאַלאַץ וועלן

מיר דיך באַזעצן, דאָרט וועסטו נישט וויסן פון קיין שום טרויער און וועסט זיך לאָזן וואוילגיין פון גרויס גליק.

און אַזוי ריידנדיק האָט ער זי געשלעפּט נאָך זיך. און עדה האָט ביטער געוויינט, און איך האָב ביטער געשריגן, געבּרומט, געוויינט און קיינער האָט מיך נישט געהערט; אַ גאַנצע נאַכט, אַז איך האָב קיין אויג נישט צוגעמאַכט, און אַז דער מאָרגן האָט אויפגעשיינט, בין איך אַרויס פון גאַסטהויז, האָב נאָכגע־פרעגט, נאָכגעפאָרשט און וואו עדה איז אַהינגעקומען—האָב איך זיך נישט דערוואוסט. פון דער צייט אָן ווער איך פאַרוואָגלט געדענקענדיק אָן איר.

—לאָז געמאַך, ברודער מיינער,—האָט שולמית געענטפערט—וואָרום דער סוף פון דעם טוט מיך דערשלאָגן. אַ סך זיינען דאָך מיי־נע זיפצן אויף אונזער מוטער, וואָס איז טויט, אויף „מיין טייערן" און אויף עדהן דיין גלוסטונג, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן צו אויסוואורפן און קענען זיך פון זיי נישט אַרויסרייסן. גאָט זאָל זען די טרערן פון אַלע געפּייניקטע און אויך מיינע טרערן זאָל ער דערזען. און ער זאָל היילן די געבראָכענע הערצער, און זאָל שיקן אָן אויסלייזונג צו די געפאַנגענע פון דער שווערד. ער האָט דאָך אויפגעהויבן די פאָן אויף צונויפזאַמלען די פאַר־שטויסענע פון יהודה, און אויסגעלייזטע קערן זיי אום פון ארם און גיין דורך דורך אונז, און נאָר דער האַרצנסגעליב־טער מיינער פעלט, ווער וואָלט געבן און ער זאָל דורכגיין דורך אונזער רו־אָרט, און איך וואָלט אים אָנגעכאַפּט, נישט אָפּגעלאָזט אים, ביז ער וואָלט אָפּגעקערט צו אונז. איך האָב נאָך אָבער די האָפנונג, אַז חפצי־בה זאָל האַלטן וואָרט: גאָר אין גיכן איז אַ פייערטאָג אין אפרים, דאָס איז דער פיפצענ־טער פון חודש חשון, און חפצי־בה וועט אים זוכן צווישן המון וואָס פייערט, און אין בית־אל וועט זי אים געפינען, וואָרום צו דער שטאָט ציען זיך דאָך מאַסן פון אַלע עקן לאַנד, זאָל זשע זי אים געפינען און ברענגען אַהער. און איך וועל אָפּטאָן פון זיין האַרצן אַלע פוסטע זאַכן, די פאַרבלאָנ־דזשענישן פון אפרים, איך גלייב, אַז עס וועט אַזוי זיין. וואָ־

רום אַזוי האָט מיר די מוטער געזאָגט אין חלום: אין בית־אל וועסטו אים געפונען. און זי וועט דאָך איר טאָכטער נישט זאָגן קיין ליגן.

ווי זי רעדט אַזוי און עס דערהערט זיך די שטים פון זייער הויזבאַדינער, וואָס קלאַפּט אָן טיר און זאָגט:

—שטיי אויף, צפניה, וואָרום צוויי מוילאייזלען שטייען אָנגע־זאָטלט פאַר דיר און דיין פאָטער, וועט איר אַרויסרייטן צו באַגעגענען דאָס נייע ווייב, וואָס קומט היינט אַהער.

און שולמית האָט אָפּגעזיפצט, הערנדיק דידאָזיקע שטים, וואָס רעדט צו איר ברודער. אויך צפניה האָט אַ זיפץ געטאָן, און ווי אַ געהאָרכזאַמער זון איז ער אויפגעשטאַנען, און האָט זיך אַרומ־געוואַשן, און האָט זיך אָנגעטאָן, און איז אַוועק מיטן פאָטער.

## ה.

און צפניה האָט געטאָן, ווי דער פּאָטער האָט אים געבעטן, און איידער ס'איז ליכטיק געוואָרן, האָבן זיי גענומען זייערע פּאַנצערס און בויגנס און זיינען אַוועקגעריטן אויף זייערע מויל־אייזלען אין וועג אַריין. און שולמית האָט זיך אָן חשק אָנגעטאָן אירע טייערע קליידער, וואָרום אין האַרץ ביי איר האָט נאָך גערוט די לייד נאָך איר מוטער, אויף וועלכער זי האָט געטרויערט, און זי האָט אָנגעטאָן דאָס צירונג, די אָרימבאַנדן און האַלזבאַנדן, די פינגערלעך אויף די הענט און די שנירלעך פּערל אויפן האַלז, און זי שעמירירט מיט איר שיינקייט און גלאַנץ.

די זון האָט אויפגעשיינט איבערן לבנון, און זי לייכט מיט אַ פּרעכטיקער שיין, גאָלדענע שטראַלן שפּינען זיך אויף די טענענביימער, אויף וועלכע עס ליגט נאָך דער טוי פון ביינאַכט. אין דעם ליכטיקן טוי יובלען פאַרשידענע פייגל, שאַלן און זינגען, און שולמית האָט זיך אויפגעוואַכט דערהערנדיק דאָס פייגלגעזאַנג און אונטער די פעלזן, וואו עס געפינען זיך שטייב־



בעק, האָט זי אָפּגעריכֿט איר געבעט צו גאָט, וואָרום אויף דעם אָרט פֿלעגט זי אַלע פֿרימאָרגן בעטן צו גאָט און אויסגיסן איר האַרץ פֿאַר אים.

„ס׳לויבט מײַן האַרץ צו גאָט, מײַן ליכֿט און מײַן הילף, וואָס מאַכֿט ליכֿטיק מײַנע אויגן צו זען דאָס אויפֿשײַנען פֿון מאָרגן. הייליקער גרויסער גאָט, וואָס באַווײַזט דאָס שײנקייט אויפֿן הימל און דײַן פּראַכֿט אויף די פֿליגל פֿון מאָרגנשטערן. גאָט, די פֿרייד פֿון מײַן גליק, וואָס דער לבנון און זײַן פֿײַכֿטע טוי זינגען פֿאַר דײַן נאָמען וועגן. זיי מאַכֿן אויך זינגענדיק מײַן האַרץ און מיט זינגענדיקע ליפּצן טוט דיר לויבן מײַן מויל. דו ביזט מײַן שיצער, וואָס בײַנאַכֿט האָב איך דיך געזוכֿט, האָב איך אויפֿגעכֿאַפּט—און דו ביזט נאָך מיט מיר. דו גאָט וואָס היטסט אונז אָפּ פֿון די לייבן צווישן בערג פֿון פֿאַרצוקונג, וואָס העלפֿסט מענטשן און פֿי, און אונזערע סטאַדעס ווייסן גישט פֿון שרעק, און זייערע פּאַסטוכֿער טוען הויערן זיכֿער אויף די גרינע לאָנקעס, און צו רואיקע וואַסערן טוט ער זיי פֿירן און די ווילדע חיות פֿאַרדאַרבן נישט, טאָן קיין שלעכֿטס נישט אין אונזער גבול. הער אויך צו דײַן דינסט וואָס רופֿט צו דיר פֿון פּײַן און לייד, וואָרום אויף דיר פֿאַרלאָז איך זיך. דערבאַרעם זיך אויף עדה די טאָכֿטער פֿון שמיר, ראַטעווע זי פֿון האַנט פֿון רשע, וואָס וויל זי אומגליקלעך מאַכֿן, און קער זי אום צו מײַן ברודער. מיט דײַן גרויס דערבאַרמונג קער אום פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט „מײַן טײַערן" וועמען איך זע פֿאַר מײַנע אויגן און ווייס נישט זײַן נאָמען. פֿאַר דעם יונגל בעט איך צו דיר, גאָט מײַנער, וואָרום צו אים גלוסט מײַן האַרץ, און אַזוי ווי דו האָסט אָפּגעשיידט צו אים פֿון דײַן שײנקייט און געמאַכֿט גרויס זײַן חן, אַזוי זאָלסט אים בענטשן אויף אייביק און אים דערפֿרייען אין דער שטאָט פֿון דײַן פֿרייד און אויפֿן באַרג פֿון דײַנע פֿײַערונגען, און מײַנע אויגן זאָלן אים זען אין זײַן גאַנצער פּראַכֿט, ווי דו האָסט מיר אים געוויזן אין חלום בײַנאַכֿט. טו מיט מיר דאָס גוטס און איך וועל וויסן, אַז דו גאָט, ביזט נאָענט צו אַלע, וואָס רופֿן צו דיר".

—וואָס איז עס פאַר אַ געזאַנג און געבעט וואָס איך הער פון דיר, טאָכטער מיינע?—האָט שולמית דערהערט די שטים פון איר זייגערין, וואָס איז געשטאַנען אונטער איר—וואָס איז דאָס פאַר אַ חלום, וואָס דו פאַרהוילסט פון מיר?

—חלילה פון מיר, איך זאָל פאַר דיר לייקענען.—האָט שולמית געענטפערט, וואָרום נאָכדעם ווי מיין מוטער איז מיר געשטאָרבן ביזטו מיר אַ מוטער. איצט וועל איך דיר דערציילן מיין חלום:

ס׳האָט זיך מיר געחלומט, אַז איך בין אין ירושלים, און „מיין טייערער" אין זיין גאַנצער שיינקייט און פראַכט פרייד זיך אַנטקעגן מיר און זאָגט: געבענטש ביזטו, מיין האַרצנסגעליבטע, מיט דיין קומען קיין ציון, הויב אויף דיינע אויגן און זע די שיינקייט און וועסט באַווילִיקן צו בלייבן וואוינען דאָ מיט מיר. און ער האָט מיך גענומען, האָט מיר געבראַכט צו ווייזן זיין טייערע וואוינונג, די העלפאַנטביינערנע זאַלן אין גלוסטיקע צי־מערן, און געזאָגט צו מיר: דאָס אַלץ איז גרייט פאַר דיינע־טוועגן, און איך וועל דיך צו מיר פאַרקנסן מיט ליבע און פריינטשאַפט. און איך בין געוואָרן פריילעך און פאַלנדיק אים אויפן האַלז, האָב איך צו אים געזאָגט: דיינע בין איך מיין פריילעך גליק, צו דיר האָט מיין האַרץ געגאַרט אין די טעג פון דיינע ליידן. פאַר דיר האָב איך צו גאָט געבעטן און צו דיר איז מיין האַרץ באַהעפט.

און מיין ליבער האָט מיך געפירט איבער אַלע גאַסן פון ירושלים, דאָרט זיינען געווען גלוסטיקע בחורים אָנגעטאָן אין שיינע קליי־דער, צאַרטע טעכטער אויסגעצירט אין פראַכט, און אַלע האָבן געקוקט אויף אונז, מיין הארץ האָט זיך געזעטיקט מיט גליק און פאַרגעניגן. און מיין האַנט האַלט די האַנט פון מיין ליבן, ביז מיר זיינען צוגעקומען צו אַ באַרג, אויף וועלכן עס שטייט דער בית־המקדש. גרויסע מאַסן ציען זיך אַהין, און עס הערט זיך אַ גרויס געזאַנג. ווי זיס ס׳איז געווען דאָס געזאַנג, וואָס איך האָב דאָרט געהערט, און איך מיט מיין געליבטן זיינען געפאַלן אויף די פנימער און געלויבט און געדאַנקט גאָט, און

פון גרויס פרייד, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט און ס'איז נאָר אַ חלום געווען.
—גאָט איז דער באַשיידער פון חלומות—האָט איר די זייגערין געענטפערט—און דאָס וואָס ער האָט דיר געוויזן אין טרוים, זאָל ער דיר ברענגען אויף דער וואָך, אָבער גיב נאָר אַ קוק און זע: אָט קערן צוריק דיין פאָטער און ברודער, און נאָך זיי רייטן צוויי פרויען אויף קעמלען און קנעכט און דינסטן—נאָך זיי.
און שולמית האָט עס געזען און איר פּנים האָט באַקומען אַ שלעכט אויסזען, און זי האָט געזאָגט:
—לאָמיך נאָר אַריינגיין אין גאָרטן, און לאָמיך נישט זיין, ווי איך וואָלט אויסגעקוקט זייער אָנקומען.
אַזוי האָט זי געזאָגט און איז אַריין אין גאָרטן.
און דער חברונער מיט אַלע, וואָס זיינען מיט אים אָנגעקומען, האָבן אַראָפּגעגנידערט פון זייערע מוילאייזלען און קעמלען, כדי צו פוס דורכגיין דאָס שטיקל אָרט ביז דער וואוינונג, און אַ פרוי נאָך גאָר אַ יונגע, פון אַ יאָר צוואַנציק, זייער אַ בחנטע, אָנגעטאָן אין טייערער געוועב, גייט אָנגעלענט אויף דער רעכ־טער האַנט פון חברונער, און פון זיין לינקער זייט גייט די חשובע האַרינטע יהושבע, און זי איז טרויריק. אויף איר פּנים איז נאָך צו זען די צייכנס פון איר שיינקייט און איר יוגנט, און זי איז אָנגעקליידט אין אַ געוועב פון שוואַרץ זיידנס,—אין טרויער-קליידער נאָך איר מאַן אלקנה, דעם שני למלך, וועמען ס'האָט אין קריג געהרגעט זכרי דער העלד פון אפרים.
און דער חברונער האָט געזאָגט צו זיין זון צפניה:
—גיי מיט איינעם פון אונזערע קנעכט צום העכסטן פעלזבאַרג, און פאַרבעט מיר אַהער דעם איינזאַמען, וואָס זיצט דאָרט.

און ער האָט זיך געווענדט צו זיין ביי ווייב און צו יהושבען און געזאָגט:
—דער מענטש, וואָס לעבט דאָרט איינזאַם איז אַ העלדישער יע־גער, עסט דאָס ברויט פון שטאַרקע און דערנערט זיך פון חיות־

פאַנג, וואָס ער פאַנגט אין לבנון; און איך האָב אים נעכטן פאַרבעטן צו קומען צו מיר אין מיין וואוינונג, זיך צו פרייען מיט מיין פרייד.
און יהושבע האָט זיך אַרומגעקוקט אויף דעם שיינעם לבנון און חרמון־בערג, און זי האָט געזאָגט:
—דאָ איז ווירקלעך אַ הערלעכע שיינקייט, אַ רואיק ווינקל אָן שרעק, און דאָ האָט גאָט אַראָפּגעשיקט זיין ברכה.
—הויב נאָר אויף דיינע אויגן, געשעצטע האַרינטע,—האָט געזאָגט דער חברונער—און זע נאָר די הויכע בערג, קוק נאָר אויף דער זייט, וואָס איז ביי די ווענט פון מיין הויז, דער פעלז שטייט גלייך ווי אַ הויכע דערהויבענע וואַנט, שטאַרקער פעסטער שטיין, גרויזאַם און מוראדיק שטייט ער
—ער שפּאַרט דאָך אָן דעם הימל—האָט יהושבע געענטפערט—אַזוי, אַז אויב איך וועל אויפהייבן די אויגן אַרויפצוקוקן, וועלן ציטערן מיינע וויעס און עס וועט מיר אָנהייבן שווינדלען אין האַרצן.
אַזוי ווי זי רעדט אַזוי גייענדיק, און דעם חברונערס וואוינונג איז שוין פאַר אירע אויגן און פאַר דער שוועסטערס אויגן. און זיין וואוינונג שטייט ביים צופוסנס פון פעלז, אויף אַ פירקאַנטיקן שווערן שטיין, און זיינע זייטן זיינען אויפגעשטעלט הויך ווי די הייך פון אַ מאַן, מיט טרעפּלעך גייט מען אַרויף אויף אים, און אַ געלענדער איז געמאַכט אויבן, אויף אַלע פיר זייטן אַרום, כדי מען זאָל פון דאָרטן נישט אַראָפּפאַלן.

און דער חברונער האָט מיט איין האַנט אָנגענומען זיין ווייב פאַר דער האַנט, און מיט דער אַנדערער—די האַנט פון יהושבען, און ער האָט זיי אַרויפגעפירט אויבן אויפן ברייטן, שטאַרק ברייטן שטיין, אויף אים זיינען אויסגעבויט גלוסטיקע הייזער, שטעלעכלעך פאַר שעפסן, שטאַלן פאַר רינדער און פערדשטאַלן—פאַר פערד, מוילאייזלען און קעמלען.
און ער האָט געזאָגט צו זיין ווייב:
—באַטראַכט נאָר, מיין האַרצנסגעליבטע, דיין וואוינאָרט: הינטן

ביים שטיין איז פון איין זייט דער גרויסער פעלז, און פון דער אַנדערער זייט אַ גלוסטיקער ווייגאָרטן, אַרום אים אַלע טייערע פאַרפלאַנצונגען: צעדערביימער, אַקאַציעביימער, מירטנביימער און בוימיילביימער, אויך פרישע ציפּריסנביימער, היימען פאַר דעם בושל. אין גאָרטן געפינט זיך אַ סאַזעווקע, אַ קוואַל וואָס גיסט מיט קאַלטע, ריינע, מחיהדיקע וואַסער, און פון דער פרישער זייט איז אַ גרינס־גאָרטן וואָס איז פייכט פון די בערגשטראָמען. דער גאָרטן גיט שפּייז פאַר די איינוואוינער פון מיין הויז. ווייטער פון אים, אַ פעלד מיט פעטן ווייץ; און געליבט איז גאָט, וואָס טאָג־טעגלעך באַלאָד ער אונז,—דערפילט מיין הויז מיט אַלדאָסגוטס: פון מיינע יונגע פי, איז פאַראַן אַ סך פוטער און מילך, פון שערן מיינע שעפסן האָבן מיר קלאָרריינע וואָל, מיר פאַנגען דאָ אויך פון די חיות אין לבנון, מיר פאַנגען אַ ווידער, אַ הירש און אַ דאַמהירש, און ווי דאָס זאַמד פון ים זיינען דאָ פאַראַן פייגל. מיינע קעלטערס גיבן צו טרינקען דעם טייערסטן וויין, עס פעלט אונז גאָרנישט. דאָ איז פאַראַן האָניג און זיסקייטן, דער פיינט טוט אונז נישט רייצן, און ווידערשפּעניקע קערן זיך אָפּ פון דעם אָרט. אויך די ווילדע חיות ציטערן פאַר דעם פלאַץ: טוען נישט קיין שלעכטס און פאַרדאַרבן נישט אין אונזער גבול. דאָ לאַכן מיר פון רויב און הונגער, וואָרום גאָט האָט געבענטשט מיין פאַרמעגן, און מיינע קנעכט גייען צו זייער אַרבעט מיט גרויס געניטקייט, דעריבער אַנטלויפט פון אונז די זאָרג, עס טוט זיך פרייען דאָס פעלד און עס זינגען די ביימער אין וואַלד, דאָ פאַרברענגען מיר אין גוטס, רו און זיכערקייט, און צום פרידן איז גאָר קיין גבול נישטאָ, און אויך דו, מיין ווייב, וועסט זאָגן: אַז דאָ איז אַ גן־עדן.

—דו ווייסט דאָך, מאַן מיינער,—האָט אים זיין ווייב זעענטפערט— אַז אין זאַלן פון העלפאַנטביין בין איך געבוירן געוואָרן, אין וואוילטאָג איז דורך מיין קינדהייט און יוגנט, פונדעסטוועגן גלוסט איך צו זיצן דאָ מיט דיר, און אלוואַי, עס זאָל זיין אויף אייביק.

און דער חברונער האָט זיך געווענדט צו איינעם פון זיינע הויזבאַדינער און האָט אים געפרעגט:

—וואו איז שולמית?

און דער דינער האָט געזאָגט:

—זי איז אין גאָרטן.

און דער חברונער מיט זיין ווייב און איר שוועסטער, האָבן געניִדערט אין גאָרטן אַריין. און שולמית שטייט צווישן די באַלזאַמפלאַנצן, ווי אַ רויז אָנגעזעטיקט פון טוי און פון טייערסטע גערוכן, און צוויי שיינע, יונגע הירשן שפּרינגען און טאַנצן אַרום איר, זוכנדיק צו עסן פון איר האַנט, וואָרום אַזוי זיינען זיי צו איר שוין געווען צוגעוואוינט, און זי גיט זיי צו עסן. און די צוויי פרויען האָבן דאָס געזען און זיך ביידע געוואונ־דערט. און יהושבע האָט גערעדט צו איר שוועסטער און איר מאַן אַזוי צו זאָגן:

—אַלע וואָס האָבן געקענט אלקנהן, וועלן באַלד דערזען ווי דאָס מיידל איז אין אים געראָטן. און אַזוי ריידנדיק זיינען אירע אויגן נאַס געוואָרן פון טרויער. און דער חברונער האָט אַ וואונק געטאָן מיט דער האַנט צו שולמיתן, און זי האָט גע־בענטש צו אים, און ער האָט געזאָגט צו איר:

—דאָס איז מיין ווייב חנה, וואָס איז צו דיר וואוילגענייגט, און אויך דו, טאָכטער מיינע, זאָלסט איר ליב האָבן. זאָל אייער זיצן בייזאַמען זיין מיט פרידן און רו.

—איך האָב קיינמאָל נישט פיינט געהאַט קיין מענטש—האָט שולמית געענטפערט מיטן גאַנצן ריינעם האַרצן-און נאָך דעם ווי מיין מוטער איז געשטאָרבן, ווי טייער איז דער גענאָד, וואָס עס וועט צו מיר נייגן די צאַרטע, וואָס קומט אַריין אין דיין הויז!

—גאָט זאָל דיך לייטזעליקן, טאָכטער מיינע,—האָט יהושבע גע־זאָגט קושנדיק זי.

—און חן און פרידן זאָל דיר גאָט געבן, מיין שיינע חברטע—האָט חנה געענטפערט, פאַלנדיק זי אויפן האַלז און זי געהאַלזט צווישן אירע אָרעמס.

און יהושבע שטייט נאָך און קוקט זיך איין אין איר, פּלוצלונג האָט זי זיך אויפגעכאַפּט, און אירע אויגן האָבן אַ וואונק געד טאָן צום חברונער, האָט אַ שאָקל געטאָן מיט דער האַנט און זיך אַ ביסל דערווייטערט פון אָרט, וואו זי איז געשטאַנען. און דער חברונער איז איר נאָכגעגאַנגען און זי האָט אים איינגער רוימט אין אויער אַזוי צו זאָגן:

—מיר איז איינגעפאַלן, אַז שולמות פּאַסט זייער צו אַ טייערן בחורל און זיין נאָמען איז אליפלט, ער איז נאָך אַ יונגל, אָבער ווי גוט, שיין און שטאַרק ער איז, נאָר זאָג איר גאָרנישט דער־פון, ביז מיר וועלן אויספאָרשן איר האַרץ. איך וועל אים שטאַרק לויבן פאַר איר, און זי זאָל נישט וויסן, וואָס איך מיין מיט דעם. איך וועל דערציילן וועגן זיין העלדישקייט און גרויסע מעלות, איך וועל אויך נישט פאַרשווייגן זיין אָפּשטאַמונג: אליפלט קומט אַרויס פון אָרימע ווי אַ שיין געוויקס פון וויס־טער ערד, און איצט וועט ער גרויס ווערן ווי אַ צעדערבוים אין לבנון, וואָרום גרויסע זאַכן האָט ער באַוויזן צו טאָן; ס'איז באַקאַנט אין די טויערן פון ציון, דעריבער איז זיין נאָמען באַוואוסט אין יהודה. ס'איז אָבער איצט נישט קיין צייט צו ריידן, וואָרום דאָס האַרץ איז אין מיר דערשלאָגן און איך בין שטאַרק מיד פון וועג.

אַזוי האָט געזאָגט יהושבע, און זי מיטן חברונער האָבן צוריק־געקערט אויף זייער אָרט. און ס'האָט געזאָגט צו איר איר שוועסטער חנה:

—שולמית, מיין חברטע, באַדויערט דיך שטאַרק, זעענדיק דיך זייער אַ טרויעריקע, און איר ווילן איז דיך צו זען אַ פרייליכע און אויפגעלייקטע, ווייל אַזוי פּאַסט דיר; און יהושבע האָט געשמייכלט צו איר און געזאָגט:

—זאָל גאָט געבן, דו זאָלסט שטענדיק זיין פריילעך, און פרייד און גליק זאָלן זיך קיינמאָל נישט אָפּטאָן פון דיין האַרצן. אויך איך בין געווען פריילעך אין מיין יוגנט, און אַלע, וואָס האָבן מיך געקענט, האָבן געזאָגט, אַז איך בין באַשאַפן געוואָרן נאָר פאַר פרייד און גליק. אַזוי האָב איך זיך טאַקע געפירט, כ'האָב

נישט פאַרמיטן מיין האַרץ פון אַלע קעניגלעכע פאַרגעניגנס, דאָס אָבער איז געווען, ווען מיין מאַן, דער שני למלך האָט געלעבט, און פון זינט ער איז אומגעקומען אין דער מלחמה — האָט מיר גאָט געגעבן אַ געבראָכן האַרץ: וואָרום אָפּגעטאָן האָט זיך פון מיר פרייד און גליק. כ׳קען נישט רוען און כ׳קען זיך נישט איינשטילן, איך גאַר כסדר אַהין וואוהין עס ציט מיין האַרץ, און אַז איך קום אַהין, ווערט מיר דאָרט אויך נישט גרינגער. אַזוי טרייבט מיך אַ שלעכט געמיט פון איין אָרט צום אַנדערן, און דערפאַר בין איך אַזוי אויסגעמאַטערט, זוך מיר רו און די רו איז נישטאָ, זוך זיך טרייסט — און געפין נישט. און אַזוי איז מיט בייז און שלעכטס אָנגעזעטיקט מיין געמיט. נישט אויף דיר געזאָגט, שולמית, טאָכטער מיינע, און נישט אויף אייך אַלע, מיינע טייערע, געזאָגט. אָבער גאָט איז גע־רעכט אויף אַלעם, וואָס איז מיר צוהאַנענגעקומען, איך אַליין האָב אויך אַזוי פאַרפאָלגט ריינע אומשולדיקע מענטשן האָב זיי געטריבן, ווי עס ווערן געטריבן פליעוועס צווישן בערג.

און מנוח האָט אָנגענומען זיין ווייב חנה ביי דער האַנט, און יהושבע איז אויך געגאַנגען מיט איר. און ער האָט זיי אַריינ־געפירט אין זיין הויז אַריין, און האָט באַפוילן די הויזבאַדינער און זיי האָבן אויסגעשטעלט אויפן טיש זיסע זאַכן און זאַפט פון מילגרוימען. און יהושבע האָט באַוואונדערט די צימערן, וואָס געדיכטע ציפּריסנביימער האָבן זיי אַרומגעקרוינט, און זי האָט פאַרזוכט פון די זיסע זאַכן, אויך חנה און שולמית האָבן פאַרזוכט, און דער חברונער האָט זיך זייער געפרייט און געזאָגט:

— ס׳טוט מיר באַנג, וואָס אויך דיין טאָכטער קציעה איז אַהער נישט געקומען, וואָרום דאָ געפינט זי שולמיתן ווי אַ שוועסטער צו איר, און נאָכוואָס זאָל זי זיצן אַליין אין ציון?

— זי איז נישט אַליין — האָט יהושבע געענטפערט — וואָרום אירע אַלע חברטעס קומען כסדר זי צו טרייסטן פון איר צער. דאָרט געפינט זיך איינע פון די טעכטער אין אפרים, איר נאָמען איז תרצה, דאָס ווייב פון ידידיה דער אויפזעער פון קעניגס אוצרות.

זי איז שיין, צאַרט און וואוינט גליקלעך אין וואוינונג פון איר מאַן, זי קומט כסדר אין מיינע זאַלן און שמועסט מיט מיין טאָכטער קציעה. אוןביידע צוזאַמען קומען כסדר אין הויז פון מרים, די טאָכטער פון שמיר, וואָס איז אַמאָל געווען די קרוין פון איר מאַן עוזיאל, און שוין אַ יאָר זעכצען וואָס זי איז עלנט ווי אַ לעבעדיקע אלמנה.

—איך האָב געהערט פון איר—האָט חנה געענטפערט—איר נאָמען איז ווי ריינער בוימאייל אויף אין אפרים. צי איז טאַקע אמת, אַז איר פאָטער שמיר האָט זי אומגליקלעך געמאַכט?

—אַזוי איז עס, שוועסטער מיינע—האָט יהושבע געענטפערט מיט אַ זיפץ—זייער ווייניק האָט מרים געוואוינט מיט איר מאַן עוזיאל, דער האַר פון איר יוגנט און האַר פון יהודה, ווייניק האָט זי פאַרזוכט נחת, גליק און ליבע, און אויף לאַנגע יאָרן טוט זי געדענקען די אַמאָליקע חדשים. וואָרום פינסטער געוואָרן איז איר זון אין מיטן לייכטן. און צוליב דעם צאָרן פון קעניג אחז, איז זי פאַרטריבן געוואָרן פון איר פאַרגעניגנהויז, און זיין באַפעל איז שטאַרק אויף איר: זי זאָל נישט וואַגן אַרויסצוגיין ווייטער פון דער שטאָטמויער. דעמאָלט איז מרים געבליבן אָן אַ הילף און אָן אַ באַשיצער, וואָרום אויך דער צאָרן פון איר פאָטער איז אויף איר אויסגעגאָסן געוואָרן, דערפאַר וואָס זי האָט ווידערגעשפעניקט זיין געבאָט און געגאַנגען נאָך עוזיאלן, ווען ער האָט שטאַרק פיינט. און זי האָט מורא איבערצוטרעטן די שוועל פון זיין הויז, ער זאָל איר קיין שלעכטס נישט טאָן.

אין דערדאָזיקער שלעכטער צייט, איז זי געקומען אין הויז פון מיין מאַן אלקנה, דעם שני למלך, צו בעטן ער זאָל זיך אויף איר דערבאַרמען. און איך בין מודה אויף מיינע זינד, די זינד פון מיין יוגנט, וואָס איך בין באַגאַנגען קעגן מרימן, וואָרום איך האָב מיט אַ גרינג האַרץ צוגעקוקט אירע ליידן און זיך געפרייט אויף איר בראָך, וואָס ס׳איז איר צוהאַנענגעקומען, און מיט דעם שטאָלץ פון אַ צאַרטע האַרינטע, וואָס זיצט זיך פאַרזיכערט אויף דער שטורמדיקער שיף, האָב איך

קעגן איר געעפנט אַ מויל אַזוי צו זאָגן: דו אַליין ביזט זיך דאָך שולדיק, ווייל דו האָסט נישט געוואָלט זכרין, דעם העלד פון אפרים, וועמען דיין פּאָטער האָט אויסגעוויילט, און מיט דיין אויסגעלאַסן האַרץ ביזטו געגאַנגען נאָך עוזיאלן, אויף וועמען עס צאָרנט אחז דעם קעניגס זון. ביזט געגאַנגען אין אַ שלעכטן אומווירדיקן וועג און אויף דיין נאַרישקייט זאָל איצט צאָרנען דיין האַרץ.

אַזוי האָב איך גערעדט, כּדי זי צו דערצערנען און זי צו דער־נידעריקן ביז דער ערד, פאַר איר פּיינטשאַפט צו אפרים, מיין פאָלק, און זכרין דעם העלד אונזערן. וויי איז מיר, די פרוי וואָס איז געווען בלינד צו זען, אַז דערדאָזיקער העלד וועט ברענגען דעם טויט אויף מיין מאַן, דאָס גלוסטונג פון מיינע אויגן. גאָט האָט מיר באַצאָלט, ווי איך האָב זיך פאַרדינט. מיין מאַן אָבער, איז געווען בעסער פון מיר, וואָרום ער האָט זיך דערבאַרמט אויף מרימן, וואָס איז געבליבן אַ פאַרלאָזטע אין אַ מדבר, און ער האָט זי פאַרבאָרגן אין זיין געצעלט און ער האָט געשיקט רופן שמירן, האָט אים אויסגעשטראָפט, און גע־בעטן אים, ער זאָל נישט אָפּקערן זיין האַרץ פון זיין טאָכ־טער—זיין בלוט און פלייש.

—איך האָב מער נישט קיין טאָכטער—האָט שמיר געענטפערט—וואָרום זי האָט אָפּגעקערט איר האַרץ פון פאָטער און איז גע־גאַנגען נאָך מיין שונא, און אים געמאַכט ארבן זייער גרויסן אוצר, וואָס ער האָט מיט זיך מיטגענומען און אַנטלאָפן און פון איר ליבע איז אויך פאַלשע פרוכטן אַרויסגעקומען: וואָרום זי האָט אים געבוירן אַ זון. אָבער איך וועל אים אומברענגען, און וועל איר קינד אַוועקגעבן צו פאַרברענען אויפן מולך. איך האָב מער נישט קיין טאָכטער, און איר אָנדענק פאַר מיר איז ווי אַ שטעכיקער דאָרן, און ווער וואָלט מיר געקומען אָנזאָגן, אַז די פאַרשאָלטענע, אומווירדיקע, איז געשטאָרבן, וואָלט איך אים געדאַנקט און באַשאָנקען מיט אַלדאָסגוטס.

—שמיר!—חאָט מיין מאַן אויסגעשריגן—זיי נישט ווילד ווי אַ לייב אין וואַלד, דערבאַרם זיך אויף דיין טאָכטער, וואָס גע-

פינט זיך צווישן ווילדע חיות און איז אָנגעבריייט פאַרצוקט צו ווערן. און אויב נישט איר אליין צוליב, דאַרפסטו זיך אויף איר דערבאַרמען צוליב איר מוטער דבורה, וואָס האָט דיר אָוועקגעגעבן איר יוגנט און דיר געבראַכט אין אירע זאַלן.

דער סוף איז געוואָרן, אַז מיין מאַן האָט צוריקגעבראַכט מרימן אין הויז פון איר פאָטער. אָבער שמיר האָט אויסגעלאָזט זיין צאָרן צו איר קינד, וואָרום ער האָט אים פאַרברענט אויפן מולך און דערמיט באַרואיקט זיין צאָרן אויף עוזיאלן, וואָרום ער האָט אָפּגעמעקט זיין אָנדענק, און צוביסלעכווייז האָט ער אָנגעהויבן רחמנות האָבן אויף זיין טאָכטער מרים. אָבער וואָס קען איר העלפן זיין רחמנות, אַז זי איז אָפּגעשיידט פון גלוסטיקן מאַן, וואָס זי האָט ליב. און זי בענקט און גאַרט נאָך אים; און ווען זי וואָלט אַפילו געוואוסט, וואו ער געפינט זיך, צי וואָלט זי דען געקענט וואוינען מיט אים צוזאַמען? דער באַפעל פון קעניג איז דאָך פעסט פאַר איר: נישט אַרויסצוגיין ווייטער פון שטאָטמויער, וואָרום זי וועט אומקומען. און פאַר עוזיאלן זיינען גרייט גרויסע שטראָפן אין יהודה און אין אפרים: אויף אים וואַרט דער צאָרן פון קעניג אחז צוליב מרימן, און דער צאָרן פון אפרים—פאַר דער פעלשונג, וואָס ער האָט אין זיי געפעלשט. דאָס אַלץ איז געקומען אויף דער גוטער מרים; זי האָט טאַקע אַ גוט האַרץ, וואָרום זי געדענקט מיר אַפילו נישט דאָס בייז, וואָס איך האָב איר אַמאָל געטאָן.

—איין זאַך נאָר וועל איך דיך פרעגן, שוועסטער מיינע,—האָט חנה געזאָגט—צי נאָך ביז אַהער איז מרים פאַרטריבן פון איר פאַרגעניגנהויז?

—ניין, שוועסטער מיינע,—האָט איר יהושבע געענטפערט—וואָרום אין אַ שטיק צייט אַרום זיינען איר צוריקגעקערט געוואָרן אירע הייזער, לויטן באַפעל פון עזריקם, וואָס איז אַ פאַרוואַנדעטער צו עוזיאלן. אָבער וואָס קענען איר שוין העלפן אַלע טייערע זאַלן, און זיי דערמאָנען איר אַלע אירע גלוסטונגען, וואָס זי האָט געהאַט, אין אַמאָליקע צייטן, ווען זי האָט גע־

וואוינט מיט איר מאַן. און פון מיר אַליין ווייס איך עס: אויך איך האָב טייערע זאַלן און טרויער און לייד נעכטיקן אין זיי.

אַזוי האָט זי געזאָגט און מער נישט געקענט ריידן, וואָרום זי איז זייער דערשיטערט געוואָרן.
און דער חברונער האָט געזאָגט:
—כ'בעט דיך, האַרינטע פון ציון, גיי מיט מיין ווייב אין אָפּ־קילונגסצימער, צוגעבן שלאָף צו אייערע אויגן. מיין טאָכטער שולמית וועט אייך אַהין אַריינפירן און אייער רו וועט אייך אָפּצאָלן פאַר דער נאַכט, וואָס איר זענט נישט געשלאָפן אין וועג.
—לאָמיך געפונען חן אין אייערע אויגן—האָט שולמית צו זיי געזאָגט—איר וועט דאָך גיין נאָך מיר אין אָפּקילונגסצימער, דאָרט וועט איר זיך אויסרוען.
—קום, מיין האַרציקע פריינדין און פיר אונז—האָט חנה געענט־פערט. און זי און יהושבע איר שוועסטער זיינען געגאַנגען נאָך שולמיתן אין אָפּרוצימער. און דער חברונער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער צו זען, ווי דער איינזאַמער קומט אָן, און ער איז אַרויסגעגאַנגען.

# ו.

ס'איז דורך די מיטאָגשעה. דער טאָג ברענט נאָך און זיין היץ שלאָגט אַריין אין לבנון, אין די ערטער, וואו זיינע צעדערביימער זיינען שיטער, אָפּגעשיידט און פלעכטן זיך נישט איינער אין אַנדערן. יהושבע און חנה שלאָפן נאָך אין אָפּקי־לונגסצימער. אין גאָרטן איז דער טיש געגרייט אין שאָטן פון געדיכטע ציפּריסנביימער, וואָס שטייען מיט לאַנגע צווייגן און זייערע געדיכטע פרישע קעפּ הענגען אַראָפּ ווי אַ צודעק אויף פאַרבאָרגן און באַשיצן פון דער זומערהיץ. און אויפן טיש שטייט אָנגעשטעלט זייער אַ סך פון פאַרשידענערליי שפּייזן און גלוסטיקע מאכלים: שעפּסנפלייש, פלייש פון געשטאָפּטע קעלבער, ווידעס, הירשן און פייגל. דאָס אַלעס איז געבראָטן; עס שטייט אויך ווייַן פון לבנון און אַנדערע ווייַנען, זאַפט, ביר און פרוכטן און זיסע זאַכן. דאָס אַלץ האָט דער חברונער צוגעגרייט אויפן טאָג פון זיין פרייד, און ער שפּאַצירט זיך הין און צוריק אין גאָרטן און וואַרט, אויף דער צייט וואָס זיין ווייב און איר שוועסטער יהושבע וועלן אויפשטיין.

אַזוי ווי ער שפּאַציר׳ט אַזוי, און זיין זון צפניה מיט זיין קנעכט און דער איינזאַמער קומען אָן. און ס׳האָט זיך דער־פרייט דער חברונער מיט זייער אָנקומען און געזאָגט:
—קום, געבענטשטער פון גאָט, מיין איינזאַמער חבר.
און ער האָט אים גענומען און אים געבראַכט אין גאָרטן אַריין, און צפניה מיט זיין קנעכט זיינען אַרויסגעגאַנגען.
און דער חברונער האָט געזאָגט צו עוזיאלן:
—איך פריי מיך זייער, וואָס איך האָב דיך געפונען נאָענט צו מיר, אָבער זאָג מיר, ווי איז דיין נייער נאָמען, מיט וועלכן איך זאָל דיך רופן ווען נעבן אונז וועלן זיין יהושבע און מיינע הויזמענטשן?
—אַלידע זאָל זיין מיין נאָמען—האָט אים עוזיאל געענטפערט—איך זאָל נישט באַוואוסט ווערן (אל ידע: נישט וויסן) נאָר אַ ביסל האָב איך פאַר דיר מיין חבר און פריינט, אַנטפּלעקט, די הויפּטזאַכן האָב איך פאַרבאָרגן אין מיין האַרץ. איך האָב אויך געשוואוירן צו מרים מיין געליבט ווייב, איך זאָל זיי פאַרבאָרגן. און איך האָף, אַז דו וועסט נישט צושטיין צו מיר איך זאָל זיי דיר אַנטפּלעקן. איינס האָב איך דיר געזאָגט, אַז נישט מיינע זינד האָב איך באַהאַלטן, און גאָט ווייסט און איז מיין עדות, אַז איך בין ריין פון זינד.
—זאָל זיין ווי דו זאָגסט, האַר מיינער—האָט אים מנוח געענט־פערט—נאָר איין זאַך זאָג מיר: איך האָב דאָך נעכטן געהערט, ווי דו בעטסט צו גאָט פאַר דיין זון, וואָס דו האָסט געלאָזט דיין ווייב ווען ביזט אַנטלאָפן, ער איז דאָך שוין אויסגעוואַקסן און געוואָרן אַ גרויסער און וואָס האָסטו געהערט וועגן אים; געדענק, אַז די שיינע שולמית, די טאָכטער פון אלקנה, דעם שני למלך איז אין מיין הויז, און ווי גוט וואָלט געווען ווען דו נעמסט זי פאַר דיין זון.
און עוזיאל האָט אָפּגעזיפצט און געזאָגט:
—אַן איינזאַמער בין איך דאָ, און וועמען זאָל איך פרעגן און ער זאָל מיר דערציילן וועגן מיין זון? און אויב דו ווילסט דורכפירן דיין גוטן פּלאַן, נעם זשע און גיי אויף קיין ירושלים

און וועסט דאָס זאָגן מרימן און זי וועט דיר זאָגן איר פאַר־
לאַנג.

און מנוח האָט אָפּגעזיפצט מיט ביטערניש, וואָרום ער האָט געהערט פון יהושבען, אַז שמיר האָט זיין זון געברענגט פאַר אַן אָפּפער צום מולך. און עוזיאל איז געווען אין זיינע אויגן ווי אַ פאַרביטערטער מענטש, וואָס איז פאַרבלאָנדזשעט צו גלייבן אין פאַלשע האָפנונגען, נישט וויסנדיק, אַז אויך די האָפנונג זיינע האָט געפעלשט אין אים. און ער האָט מער נישט גע־רעדט וועגן זיין זון, און האָט געזאָגט:

—לאָמיך גיין און זען, אפשר זיינען די פרויען שוין אויפגע־שטאַנען.

און אַזוי ווי ער רעדט אַזוי, און זיין קנעכט איז צוגעקומען און האָט געזאָגט:

—מיין האַרינטע האָט שוין אויפגעוואַכט, אויך איר שוועסטער איז שוין אויפגעשטאַנען, זי טוט אָבער וויינען און עס העלפן נישט די טרייסטווערטער פון מיין האַרינטע.

—אַלע מאָל וויינט זי—האָט דער חברונער געזאָגט צו עוזיאלן—און איר גאַנצע טרייסט איז, צו ריידן פון אירע צרות. נאָר, לאָמיך גיין רופן די פרויען צום טיש.

מנוח איז געגאַנגען און באַלד צוריקגעקומען אין גאָרטן מיט זיין ווייב און יהושבען, מיט צפניהן און שולמיתן. זיי אַלע האָט ער פאָרגעשטעלט פאַרן איינזאַמען, וועמען ער האָט גע־רופן אלידע, און ער האָט דערציילט פאַר זיין ווייב און יהושבען, אַז דערדאָזיקער אלידע איז אַ גרויסער יעגער און האָט אַ ריין האַרץ. שפייזט זיך פון פאַנג, און זעטיקט זיך פון זיין אַרבעט. אַ מענטש, וואָס איז ווייט פון רויב און איז נאָנט צו גאָט, און זייענדיק פרום צו גאָט, האָט ער פאַרלאָזט דעם שלעכטן דור צו זיצן איינזאַם אין לבנון.

און די צאַרטע חנה האָט עס אויסגעהערט און געפרעגט:

—און וואו איז זיין ווייב מיט זיינע קינדער?

—ער איז איינער אַליין.—האָט מנוח געענטפערט.

און יהושבע האָט אויפגעהויבן אירע אויגן אויפן איינזאַמען,

האָט זיך איינגעקוקט אין אים און געזאָגט:

—וואונדערלעך איז זיין פּיראַכץ, ער איז דאָך אַ העלדישער מאַן, און נאָך ביי די בעסטע כּחות און אים איז מיאוס דאָס לעבן. וואָרום אַ מענטש ווייסט נישט פון קיין לעבן צו זאָגן, ביירערט מיט דעם ווייב, וואָס ער האָט ליב; זי איז זיין גאַנץ גליק, און ס׳איז נישט גוט פאַר אַ מענטש צו לעבן איינער אַליין.

—אַזוי איז עס לויט דיין מיינונג, צאַרטע האַרינטע—האָט דער איינזאַמער געענטפערט—אָבער איך האַלט נישט אַזוי, איך האָב געוואוסט פון אַ לעבן אָבער מענטשן האָבן מיר דאָס לעבן פאַרשטערט, און זיי האָבן מיך פיינט געהאַט און האָבן מיין לעבן פאַרביטערט, דעריבער איז מיר די וועלט מיאוס געוואָרן ווי אַ מדבר, ווי אַ שרעקלעך לאַנד. איינס איז ביי מיר געבליבן: דער מענטש, וואָס וויל לעבן און בלייבן באַגלייבט צו גאָט, זאָל ער וואוינען איינזאַם, זאָל ער זיך אויסלאַכן פון דער גרויסער ברומענדיקער שטאָט מיט אירע איינוואוינער, זאָל ער פאַרלאָזן זיין פאָלק אין פאָטערס הויז און זיך באַזעצן אין די היילן פון די פעלזן. אַזוי איז אליהו הנביא אַנטלאָפן פון דער בלוטיקער איזבלס צאָרן, און זיך באַהאַלטן אין אַ הייל, וואו גאָט האָט זיך צו אים באַוויזן, איך בין נישט קיין נביא, איך האָב אָבער ליב רעכטפאָרטיקייט און פיינט בייזעס. כ׳האָב געזען ווי מיין לאַנד איז זינדיק, האָב איך פאַרלאָזט מיין פאָלק, איבערגעלאָזט מיין פאַרמעגן און אַהער אַנטלאָפן.

יהושבע האָט זיך פאַרוואונדערט אויף זיין שיין ריידן, און האָט פאַר אים דערציילט אַלעס, וואָס ס׳האָט מיט איר פּאַסירט, און געזאָגט: און איצט איז מיר ביטער און וויי און איך זוך מיין טרייסט אין אויסדערציילן מיינע צרות.

—און פונדעסטוועגן שטאַרק זיך איבער דיין טרויער—האָט מנוח געזאָגט—לאָמיר עסן און טרינקען, און דערנאָך, איידעלע האַרינטע, וועסטו ריידן דיינע רייד. מען טאָר זיך נישט צופיל אונטערגעבן דעם טרויער און די פּיין.

—אַזוי זאָגט אויך מיין חברטע מרים—האָט יהושבע געענטפערט—

דידאָזיקע איידעלע פֿרוי, האָט אויך ווי איך געוואוסט פֿון אַ רייך גליקלעך לעבן אין דער יוגנט. איר מאַן עוזיאל, וואָס קומט אַרויס פֿון קעניגלעכן שטאַם, האָט זי ליב געהאַט ווי דאָס שוואַרצאַפּל פֿון אויג, און אַזוי אויך האָט זי אים ליב געהאַט, און נאָכדעם ווי עס איז פֿון איר צוגענומען געוואָרן איר גליק, איז זי נישט אינגאַנצן געפֿאַלן און קלאָגט נישט פֿונדעסטוועגן, און אַז זי האָט נישט קיין אייגענע קינדער, האָט זי זיך אָבער געפֿונען אַן אָרים קינד און האָט אים דערצויגן ווי אַן אייגענעם זון, און זי האָט אים אויסגעהאָדעוועט און רופֿט אים: זון מיינער, כּדי זיך צו באַרואיקן. אַזוי זאָגט זי שטענדיק: דאָס ערשטע איז, זיך אָפּצוקערן פֿון וועג פֿון טרויער און זיך זוכן צו באַרואיקן.

און מנוח האָט זיך אָפּגערופֿן:

—דער טיש איז דאָך געגרייט, קומט זשע און לאָמיר עסן פֿון גאָטס גאָב, וואָרום אַלע קלוגע רייד העלפֿן נישט אויף הונגעריקע מענטשן, נישט אַזוי?

און חנה האָט געשמייכלט און זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין רעכטער זייט, און יהושבע—פֿון דער לינקער זייט, און נאָך איר—דער איינזאַמער. און שולמית און צפֿניה—ווי צוויי איילבירטפֿלאַנצונגען, זיצן אַרום טיש, נאָר אויך זיי פֿעלט נישט קיין זאָרג: צפֿניה האָט געטראַכט וועגן עדהן, די טאָכטער פֿון שמיר, זיין האַרצנסגעליבטע, וואָס ער האָט געפֿונען אין מואב און פֿאַרלוירן אין גלעד. און שולמית איז אויך טרויריק, וואָרום פֿון וויטן האָט זי געזען „איר טייערן", ווען ער איז געגאַנגען געפֿאַנגען פֿאַרן חיל פֿון אַרם, פֿון וויטנס האָט זי אים געזען און ער איז שטענדיק נאָענט פֿאַר איר, זי רעדט און טראַכט פֿון אים, און בעט גאָט פֿאַר אים אַלע מאָרגן. און די ביידע יונגע מענטשן האָבן זיך נישט געפֿרייט מיט דער שמחה פֿון נייעם ווייב, וואָס זייער פֿאָטער האָט זיך גענומען נאָכן טויט פֿון זייער מוטער. צי קען אויך קומען אַ פֿרייד אין האַרץ פֿון עוזיאל, וואָס פֿאַרבאָרגט זיין נאָמען. וואָס איז פֿאַרבאָרגן פֿון זיין געליבטער מרים, מיט וועלכער ער האָט אַ קור־

צע צייט געלעבט, און ער איז אָ־געשיידט און פֿאַריאָגט פֿון איר און פֿון זייער קינד, וואָס זי האָט אים געווינען? און זיין געבעט צו גאָט פֿאַר איר און פֿאַר אליפלט, דאָס ערשטע קינד זייערס, האָט זיך דאָך געהערט פֿון העכסטן פֿעלז און קיינער ווייסט נישט פֿון גאָרנישט. און פֿון אַלע וואָס זיינען געזעסן אַרום טיש, האָט זיך קיינער נישט געפֿרייט, נייערט מנוח און זיין ווייב, וואָס האָבן זיך געלאָזט וואוילגיין מיט זייער ליבשאַפֿט, קוקנדיק איינער צום אַנדערן. אָבער אויך זייער פֿרייד איז פֿאַרשטערט געוואָרן זעענדיק אַרום זיך טרויעריקע געמיטער און מיינענדיק, אַז צפניה און שולמית זיינען דאָס טרויריק צוליב זייער פֿאַרשטאָרבענער מוטער, האָט דאָס זיי שטאַרק פֿאַרדראָסן, דעריבער האָט מנוח געעפֿנט זיינע לעפֿצן און געזאָגט:

—נישט גוט איז פֿאַר אַ מענטש, צו לאָזן, אַז טרויער אוןליידן זאָלן איבער אים געוועלטיקן. אַ מענטש דאַרף גובר זיין זיין טרויער און זיך פֿרייען צווישן פֿריילעכע. ווארום טרויער פֿאַרדאַרבט דעם מענטשן און אַ פֿריילעך האַרץ ברענגט געזונטהייט. און דו, יהושבע מיין האַרינטע: אמת, גאָט האָט דיך געשטראָפֿט, צי איז דען אָבער קורץ זיין האַנט דיך אויסצוהיילן פֿון דיין בראָך? ביזט נאָך אַ שיינהייט צווישן פֿרויען און אַ קלוגע. הער זשע אויף צו טרויערן, פֿאַרמייד דיין שטים פֿון וויינען און דיינע אויגן—פֿון טרערן, ווארום גאָט וועט דיר נאָך באַווייזן אַ ליכטיק געשטאַלט. זאָלן די טויטע רוען אויף זייערע געלעגערס און געלויבט זאָל זיין דער אָנדענק זייערער, און די לעבעדיקע—זאָלן לעבן און וויסן פֿון פֿאַרגעניגן. ס׳קומט אָן דאָס יובל־יאָר און יעדער מענטש וועט צוריקקערן צו זיין נחלה, און די יוגנט צו זייער פֿרייד. איך מיט מיין ווייב וועל צוריקקערן אויף מיין נחלה, צו מיין משפּחה אין חברון; צו מיין זון צפניה, וועל איך נעמען אַ ווייב און וועל אים אַוועקגעבן מיין נחלה אין לבנון, דאָס אָרט, וואו ער איז געבוירן געוואָרן. און פֿאַר שולמיתן וועל איך געפֿינען אַ יוגנט־האַר אין ציון. און די געשעצטע יהושבע וועט מיר לערנען אויסצעווייל̄ן פֿאַר

איר אַ גליקלעכן מאַן. איך וועל אים נישט זאָגן צווישן די גרויסע לייט. נאָר ער זאָל זיין מיט אַ גוט פרום האַרץ. און אויב ער איז געבוירן פון פּראָסטע לייט, וועט ער זיך באַמיען אויפצוקומען און זיין ערע, מיט אייגענע קרעפטן דערגרייכן, און מיט אַזאַ מענטש וועט שולמית גליקלעך לעבן. נישט אַזוי דען?

—אַזאַ מענטש האָב איך געפונען אין אליפלטן—האָט יהושבע געענטפערט—צווישן פינצטערע איז ער געבוירן געוואָרן, אָבער זיין אייגענע ערע באַשיינט אים, און מרים פרייד זיך מיט אים נאָך איר זון, איר אייגן קינד, וואָס איז פון איר פאַרלוירן געוואָרן, ווי איך וועל אייך דערציילן.

און מנוח, אַז ער האָט געזען, ווי יהושבע איז גרייט צוריקצוקערן צו איר דערציילונג: צו דערציילן וואָס שמיר האָט געטאָן צום קינד וואָס ער האָט אומגעבראַכט אויפן מולך, האָט דאָס אים שטאַרק געקרענקט: וואָרום ער האָט מורא געהאַט, ס'זאָל נישט הערן דער איינזאַמער, דעם סוף וואָס עס האָט געהאַט זיין איינציקער זון, און וועט דערציטערט ווערן, און וועט נעמען פליעסקען מיט די הענט, און וועט זיך צעוויינען, און זיינע פאַרבאָרגענישן וועלן אנטפּלעקט ווערן.

און מנוח האָט געפּרובט זי צו שטערן מיט רייד, יהושבע אָבער האָט אים נישט געהערט און האָט דערציילט אַזוי צו זאָגן:

—שמיר איז אַ חכם שלעכטס צו טאָן. און אַז ער האָט געוואָלט פאַרשניידן עוזיאלס שטאַם, האָט ער זיין קינד אומגעבראַכט אויפן מולך. אַזוי ווי איך רעד שוין, וועל איך אייך דערציילן דאָסדאָזיקע שרעקלעכע בילד און פון שרעק וועלן זיך אייך שטעלן די האָר קאַפּויר. וויי געשריגן! אויך דאָס האָב איך שוין צוגעקוקט אין מיין לעבן. דער עקלדיקער מיאוסער מולך איז אַ געץ, געמאַכט פון געברענטע קופּער, ער איז גרויס ווי אַ מענטש די הויך, אינגאַנצן ברענט ער און פלאַמט מיט פייערפונקען און דאָס קינד ליגט אויף זיינע הענט און שרייט ביטער פון גרויס ווייטאָק: מאַמע! מאַמע! גיך ראַטעווע מיך! און די

גייסטלעכע הויבן אויף אַ טומל דורך פויקן, קלינגערס און פייפלעך אויף צו פאַרשרייען דאָס געשריי פון קינד, ביז עס ווערט פאַרברענט. דאָס צוזעענדיק איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן, אַ טויטשרעק איז מיך באַפאַלן, די פיס האָבן מיר אָנגעהויבן אַזוי ציטערן, אַז איך האָב זיך נישט געקענט רירן פון אָרט, און מיינע קנעכט האָבן מיך אַוועקגעטראָגן פון דעם שרעקלעכן טאָל צו מיר אַהיים. אַזוי האָט זיך געפירט אחז, און זיין פאָלק—ווי ער! און גאָטס צאָרן האָט אויפגעפלאַקערט איבערן ביטערן געשריי פון די קינדער; האָט ער געשיקט אַ פייער און אָנגעצונדן יהודה און מיין מאַן איז אויך אומגעקומען. פון דעמאָלט אָן האָט זיך מיין צאָרן אָפּגעטאָן פון מרימן.

אָבער הערט און שטוינט! איך האָב געמיינט, אַז ווען די איידעלע מרים וועט זיך פון דעם דערוויסן, וועט זי זיך אומברענגען פון גרויס צער. אָבער נישט אַזוי איז עס געווען, מרים האָט עס געהערט און זי האָט געוויינט אַ גאַנצן טאָג, דערנאָך האָט זי אָפּגעוואַשן איר פּנים, און איז אויפגעגאַנגען אויפן הייליקן באַרג, וואו עס שטייט דער בית־המקדש, און האָט געבעטן צו גאָט פאַר איר מאַן עוזיאל, דאָס שוואַרצאַפּל פון איר אויג, ער זאָל אים אָפּהיטן וואו ער שטייט און גייט, און זאָל אים שיקן זיין הייליקע הילף צו יעדער צייט, וואָס ער וועט רופן צו אים. פון דעמאָלט אָן זיינען מיינע אויגן געעפנט געוואָרן צו זען, ווי גרויס עס איז מרים און ווי דערהויבן עס זיינען אירע וועגן. בין איך איר געפאַלן אויפן האַלז און האָב זי געבעטן, זי זאָל מיך האַלטן ווי אַן אייגענע שוועסטער. ווען נישט דאָס, וואָס זי זיצט אַן עגונה נאָך איר מאַן עוזיאל—וואָלט איך געבעטן מיין מאַן אלקנה, ער זאָל אויך זי נעמען פאַר אַ ווייב און איך וואָלט איר נישט פיינט געהאַט, אַזוי ווייט איז אונזער פיינטשאַפט איבערגעקערט געוואָרן צו שטאַרקער אייביקער ליבשאַפט. און ווי גרויס איז געווען איר קלאָגן אויף מיין בראָך, ווען מיין מאַן אלקנה איז געפאַלן דורך דער שווערד פון זכרי, דער העלד פון אפרים.

און צפניה און שולמית, אַז זיי האָבן געהערט די מוראדיקע דערציילונג וועגן מולך און זייערע אויגן זיינען נאַס געוואָרן. אויך דער איינזאַמער האָט געוויינט, און מנוח האָט געמיינט, אַז ער וויינט דאָס אויף זיין זון, וואָס שמיר האָט פאַרברענט אויפן מולך; אָבער נישט דאָס איז געווען דער קוואַל פון זיינע טרערן: וואָרום ער האָט געוואוסט, אַז ניט זיין זון, נאָר אַן עמלק־קינד, וואָס מען האָט פאַרביטן מיט זייער זון, האָט מען פאַרברענט אויפן מולך, זיין האַרץ אָבער איז אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט צו זיין ווייב מרים.

און יהושבע האָט ווייטער דערציילט:

—און מרים, פון דעם טאָג אָן, וואָס איר פאָטער האָט אָפּגעטאָן די שווידערלעכקייט, אָפּפערנדיק איר קינד צום מולך, האָט זי געעפנט אירע טירן פאַר אַלע אָרימע, וואָס קיינער האָט זיי נישט געוואָלט אַרייננעמען אין שטוב אַריין. און איין הויז אירס, איז געוואָרן ווי אַ גאַסטהויז פאַר פרעמדע אָרימע, וואָס זיינען געקומען קיין ירושלים, אַזוי אויך יעדער פאַרשטויסענער און אומגליקלעכער, וואָס קיינער דערבאַרמט זיך נישט אויף אים, טוט ער זיך צו איר ווענדן און געפינט הילף און שטיצע, וואָרום זי עפנט פאַר אים איר האַנט און אירע טרייסטווערטער דערקוויקן אים; און וויל זי האָט שטאַרק ליב איר לאַנד און פאָלק, טוט זי אַלץ אויף אויפצושטעלן פון די בחורים און ציון העלדן, אַזוי אויך האָט זי דערצויגן אליפלטן; דאָסדאָזיקע גלוסטיקע יונגל איז געבוירן געוואָרן ביי אָרימע עלטערן, און עס זיינען געקומען זיינע עלטערן צו מרימן און האָבן אים פאַרגעשטעלט פאַר איר, און דאָס יונגל איז זייער שיין, און זיי האָבן איר וועגן אים דערציילט, און מרים האָט צו אים געניינט איר גענאָד און ער איז געוואָרן פון די, וואָס עסן ביי איר טיש. און זי האָט אים געגעבן שיינע קליידער, אַזעלכע וואָס עס טוען אָן די קינדער פון די האַרן; און זי האָט אים דערצויגן ווי אַן אייגענעם זון. אַזוי איז מרים און דאָס איז איר רום אויפן וועג פון צדקה און גענאָד. דערפאַר טוען איר אַלע לויבן, טוען איר דערהייבן און גיבן איר אָפּ כבוד.

און מרימס גוטע מעשים זיינען נישט געווען אַרויסגעוואָרפן, וואָרום אליפלט מאַכט זיך באַרימט, גרויסעס וועט ער באַווייזן מיט זיין שווערד און בויגן צו דער ערע און רום פון זיין לאַנד און פאָלק. און ווי עס פרייד זיך אַ דערבאַרמיקע מוטער אויף איר געראָטן קינד, אַזוי פרייט זיך מרים מיט אליפלטן און זי רופט אים: מיין טייערער גלוסטיקער זון.

אוןווירקלעך: דאָס יונגל איז זייער גלוסטיק מיט זיין געשטאַלט און מיט זיין ליכטיק לעבעדיק פנים, זיינע אויגן בלישטשען ווי סאַפירשטיינער, איז זייער באַחנט און האָט אַ שטאַרק געמיט, און די לאָקן פון זיין קאָפּ גיבן אים צו נאָך מער חן, אַזוי ווייט, אַז אויך שמיר, מרימס פאָטער, דער בייזער מענטש, איז אויך צו אים וואוילגעניייגט. און ווען נישט זיין אָפּשטאַמונג און זיין פאָטערס הויז, וואָס איז נידעריק אין זיינע אויגן, וואָלט ער אים געגעבן זיין שיינע טאָכטער עדה פאַר אַ ווייב. און איך וועל זי געפונען פאַר פאַסיק און צוגעמאָסטן פאַר צפניהן. איך ווייס, אַז ער וועט איר געפעלן און אויך ער, וועט זי ליב האָבן מיט אַ שטאַרקער, אייביקער ליבע.

זי געפינט זיך איצט מיט איר מוטער אין מואב, אַהין זיינען זיי אַנטלאָפן דערוויסנדיק זיך, אַז שמיר האָט זי באַשטימט צו געבן צו זכרין, דעם העלד פון אפרים, כדי אים איבערצובעטן דערפאַר, וואָס ער האָט פון אים פאַרמיטן זיין עלטסטע טאָכטער מרים, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגל.

און צפניה האָט זיך אויפגעכאַפּט, דערהערנדיק ווי יהושבע רעדט וועגן זיין האַרצנסגעליבטע. און ער האָט שוין געוואָלט דערציילן, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט אין מואב, נאָר ער האָט געשוויגן און דאָס אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדער מאָל.

און די וואָס זיינען געזעסן אַרום טיש, האָבן געגעסן און געטרונקען און גאָט געלויבט; דערנאָך זיינען זיי אויפגעשטאַנען און מנוח האָט זיי געפירט אַרום זיינע וואוינונגען, כדי זיי צו באַווייזן די גאַנצע שיינע געגנט, און ער האָט געזאָגט:

—דאָס, וואָס איך האָב מיר פאַרגענומען, דאָס וועט געשען, אַז גאָט וועט באַוויליקן מיין וועג. נאָך אין א חודש אַרום, וועל איך מאַך מיין וועג קיין חברון. דאָרט וועל איך אין אָרדנונג ברענגען די נחלה פון מיינע עלטערן, מיינע וואוינונגען, מיין הויז און גערטנער, און מיינע פעלדער, און צווישן מיין פאָלק וועל איך מיך באַזעצן מיט מיין ווייב. און צפניה מיין זון, וועט וואוינען דאָ און פלאַנצן נאָך וויינגערטנער, און וועט אויפברענגען דעם גוטן לבנון-וויין קיין יהודה.
—צי טאַקע וועסטו אין גיכן אויפגיין קיין יהודה?—האָט עוזיאל געפרעגט—צי וועסטו מיר נעמען אין קאָמפּאַניע צו גיין מיט דיר קיין ירושלים צו בוקן זיך דאָרט אויפן הייליקן באַרג?

און דער חברונער האָט זיך געוואונדערט פון זיין פראַגע, וויסנ־דיק, אַז עס וואַרט דאָרט אויף אים די שווערד, ער האָט זיך אָבער באַלד באַטראַכט, אַז עס וועט אים דאָרט נישט דער־קענען קיינער פון זיינע אַמאָליקע באַקאַנטע, און ער האָט גע־זאָגט צו אים:
—איך בין גרייט צו טאָן דיין פאַרלאַנג, ווען דו וועסט נאָר וועלן.
—אָבער וואו וועל איך דאָרט וואוינען?—האָט עוזיאל געפרעגט—טאָמער וועל איך וועלן דאָרט בלייבן אויף אַ חודש צייט.

—דאָס איז אַ קלייניקייט—האָט יהושבע געענטפערט—איך וועל דיר מיטגעבן אַ בריוו צו מיין חברטע מרים, און זי וועט דיר געבן אַ וואוינונג, זי וועט דיך אויך שפייזן די גאַנצע צייט, וואָס דו וועסט זיין אין ירושלים. איך וועל דיר אויך אַ סך זאַכן איבערגעבן צו זאָגן איר און מיין טאָכטער, אָבער ווען גייסטו אַהין?
—ס'איז נאָך צייט—האָט דער איינזאַמער געענטפערט—אונזער פריינט מנוח וועט פריער אויפגיין קיין ירושלים, און נאָך דעם ווי ער וועט פאַר מיר צוגרייטן אַן אָרט וואו צו וואוינען, דע־מאָלט וועל איך גיין קיין ירושלים, וואָרום צו וואָס זאָל איך

קומען אין הויז פון דיין געשעצטע חברטע, ווי אַן אומגעבע־
טענער גאַסט? קיינמאָל בין איך נאָך נישט געווען קיין לאַסט
צו קיינעם.
—זאָל זיין אַזוי, מיין האַר—האָט יהושבע געענטפערט—איך וועל
פריער שרייבן מרימן וועגן דיר.
דער טאָג איז אַוועק, די נאַכט איז אָנגעקומען און אויף די
פליגל פון שלאָף געבראַכט גליק און פאַרגעניגן, מיט טרויער
און פאַרביטערטקייט: יעדן דאָס, פון וועלכן ער האָט געטראַכט
בייטאָג. אַן אַלע מענטשן פון מנוחס הויזגעזונט און דער איינ־
זאַמער מיט זיי, זיינען געשלאָפן זייער שלאָף, אַ רואיקן שלאָף
אין פאַרזיכערטער וואוינונגען.

## ז.

און וועֶר שטייט דאָס צווישן די ציפּריסביימער אונטערן הויז?—עוזיאל שטייט עס און זיינע העֶנט זיינען אויפגעהויבן צום הימל, ס'הערן זיך צו די טענענביימער, און די ציפּריס־ביימער פאַרנעמען זיין קול: וואָרום ער שטייט און בעט צו גאָט מיטן אָנקומען פון מאָרגנשטערן.

—גרויסער אַלמעכטיקער גאָט, ווי וואונדערלעך דיינע וועגן זיינען! וואָרום דו שיקסט דיין ראַט, אויף צו פאַרשטערן די שלעכטע בייזע מעשים. אַזוי אויך האָסטו געשיקט דיין ראַט צו מיין ווייב מרים, וואָס האָט זיך דערוואוסט, אַז איר פאָטער שמיר טראַכט צו „פאַרלעשן מיין קויל וואָס ברענט"—צו אומברענגען מיין קינד פאַרן מולך, ווי נאָר עס וועט קומען די בייזע צייט פון קעניג אחז. האָט זי אונזער קינד פאַרביטן מיט אַן עמלק־קינד; האָט אים גערופן מיטן נאָמען פון אונזער זון, און אונ־זער קינד האָט זי אַ נאָמען געגעבן אליפלט, און האָט אים אַוועקגעגעבן צו אַן אָרימאַן, ער זאָל אים דערציען. און איצט—ווייס איך, אַז דו, גאָט, ביזט איר בייגעשטאַנען: אונזער זון

איז אויסגעוואַקסן און לעבט און איז ביי זיין מוטער איינ־
אונאיינציק. ווי גרויס עס זיינען, גאָט, דיינע חסדים מיט מיר.
אַזוי אויך—זאָלסטו מיר ווייטער העלפֿן.

אַזוי האָט עוזיאל געבעטן צו גאָט, און איז אויפגעשטאַנען פון
זיין אָרט צוריקצוקערן אין מנוחס וואוינונגען, און—ער דערזעט
יהושבען פאַר זיך. שולמית פון איר רעכטער זייט און צפניה—
פון דער לינקער זייט.

און דער איינזאַמער האָט צו איר געזאָגט:

—צי איז פרידן צו דיר, צאַרטע האַרינטע? האָסט זיך אַזוי פרי
אויפגעהויבן, צוגלייך מיטן מאָרגנשטערן, איז עס דאָך אַ צייכן,
אַז דיין שלאָף איז פון דיר פאַרוואָגלט געוואָרן. זאָג זשע מיר:
וואָס מאַכסטו.

—ס׳איז פרידן צו מיר, איך בין געשלאָפן די גאַנצע נאַכט מיט
אַ זיסן שלאָף. כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט באַלד באַגינען, בין
אויפגעשטאַנען, זיך אַרומגעוואַשן, זיך אָנגעטאָן און שוין גע־
טראָפן די ביידע יונגעלייט. און פון זייערע ערשטע רייד האָב
איך דערקענט, אַז אַ גרויסע פיין האָט געפונען אַ וועג צו זיי
און זעטיקט זיי אָן מיט וואָגלעניש. פונדעסטוועגן לאָמיר האָפן,
אַז גאָטס טרייסטונג האָט זיך נאָך נישט אויסגעלאָזט. צפניה
האָט געפונען עדהן און זיך געפרייט מיט איר, נאָר זי איז
פון אים צוגענומען געוואָרן און אַוועקגעפירט געוואָרן צו איר
פאָטער שמיר, וואָס זיצט איצט אין זכריס וואוינונגען! פונ־
דעסטוועגן לאָמיר האָפן צו גאָט. אָבער אויף דער שיינער
שולמית טו איך שטוינען: וואָרום זי בענקט נאָך אַ גלוסטיק
יונגל, וועמען אירע אויגן האָבן געזען צווישן די זין פון
יהודה, וואָס זיינען געגאַנגען געפאַנגען פאַר רצין, דעם קעניג
פון ארם; אַזוי איז עס שוין מיט די טעכטער: אַלץ וואָס ס׳איז
ווייט, איז נאָענט צו זייער האַרצן. אַזוי איז אויך מיט קציעהן
מיין טאָכטער. אָבער צו וואָס זאָלן מיר דאָ שטיין—קומט אַריין
אין ווייַנגאָרטן, דאָרט וועל איך אייך דערציילן פון דעם, וואָס
עס האָט פּאַסירט.

אַזוי האָט געזאָגט יהושבע, און דער איינזאַמער און מנוחס

קינדער זיינען געגאַנגען נאָך איר אין וויינגאָרטן אַריין, און זיך געזעצט אַרום טיש, וואָס איז געשטאַנען געגרייט פֿון נעכטן.

און יהושבע, האָט זיך צוריקגעקערט צו אירע לעצטע רייד וועגן די טעכֿטער, און האָט געזאָגט:

„מיין טאָכֿטער קציעה איז דאָך שיין ווי די לבנה, ליכֿטיק ווי די זון. זי זעט אויס ווי שולמית מיט איר געשטאַלט און וואוקס. און אַלע זין פֿון ציון, די זין פֿון די גרויסע לייט אין לאַנד, האָבן געגלוסט צו איר; אָבער זיי האָבן פֿאַרלוירן זייער האָפֿנונג צו איר, זעענדיק, אַז זי איז באַשטימט פֿאַר דניאלן, דעם זון פֿון עזריקם דעם אויפֿזעער פֿון קעניגלעכֿן הויז. אַ יונגל־גלוסטיק פֿאַרן אויג און איז דער עלטסטער פֿון די האַרנקינדער, צווישן וועלכֿע מרים האָט אויך אַריינגעבראַכֿט אליפֿלטן. און דניאל איז אַן איינגייער אין מיין הויז פֿון קינדווייז אָן, איז שוין באַקאַנט מיט אַלע פֿירעכֿצן פֿון קציעהן און זי־מיט זיינע אייגנשאַפֿטן און זי האָט אים גערעכֿנט ווי אַ ברודער צו איר. און זי האָט נישט געוואָלט חתונה האָבן פֿאַר דניאלן; זי איז אויך גערעכֿט מיט דעם: וואָרום דניאל איז טאַקע שיין מיט זיין געשטאַלט, אָבער קיין שטאַרק געמיט איז נישטאָ אין אים, און צו זיינע פֿאַרלאַנגען האָט ער נישט קיין פֿעסטן באַשטאַנד, וואָרום ווי אַ קינד גלוסט ער אַלץ, וואָס אים פֿאַלט נאָר איין, און זיין גלוסטונג־איז פֿלאַמפֿייער, נאָר אין אַ ווייַלע אַרום פֿאַלט אים איין עפּעס אַנדערש, און די פֿריריקע פֿאַרלאַנגען ווערן פֿאַרגעסן פֿון זיין האַרצן. דער סוף איז: דניאל האָט געזען, אַז פֿון זיין האָפֿנונג ווערט גאָרנישט, און האָט אויפֿגעהערט צו ריידן צו איר וועגן דעם.

אין דער צייט, האָט מעשיהו, דעם קעניגס זון, אויפֿגעהויבן זיינע אויגן צו קציעהן און גערעדט צו איר ליבעררייד, און ער האָט זי שטאַרק גערימט און געזאָגט, אַז ער וויל אָנטאָן די קרוין אויף איר קאָפּ. און ס'איז געווען, אַז ער האָט צו איר גערעדט טאָג איין טאָג אויס, און זי האָט אים מיט קיין ליבע נישט געענטפֿערט, האָט עס אים שטאַרק פֿאַרדראָסן, און ווייַנדיק, אַז דניאל קומט נאָך אַריין צו מיר, האָט ער אים

באַפוילן, אַז זיין פוס זאָל מער נישט איבערטרעטן די שוועל פון מיין הויז.

און אליפלט האָט זיך אין דער צייט דערצויגן ביי מרימן, וואָס האָט אים ליב געהאַט ווי אַן אייגענעם זון, ער האָט זי גע־רופן מאַמע, און זי אים — מיין זון, מיין אויג אין קאָפּ. און דאָס יונגל וואַקסט שיין און העלדיש. און מיין טאָכטער קציעה פלעגט זיך חברן מיט מרימן און קומען צו איר. דאָרט האָט זי זיך באַקאַנט מיט אליפלטן און זי האָט אים שטאַרק גערומט. און איינמאָל אין אַ טאָג, און די אדומער זיינען אָנגעפאַלן אויף די גרענעצן פון יהודה, און אונזערע חילות זיינען געלאָפן זיי צו שלאָגן און פאַרטרייבן.

און אַ געטלעך געמיט האָט אָנגעקליידט אליפלטן, און ער האָט באַוויליקט צו פרובן זיין העלדישקייט אין קריג. און ער מיט דניאלן זיינען צווישן די האַרנבחורים, וואָס מעשיהו איז זייער עלטסטער. און ס׳איז געווען ווען די קריג האָט זיך צעפלאַ־קערט און די קוילנוואַרפער רינגלען אַרום דעם קעניגס זון, וואָרום זיי האָבן אים געוואָלט כאַפּן אַ לעבעדיקן און שפּעטן פון אים. ס׳האָט געהאַלטן דערביי ער זאָל אַריינפאַלן צום פיינט — וואָרום די האַרנבחורים זיינען דערשראָקן געוואָרן און זייערע הענט האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט! און אליפלט האָט געזען, אַז ס׳איז נישטאָ, ווער עס זאָל העלפן, און עס האָט גערוט אויף אים אַ געטלעך געמיט און ער האָט זיך דערהויבן ווי אַ לייב, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין דער מחנה, און האָט גע־שניטן מיט זיין שווערד אויף לינקס און אויף רעכטס, האָט געהאַקט פון די פיינט אָרעמס מיט קעפּ צוזאַמען, און מיט זיין כח זיי צוטריבן, צושפּרייט און אָפּגעראַטעוועט דעם קעניגס זון פון שאַנד. און ער האָט פון זיי גענומען געפאַנגען אַ בחור, אַ זון פון אַ האַר אין אדום, וועמען ער האָט אַוועקגעשענקט צו מרימן. ער איז אַ דינער אין איר הויז ביז היינט. און אליפלטס נאָמען איז דערהויבן געוואָרן ביי אַלע האַרן און קע־ניגלעכע קנעכט. און עזריקם האָט אים פאָרגעשטעלט פאַרן קעניג, און מעשיהו האָט פאַרן פאָטער דערציילט פון זיין העל־

דישקייט, און דער קעניג האָט אליפלטן געוויזן אַ ליכטיק פנים
און האָט אים צו זיך דערנעענטערט, און ער האָט געזאָגט צו
אים: גאָט איז מיט דיר יונגער שטאַרקער העלד! דו האָסט
אָפּגעראַטעוועט מיין זון פון שאַנד, און זאָלסט פון איצט אָן
ווערן זיין געווערטרעגער און זיין היטער. און אליפלט איז
צוגעשטעלט געוואָרן צו מעשיהון און געזעסן ביי זיין רעכטער
זייט אין זיין רייטוואָגן, און אָנגעגאַרט מיט שווערדן זיינען
זיי ביידע געגאַנגען איבער די גאַסן פון ירושלים; און אליפלט
האָט באַקומען אַ גרויסן נאָמען, האַרן האָבן אים געליבט פאַר
זיין העלדישקייט, און מיידלעך האָבן אים געליבט פאַר זיין
שיינקייט. און דעם קעניגס זון האָט עס אים נישט פאַרגינען,
האָט ער אים פיינט געהאַט און זיך שטענדיק געטשעפעט צו
אים, האָט אויף אים געפונען בלבולים און אים אַראָפּגעזעצט
פון זיין שטעל.

אליפלט איז געווען אַן איינגייער אין מיין הויז, און איך האָב
געזען, אַז דאָס האַרץ פון מיין טאָכטער קציעה איז באַהעפט
נאָך אים. איך האָב עס אָבער נישט אין זינען געהאַט, וואָרום
די צערודערונג פון ירושלים איז געוואַקסן און זיך געשטאַרקט,
ווען עס האָבן זיך דערנענטערט די חילות פון די פאַרבינדע-
טע קעניגן צו קומען צו די גרענעצן פון יהודה. און מען האָט
געראַטן מיר און מיין טאָכטער, אַרויסצוגיין פון ירושלים צו
וואוינען אין די פעסטונגען, און אין דער גרויסער צערודערניש
האָט מרים נישט אין זינען געהאַט דעם קעניגלעכן באַפעל:
נישט אַרויסצוגיין ווייטער פון דער מויער וואָס רינגלט אַרום
די שטאָט. וואָרום זי האָט געוואָלט וואוינען דאָרט, וואו מיר
וועלן זיך באַזעצן. דידאָזיקע צאַרטע, וואָס איז געווען צו
אליפלטן ווי אַ דערבאַרמיקע מוטער, האָט שטאַרק געליטן זעענ-
דיק, ווי דעם קעניגס זון האָט אין זינען אים שלעכטס צו טאָן.
ווייל ער האָט געצאָרנט אויף אים פאַר קציעהס ליבע, און
דעריבער האָט ער אים אַרויסגעשיקט צו דער קריג צווישן די
ערשטע. און אויך זי איז אַרויסגעגאַנגען וואוינען אין די פעס-
טונגען, כדי זי זאָל שטענדיק זיך קענען דערוויסן פון די

מלחמהלייט, וואָס עס הערט זיך און וואָס אליפלט מאַכט.

און אַ בייזער אומגליקלעכער טאָג איז געקומען, אַ טאָג פון וואָלקן און נעפל, וואָס האָט אָנגעטראָגן פינסטערניש אויף יהודה. פקח דער זון פון רמליהו איז געקומען פון איין זייט, און רצין, דער קעניג פון ארם—פון דער אַנדערער זייט, זיי זיינען אויפגעגאַנגען אויף יהודה ווי יונגע לייבן אויף אַ סטאַדע שעפסן, ירושלים איז געוואָרן באַלאַגערט און ס׳האָט זיך פאַרשפרייט די מלחמה אויף יהודה. און איך און קציעה און מרים זיצן מיר אין דער פעסטונג, וואָס אויפן באַרג נשפה. פון דאָרט האָבן מיר זיך צוגעקוקט צו דער מלחמה. מיר האָבן געזען גרויסע מענטשנמאַסן, אויך רייטוועגענער און רייטער זייער אַ סך. און פקח, דער זון פון רמליהו שלאָגט זיך מיט גרויס צאָרן מיט דעם פאָלק, וואָס ער האָט פיינט. און אויף די בערגלעך פון פעלד האָבן זיך דערהויבן די אפרים־זין, וואָס זיינען באַקאַנט פאַר גוטע בויגנשיסער, און מיינע אויגן האָבן געזען זייערע מאַסן אין דעם געברום. זיי לויפן אַרום ווי אינדן אין פעלד, שפרינגען אַרום ווי נישטגוטע, און שוועבן ווי ברענענדיקע שלאַנגען וואָס פליען אַרום. און צוקוקנדיק דאָס, האָט אונז אַ גרויס ציטערניש דערשיטערט, און פקח, דער זון פון רמליהו, זייער קעניג, פירט אָן מיט דער שלאַכט, זיין פנים פלאַמט און ער שרייט ווי אַ לייבין. אויך אים האָבן מיר געזען, ווי ער רייט אויפן פערד, און טראָגט זיך צווישן זייַנע מחנות, ווי אַ בייזער צאָרניקער מלאך צו באַפעלן איבער זיין מיליטער און געווער. ער הויבט אויף זיין שטים פאַר זיין חיל, און נאָך אים הויבט זיך אויף אַ שרעקלעך רעשיק געברום, אַ ברילעריי און אַ שאַלן, און זיי שרייען ווי יונגע לייבן צום פאַרצוקן. ברומען ווי דער ים, און עס ברויזן זייערע חילות, און זייערע פערד רוישן ווי אַ היישעריק, עס טומלען די רייטוועגן, און עס שטורמען זייערע רעדער ווי בייזע שטורעמווינטן, און עס לויפן זייערע רייטער, און עס פליען זייערע העלדן ווי בליצן אין פלאַקערן, די בויגנקוילן פליען ווי פליגן

פון טויט און אַ פייער האָט אָנגעצונדן אין די חילות פון אחון, גרויסער שטאַרקער גאָט! בונטן און משפחה קריגערייען זיינען אַמאָל געווען ווי אַ געלעכטער ביי מיר, ביז איך אַליין האָב געזען זייער סוף און בין שטאַרק דערשראָקן געוואָרן.

אַזוי ווי יהושבע רעדט נאָך, און מנוח און זיין ווייב חנה קו־מען אַריין אין ווייגגאָרטן. האָבן זיי זיך באַגריסט און חנה האָט זיך איינגעקוקט אין איר שוועסטער און געזאָגט:

—דיין פנים, שוועסטער מיינע, זאָגט מיר, אַז דו האָסט געוויינט, און אלידע, אונזער האַר, אויך זיין פנים איז פאַרוויינט; הער אויף, שוועסטער מיינע, צו קלאָגן און פאַרגעס דיין טרויער.

און שולמית און צפניה האָבן אויך מיטגעוויינט מיט יהושבען. און חנה האָט דעם מאַן אירן איינגערוימט אין אויער אזוי צו זאָגן:

—צי אויף אייביק ועסטו פון שולמיתן פאַרהוילן איר אָפשטאַ־מונג? סיי ווי סיי וויינט זי, זאָל זשע מיין שוועסטער איר זאָגן פון וואַנען זי שטאַמט, און זאָל זי באַווייזן איר פאָטער אלקנה.

—ביזט גערעכט, טייערע מיינע—האָט מנוח געענטפערט—זאָג עס דיין שוועסטער.

און חנה האָט געגעבנט צו איר שוועסטער יהושבע און איר דאָס אַלץ געזאָגט אין אויער אַריין, און יהושבע האָט איר געזאָגט:

—נאָך איידער איך האָב שולמיתן געזען, האָב איך איר ליב געהאַט: וואָרום זי איז די טאָכטער פון מיין מאַן און די שוועסטער פון מיין טאָכטער קציעה. און ווי שטאַרק איך האָב זי ליב באַקומען נאָכדעם ווי איך האָב זי געזען, און איך בין גרייט, שוועסטער מיינע, צו טאָן דיין פאַרלאַנג: כ׳וועל זי אָפּ־שיידן פון אַ לעבעדיקן פאָטער, און איר געבן, פאַר אים, אַ טויטן פאָטער, וואָס האָט איר איבערגעלאָזט זיין כבוד. און מיין טאָכטער קציעה זאָל איר זיין אַ געצאָלטס, איך ווייס אַז זיי וועלן זיך פרייען איינע מיט דער צווייטער.

## ח.

אין צפניה און שולמית, אויך זיי זיינען צעבראָכן געוואָרן הערנדיק יהושבעס רייד. און יהושבע האָט ווייטער דער-ציילט:

—זכרי, דער בלוטיקער מאַן האָט באַוויזן דעם שטורם פון זיי-נע העלדישקייטן אין דער קריג: פאַר אים איז געגאַנגען מאָרד, און נאָך אים—פאַרלענדונג, וואָס פאַרפלייצט מיט בלוט אויף אַלע זייטן פון יהודה. דאָס מלחמה־פעלד איז געוואָרן אַ טאָל פון טויט פול מיט קערפּער, אין די ליאַרמען פון די געפאַלע־נע טוט ברומען אַ בראָך־געשריי. פון גרויסן טומל און ליאַרם האָט די ערד געציטערט, די הימלען זיינען פאַרוואָלקנט גע-וואָרן, די העלקייט, די זון האָבן אויפגעהערט שיינען.

און מיין מאַן און מעשיהו דעם קעניגס זון און עזריקם דער אויפזעער פון קעניגלעכן הויז האָבן זיך געפונען אין דער הויך אויף אַ שטאַרקן פעלז מיט דעם איבערבלייבעכץ פון זייערע נער, זייער ווייניק זיינען זיי געווען, און זכרי מיט די אפרים־לייט, האָבן אַרומגערינגלט די פעסטונג, און האָבן גע־

שיקט אַ שלוח צו די האַרן פון יהודה אַזוי צו זאָגן: וואָרענען וואָרן איך אייך, איך, זכרי דער העלד פון אפרים, איר זאָלט זיך אונטערגעבן מיין קעניג. און מיין מאַן מיט עזריקמן האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן און זיי האָבן געזאָגט צו זכרים שלוח: זאָג דיין האַר, אַז מיר וועלן נישט אַראָפּנידערן צו אים, נייערט מיר וועלן זיך שלאָגן ביז דעם לעצטן אָטעם.

און זכרי מיט זיינע חילות זיינען ווי וואָלקן אויפגעגאַנגען אויפן שפּיץ פון פעלז, און זיין שווערד איז פעט געוואָרן פון פעטס פון יהודה, דעריבער זאָל פאַרשאָלטן ווערן דער באַרג: וואָרום בלוט האָט ער געטרונקען צו דער זעט, בלוט וואָס איז טייער ביי גאָט, און ווי אַזוי זאָל אין מיר נישט צוגאַנגען ווערן דאָס האַרץ און איך זאָל נישט וויינען אויפן בלוט פון מיין מאַן. דאָס בלוט זיינס שרייט און מיין האַרץ שרייט פאַר דעם. אויך דו, מיין שיינע שולמית, אויך דיינע אויגן האָבן געגאָסן מיט טרערן הערנדיק דאָס דערציילן, לאָמיר איצט צוזאַמען וויינען אויף דעם כבוד, וואָס איז פון אונז צוגענומען געוואָרן: וואָרום מיין מאַן אלקנה איז געווען אויך דיין פאָטער, דער קוואַל פון דיין לעבן; ווי אַ נישט פאַרגינערין בין איך געווען צו דיין מוטער אין די טעג פון מיין גרויסקייט, און איך וועל דיר טאָכטער מיינע, באַצאָלן מיט גוטס און גענאָד פאַר דעם, וואָס איך האָב איר אָנגעזעטיקט מיט שלעכטס. זיי וויסן, טאָכ־טער מיינע, אַז דיין אָפּשטאַמונג איז אַ הויכע, און הייב אויף אַ קלאָג, און נאָך דיר וועט ענטפערן מיט געוויין דיין שוועס־טער קציעה פון וויטן: ווי איז צו אונז, וואָס דער כבוד איז פון אונז פאַרטריבן געוואָרן, אַ בראָך איז צו אונז, וואָרום ס׳איז צוגענומען געוואָרן די קרוין פון אונזער קאָפּ!

און שולמית האָט איינגעהילט איר פנים, וואָרום איר האַרץ איז דערשראָקן געוואָרן און אירע ביינער האָבן אָנגעהויבן ציטערן. און זי האָט אויפגעהויבן איר קול מיט געוויין, און זי האָט אויסגערופן מיט אַ פּחדימדיקע שטים:

—ווי שטאַרק אומגליקלעך איך בין! מיין מוטער ליגט אין גרוב,

און די ערע פון מיין פאָטערס הויז רוט איצט אויך אין דער ערד. עלנט בין איך. וועל איך גיין אין דער וויסטע צו ווײַ־נען מיט די שלאַנגען און שטרויסן. איך וועל אָבער גיין צו מיין מוטערס מאַן, ער איז דאָך מיין פאָטער, וואָס זיין נאָמען איז אויף מיר גערופן און וואָס האָט מיך ליב, וועל איך אים פרעגן: צי טאַקע בין איך אים אַ פרעמדע געווען פון זינט איך בין געבוירן געוואָרן? שטיי אויף, אויך דו, ברודער צפניה, מיין גאַנץ פאַרמעגן און לעבן, און לאָמיר גיין צוזאַמען צו אונזער פאָטער.

אַזוי האָט זי גערעדט און אָנגענומען צפניהס האַנט, און אים געצויגן נאָך זיך אַרייַנצוגיין אין שטוב.

און דער איינזאַמער האָט געזאָגט צו יהושבען:

—פאַרגיב מיר, געשעצטע, צאַרטע האַרינטע, און איך וועל דיר פאָרוואַרפן אין די אויגן: וואָס קומט דיר אַרויס פון דעם, וואָס דו מאַכסט טרויריק אַן אומשולדיק האַרץ? דאָס מיידל איז דאָך אויס מענטש געוואָרן.

—ניין—האָט יהושבע געזאָגט—איך האָב נישט נאַריש געטאָן. איר איז דאָך אַלץ איינס צי היינט אָדער מאָרגן וועט זי זיך דער־וויסן וועגן איר אָפּשטאַמונג און פאָטערס הויז. זאָל זי וויסן ווער זי איז, און זאָל זי זיך נידעריק נישט האַלטן. און איך—בין גרייט צו ריידן מיט אליפלטן ער זאָל זי נעמען פאַר אַ ווייב. און פאַר אים וועט עס זיין אַן ערע און רום נעמענדיק פאַר אַ ווייב די טאָכטער פון אלקנה, דעם שני־למלך. און אַז איך רעדט שוין פון אים, וועל איך דיר דערציילן, וואָס מיט אים איז געוואָרן אין דער מלחמה:

איך האָב דיר דאָך שוין דערציילט, אַז מעשיהו, דער זון פון קעניג, צאָרנענדיק אויף אים, האָט ער אים געשיקט צווישן די ערשטע קעגן דער מלחמה, כּדי ער זאָל דאָרט אומקומען. וואונ־דערלעך אָבער זיינען די וועגן פון גאָט: וואָרום מעשיהו איז געפאַלן, און קיין שום פאַרדאַרבונגס־געוועער האָט אליפלטן נישט געשאַדט, וואָרום אליפלט האָט געשניטן אויף רעכטס און אויף לינקס, האָט געמאַכט אַ בלעז אין די מחנות פון פיינט; און מיט

זיין מחנה, וואָס איז אָנגעלאָפן אויף אים, פירט אָן איינע אַ מיידל, און זי איז שטאַרק מוטיק, און זי שיינט ווי אַ העלד אין קריג, און איר נאָמען איז רעומה, וואָס קטורה האָט גע־ווינען צו זכרין איידער זי איז געווען צו שמירן. און אליפלט האָט פריער נישט געוואוכט, וועמענס טאָכטער זי איז. די מחנה, מיט וועלכע זי האָט אָנגעפירט, האָט אויסגעקערט דעם רוקן פאַר אליפלטן און זיינע מענטשן, און רעומה איז לעבעדיקער־הייט געפאַנגען געוואָרן דורך אליפלטן. און זיינע מענטשן, וואָס זיינען געווען פאַרביטערט, האָבן זי געוואָלט הרגענען, און זי בעט זיך דערבאַרמונג ביי אליפלטן, ווען זי האָט דערקענט, אַז ער האָט אַ גוט געמיט און זי האָט געזאָגט צו אים: אויב ווי דיין שיינקייט איז אויך דיין דערבאַרמונג, דערבאַרם זיך אויף אַן אויסגעצערטלט מיידל, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן, כדי מלחמה צו האַלטן פאַר איר לאַנד און פאָלק.

און אליפלט האָט צו איר געזאָגט:

—האָב קיין מורא נישט, מיין שיינע! צי איז דען מיין שווערד געמאַכט געוואָרן אויף צו שחטן די שיינע טעכטער, וואָס זייער גאַנץ שיינקייט איז צו זיצן אין שטוב? און אויב דו האָסט געגרייזט, ווארום דו האָסט פאַרקרומט די גלייכע וועגן און ביזט אַוועק אין דער מלחמה, צי צוליב דעם זאָל איך דיך אומברייגען?

און רעומה האָט געזאָגט צו אים:

—דערפאַר ביזטו די קרוין פון די בחורים, און איך וועל דיר אָפּצאָלן ווי דיר קומט, און איצט שטיי אויף און גיי מיט מיר.

האָט אליפלט געזאָגט צו איר:

—לאָמיך נאָר לויפן און זען, וואָס עס מאַכט מיין מוטער און די אַלע, וואָס זיינען נאָנט צו מיין האַרצן, און דו, מיין שיי־נע, זאָג מיר, אויף וועמען זאָל איך פרעגן, כדי דיך צו געפונען.

האָט רעומה געזאָגט:

—פרעג זיך אויף מיין נאָמען: רעומה די טאָכטער פון זכרי, און יעדער איינציקער פון די מיליטערהאַרן וועט דיר ווייזן וואו איך בין. דו גיי אָבער מיט מיר, וועל איך דיר געבן קליידער פון די מיליטערהאַרן פון אפרים, וועסטו זיי אָנקליידן און קיינער פון אונזער מיליטער וועט דיך נישט אָנרירן שלעכטס צו טאָן.

און אליפלט איז געגאַנגען נאָך רעומהן, און זי האָט אים געגעבן פינפערליי קליידער, ווי עס קליידן אָן די האַרן פון אפרים, און צוויי עלטסטע, וואָס יעדער האָט צו שאַפן איבער הונדערט זעלנער, האָט זי צו אים צוגעשטעלט אים צו היטן וואו ער וועט גיין.

האָט אליפלט געזאָגט צו איר:

—זאָל דיין קנעכט געפונען לייטזעליקייט אין דיינע אויגן, וואָרום איך וויל ברענגען דידאָזיקע, וואָס זיינען נאָנט צו מיין האַרצן אין אַ רואיק זיכער אָרט.

האָט רעומה צו אים געזאָגט:

—גיי און טו ווי דו האָסט געזאָגט און קער צוריק צו מיר, וואָרום דו האָסט געפונען לייטזעליקייט אין מיינע אויגן און איך האָב דיך ליב באַקומען, און איך וועל דיך פאָרשטעלן פאַר מיין פאָטער זכרי.

האָט אליפלט צו איר געזאָגט:

—ס'איז פיל פאַר מיר, וואָס איך האָב געפונען לייטזעליקייט אין דיינע אויגן. אינגיכן קום איך צוריק צו דיר.

און זי האָט אים אַוועקגעשיקט, און צוויי האַרן גייען מיט אים, און זיי האָבן אים דערציילט וועגן רעומהן און וועגן איר אָפּשטאַמונג, אַז זי איז די טאָכטער פון קטורהן, די שוועסטער פון נתניה, דעם כהן אין בית־אל. און זיי האָבן אים דערציילט וועגן קטורהן, אַז איר האָט ליב געהאַט זכרי און זי געבראַכט אַהיים, און ווי אַזוי חפציבה האָט פון איר געליטן. און איינער פון די האַרן וואָס איז געווען אַ פאַרוואַנדעטער צו חפציבה, האָט געשאָלטן קטורהן מיט רעומהן און געזאָגט צו אליפלטן:

–רעומה די לייבין האָט אויפגעהויבן אירע אויגן אויף דיר, און איצט אַנטלויף פון איר, ווארום מיט איר ליבע וועט זי דיך אומברײנגען. אַ סך זײנען שוין געפאַלן דורך איר שווערד און ליבע: ווארום מיט איר שטאַרקן צויבער און מיט אירע גלאַטיקע ריידעלעך ציט זי צו יונגעלייט איר ליב צו האָבן, דערנאָך שפּעט זי פון זיי.
אליפלט אָבער האָט גוט געוואוסט ווער ס'איז קטורה, און הערנדיק פון רעומהן ווער זי איז, איז ער געוואָרן אַן אויפגעציטערטער, נאָר ער האָט גערעדט צו איר גוטע רייד, וואָרום ער האָט געטראַכט: אפשר וועל איך אַזוי אַרום קענען ראַטעווען מענטשן, וואָס ווערן גענומען אין געפאַנגענשאַפט.
דאָס אַלץ האָט אונז אליפלט דערציילט נאָך דער מלחמה.

און איך און מרים און קציעה מיין טאָכטער, זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון פיינט, וואָס האָט געפאַנגען צוויי הונדערט טויזנט נפשות פון יהודה: פרויען, זין און טעכטער. און גרויס איז געווען דאָס צומישעניש, און מיר האָבן נאָך נישט געוואוסט דעמאָלט, אַז מיין מאַן אלקנה איז געפאַלן פון זכריס שווערד, און מיר האָבן געקלאָגט אויף דער ערע, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן פון יהודה, און די שאַנד האָט צוגעבראָכן אונזערע הערצער זעענדיק אונזער סוף. און פאַר מיין טאָכטער קציעה האָב איך מורא געהאַט: וואָרום איינער פון די האַרן פון אפרים האָט געוואָרפן אַן אויג אויף איר שיינקייט, און ער האָט איר איינגערעדט און זי געוואָלט נעמען צו זיך. די דאָזיקע צאַרטע, וואָס פאַר איר איז צוגאַנגען דאָס האַרץ פון קעניגס זון, וואָס האָט געוואָלט אָנטאָן אַ קרוין אויף איר קאָפּ, און ווי אַזוי זאָלן איצט פרעמדע פאַרשוועכן איר שיינקייט? וואָרום די מיליטערהאַרן פון אפרים, די שכורים האָבן זיך שוין געקריגט איבער מיין טאָכטער, און יעדער האָט זי געוואָלט נעמען פאַר זיך. און איך האָב זיך געבעטן ביי דעם שטאַרקסטן צווישן זיי, ער זאָל זיך דערבאַרמען אויף מיין טאָכטער, האָט ער מיר געענטפערט מיט געלעכטער און אַזוי געזאָגט:

—איך וועל זיך דערבאַרמען אויף איר, כ׳וועל קיין אַנדערן נישט אַוועקגעבן איר ערע און שיינקייט—וואָרום מיינע איז זי, איך האָב זי געפאַנגען.

און אַזוי ווי מיר שטייען און וויינען און ברומען ווי טויבן, און אַן אויסלייזער האָט זיך געפונען: פון ווייטנס האָט קציעה דערקענט אליפלטן, און ער איז אָנגעטאָן ווי אַ מיליטערהאַר פון אפרים.

און ס׳איז געווען, אַז אליפלט האָט מיט די צוויי האַרן געגענט צו אונז, און קציעה איז אים אַרויפגעפאַלן אויפן האַלז און אויסגעשריגן:

—אָך! מיין מאַן לעבט!

און כדי אָפּצונאַרן די פאַנגער האָט זי אים גערופן „מאַן מיינער", און דער פּאָרטל איז איר בייגעשטאַנען, וואָרום איינער האָט זיך אָנגערופן.

—נאָך וואָס, ברודער, זאָלן מיר זיך קריגן וועגן דעם ווייב פון אַ מאַן? זאָל זי געהערן צו איר מאַן און נישט צו איינעם פון אונז אויף צו דערוועקן פאַרדראָס און קריג.

און איינער פון די מיליטערהאַרן, וואָס איז געקומען מיט אליפלטן, האָט באַפוילן די פאַנגער אין נאָמען פון רעומהן פרייצולאָזן אַלע וואָס זיינען נאָנטע צו אליפלטן.

האָבן די פאַנגער געענטפערט און אַזוי געזאָגט:

—רעומהס רייד זיינען טייער ביי אונז, אָבער מיר קענען גאָר נישט טאָן נישט פרעגנדיק דעם האַר פון מיליטער, זאָל ער זיך נעמען זיין שיין ווייב און גיין.

אַז אליפלט האָט דאָס דערהערט, האָט ער אָנגענומען קציעהן ביי דער האַנט און אַוועקגעגאַנגען מיט איר אַריינצוזעצן זי אין אַ וואָגן, און ברענגען זי אין אַ רואיק זיכער אָרט—קיין יריחו. און מיין האַרץ האָט זיך געפרייט און געשראָקן, וואָרום קעגן מיין ווילן האָט איר גאָט געשיקט אויסלייזונג דורך אליפלטן, ווי דו וועסט עס הערן.

## ט.

און יהושבע האָט אַ ווײַלע אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, און האָט ווײַטער דערציילט:

—מײַן טאָכטער קציעה איז אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַ רויִק זיכער אָרט, און איך מיט מרימן זײַנען געבליבן געפאַנגען בײַ די פאַנגער אין די הענט. מרים האָט פאַרהוילן איר נאָמען, ווײַל זי האָט מורא געהאַט פאַר זכרין, ער זאָל איר נישט אָפּצאָלן פאַר דעם, וואָס זי האָט אין איר יוגנט אים נישט געוואָלט. און איך — אויך איך האָב געפאָלגט מרימס ראַט און פאַרהוילן מײַן נאָמען. וואָרום טאָמער דערהערן מײַנע פאַנגער, אַז איך האָב אַ פּאָטער אין שמרון, וועלן זיי מיך אַוועקשלעפּן אויף אַן אַנדער אָרט. און אַזוי האָט מען אונז געפירט ביז מיר זײַנען אָנגעקומען אין די טויערן פון שמרון.

און די צאַרטע פרויען פון אפרים, וואָס זיצן רויִק, זײַנען אין גרויסע מאַסן אַרויסגעגאַנגען פון שטאָט צו זען דאָס גרויסע געפאַנג, וואָס זייערע עלטערן און מענער האָבן געבראַכט. און צוויי געזונטע, פעטע פרויען געגעגען צו מיר און מרימן,

און איינע האָט געזאָגט צו דער אַנדערער:

—אָט דידאָזיקע צוויי ווייבער וועלן זיין גוטע קעלינס נעם דו איינע, און איך—די אַנדערע.

אַזוי ריידנדיק האָבן זיי דורכגעפירט זייערע הענט איבער אונזערע העלזער, צו זען צי מיר זיינען געזונט און פעט.

און די אַנדערע האָט געזאָגט:

—איך וועל נעמען מיינע און וועל איר מאַכן פאַר אַ היטערין צו די וויינגערטנער. זי וועט אויך טויגן צו באַגיסן די געוויקסן אין גאָרטן, און איך וועל זי געבן צו מיין קנעכט פאַר אַ ווייב, און זי וועט מיר געווינען זין און טעכטער.

אַזוי האָט גערעדט די אַנדערע, וואָס האָט געשאַרפט אירע אויגן אויף מרימן, טאַפּנדיק איר האַלז.

איז מרים שטאַרק אויפגעציטערט געוואָרן און געזאָגט:

—אוי דו געמיינע פרוי, אַזעלכע פרויען ווי דו ביזט האָב איך נישט דערלויבט צו באַטרעטן מיין פאַדוויר. און ווי חאָטטו די העזה מיך אָנצורירן!

—וואָס, דו רעדסט נאָך?—האָט די שמרונפרוי אויסגערופן—דו וועסט נאָך ענטפערן שטירדעס? צי מיינסטו דאָ צו זיצן אין הויז פון דיין מאַן, דעם האַר אין יהודה? אַזוי ווי דו האָסט געטאָן צו דיינע דינסטן, אַזוי וועל איך טאָן צו דיר: ווייניק שלאָפן, ווייניק דרימלען, ווייניק זיצן מיט פאַרלייקטע הענט, און אַרבעט—אַ סך, מיט פלינקע הענט, וואָרום אַזוי האָב איך ליב. און אויב דו ווייסט נישט, שיינהייט פון ווייבער, וואָס איך פאַרלאַנג פון דיר, וועל איך דיר געבן צו מיין קנעכט, דעם עלטסטן דינער פון מיין הויז פאַר אַ ווייב, און ער וועט דיך שוין לערנען וואָס צו טאָן, כדי צופרידנצושטעלן דיין האַרינטע.

מרים האָט דאָס געהערט, און זי שווייגט און וואונדערט זיך אויף דער אכזריות פון דער בייזער פרוי. און אַ געטלעכער נביא, וואָס זיצט אין שמרון גייט אַרויס אַקעגן מיליטער, און ער האָט געזען ווי דאָס פאָלק קריגט זיך וועגן די ג פאַנגענע, איז ער אַנטשטוינט געוואָרן, און געענטפערט און געזאָגט:

„הערט זשע אויס, קינדער פון אפרים, אייער האנט איז דער־הויבן, ווארום איר האט געמאכט א שעכטונג צו אייערע ברי־דער, די קינדער פון יהודה. און איר האט פון זיי געקוילערט מיט גרויס גרימצארן, וואס דערגרייכט ביז די הימלען. אבער נישט מיט קראפט און נישט מיט בריהשאפט האט איר דאס געטאן, נייערט ווייל גאט צארנט אויף זיי, האט ער זיי דער־פאר איבערגעענטפערט אין אייערע הענט, ווארום איר זענט נאר געווען די שווערד ביי גאט אין דער האנט. און איצט גייען ארויס אייערע טעכטער אנצוקוקן די געפאנגענע־טייערע דין און איידעלע צארטע טעכטער, און איר ווילט זיי צונעמען פאר קנעכט און דינסטן. אבער־ציטערט פאר גאטס צארן און באדענקט זיך, אז אויך אויף אייך וועט זיך אויסגיסן גאטס צארן, אז עס וועט אויף אייך קומען דער בייזער פיינט, וואס וועט אייערע פאמיליעס פירן ווי שעפסן, און וועט טאן צו אייך, ווי איר האט געטאן צו דידאזיקע, און וועט אייך פיי־ניקן און אייך קיין דערבארמונג נישט געבן, דעמאלט וועט איר שרייען צו גאט, און ער וועט אייך נישט ענטפערן. ווארום געדענקען וועט ער אייך אייערע זינד, וואס איר באגייט איצט קעגן אייערע ברידער. דעריבער פאלגט מיך און קערט צוריק די געפאנגענע, און גאטס צארן וועט זיך אפקערן פון אייך."

און מענטשן פון די הארן אין אפרים, און מיין פאטער עזריהו צווישן זיי, האבן זיך דערוועקט און זייבען ארויסגעגאנגען צום מיליטער, און זיי האבן געזאגט:

—איר זאלט נישט אריינברענגען די געפאנגענע אין אונזערע טויערן. גרויס זייבען אונזערע זינד און גאט צארנט אויף די יידן, און נאך וואס זשע זאלט איר נאך מערן אויף אונזערע זינד?

באלד האט מען די געפאנגענע פריי געלאזט. און די גרויסע לייט האבן זיי גענומען אונטער זייער שוץ, אלע נאקעטע אנ־געקליידט פון קריגרויב, זיי באקליידט, באשיכט, זיי אנגעגעסן און אנגעטרונקען, זיי אויסגעוואשן און געפירט מיט אייזלען,

און זיי געבראַכט קיין יריחו צו זייערע ברידער. אַזוי איז מרים געראַטעוועט געוואָרן פון דער בייזער פרוי. און מיך — האָט מיין פאָטער עזריהו גענומען צו זיך אַהיים אין שמרון, און איך בין דאָרט געוועזן געשעצט און געערט צווישן די האַרנטעכטער. איך האָב אָבער נישט געקענט פאַרטראָגן, פון דעמאָלט אָן, די אפרימטעכטער. מיין האַרץ האָט געבענקט און געגלוסט צוריקצוקערן קיין ירושלים צו מיין מאַן און צו מיינע פאַרגעניגנסזאַלן, וואָרום אין יענער צייט האָב איך נאָך נישט געוואוסט פון מיין בראָך, און מיין פאָטער האָט מיך שטענדיק אָפּגעהאַלטן פון גיין.

די יידישע קעניגן זיינען דאָך שטענדיק געווען דערבאַרמדיקע, אַפילו ווען זיי האָבן געצאָרנט — האָבן זיי איך נישט אינגאַנצן פאַרשניטן, נישט אַזוי אָבער זיינען געוועזן די ארם־לייט, וואָס אויך זיי האָבן אַ סך אויסגעהרגעט, האָבן פון איר געפאַנגען אַ גרויס געפאַנג, און אין דער געפאַנגענשאַפט זיינען איך אַוועקגעפירט געוואָרן דאָס ווייב פון עזריקמן מיט איר זון דניאל, און ביז אַהער האָבן זיי נישט צוריקגעקערט. דאָס איז דער סוף פון דערדאָזיקער שרעקלעכער מלחמה.

און ס׳איז געוועזן אַז איך האָב זיך איינגעשפאַרט צוריקצוקערן קיין ירושלים צו מיין מאַן, האָט מיך דער פאָטער מיינער אַוועקגעשיקט מיט די באַדינער פון זיין הויז, און ער האָט באַפוילן זיי זאָלן צוגרייטן מיין האַרץ צו מיין בראָך, כדי די בראָך זאָל נישט קומען אויף מיר פלוצלונג. האָבן זיי דעם גאַנצן וועג מיר דערציילט פון דער גרויסער שחיטה, וואָס מען האָט געמאַכט אין די קינדער פון יהודה; אַז אַלע האַרן זיינען אומגעקומען פון דער שווערד. און איך האָב זיך שטאַרק געשראָקן, נאָר איך האָב אַלץ פאַרטריבן פון מיין האַרץ און געהאָפט צו זען מיין מאַן אלקנה גייט מיר אַנטקעגן אין זיין שיינער קאָטש, האַלזט מיך און קושט מיך.

אַזוי בין איך אָנגעקומען קיין ירושלים, כ׳האָב געטראָפן ציון וויסט און טרויריק. די וואָס זיינען צוריקגעקומען האָבן באַהאַלטן זייערע פנימער פון שאַנד.

איך בין צוגעקומען צו מיין וואוינונג, און מיין פּאַלאַץ זעט אויס ווי אַ בוים אָן בלעטער, עס קלאָגן זיינע טויערן, עס טרויערן די טירן. כ׳בין אַריינגעקומען אין מיינע פּאַדווירן, כ׳האָב געזוכט אויף רעכטס און לינקס, כ׳בין אַריינגעקומען אין מיין פּאַלאַץ, און אָט זיינען מיינע דינער און דינסטן און ערד איז אויף זייערע קעפּ.

—וואו איז מיין מאַן, מיין פרייד?—האָב איך זיי געפרעגט.

אָנשטאָט אַן ענטפער איז געקומען אַ קלאָג.

—מאַן מיינער!—האָב איך זיך צעשריגן—וויי איז מיר! וויי געשריגן! אויף וועמען האָסטו איבערגעלאָזט דיין האַרצנסגעליבטע און דיין איידעלע צאַרטע טאָכטער?

איך שטיי נאָך און קלאָג און ברעך די הענט—און מיין חברטע מרים איז אָנגעקומען. כ׳בין איר געפאַלן אויפן האַלז און געשריגן צו איר:

—זע, שוועסטער מיינע, די וואוינונגען פון מיין טרייסט, די זאַלן וואו איך האָב פאַרבראַכט מיט מיין מאַן, מיין גליק און פרייד, מיין ליכט און לעבן, ווי אָפּגעריבט ס׳איז זייער שיינקייט, זייער פרייד. און איצט—וואָס האָב איך דאָ און וועמען האָב איך דאָ?

כ׳האָב געקוקט אויף מרימן, און זי גייט אויס פון געוויין און זי האָט געזאָגט:

—שוועסטער מיינע—האָסטו מיך גערופן, און אַזוי וועל איך אויך דיך רופן, וואָרום ווי איך—ביזטו איצט, צו מיר ביזטו געגליכן. אַזוי ווי דו בין איך דאָך אַ לעבעדיקע אַלמנה. אויך מיין ליבער איז אַוועק און פאַרטריבן געוואָרן פון מיר, און איך ווייס נישט וואו ער איז. אַ טויטער ווערט דאָך פאַרגעסן פון האַרצן, אָבער אויף אייביק וועל איך נישט פאַרגעסן מיין האַר און חבר עוזיאל, מיט וועמען איך האָב אַ קורצע ווײַלע געלעבט און ער איז אַוועק, און טויטשרעק האָט פאַרצוימט אַלע זיינע וועגן: וואָרום אין אפרים לאָקערן אויף אים די כהנים פון בית־אל, און אין יהודה—וואַרט אויף אים דער צאָרן פון

קעניג אחז. מיר ביידע האָבן זיך אַמאָל פיינס געהאַט, איצט ביזטו מיר ווי אַ שוועסטער. ווער וואָלט געבן, און גאָט זאָל מיר צוריקקערן מיין מאַן, וואָלט איך דיך אַריינגעבראַכט אין מיין הויז, און אויך דו זאָלסט אים זיין אַ ווייב. אָבער איצט וואָס קען איך דיר העלפן, שוועסטער מיינע. דיין טאָכטער קציעה זיצט אין מיין הויז, און איך און אליפלט דער גלוס־טיקער האָבן איר אָפּגערעדט פון האַרצן, אָפּגעווישט די טרערן פון איר פּנים. טרייסט זשע זיך אויך דו, שוועסטער מיינע, וואָרום דיין מאַן האָט פאַרגאָסן זיין בלוט פאַר זיין געבורטס־לאַנד.

ווען נישט מרים מיט אירע טרייסטונגען, וואָלט איך שוין איצט נישט געלעבט. וואָרום צוויי שווערע ביטערע חדשים האָט זי מיט מיר געוויינט און מיך געטרייסט, און דער קעניג אחז האָט געוואָלט פאַרהיילן די וואונד פון זיין פאָלק מיט דעם, וואָס ער וועט זיך נוקם זיין אין ארם און אפרים נישט מיט זיין קראַפט, נייערט מיט דער הילף פון אַ פרעמד פאָלק. און ער האָט געשיקט שליחים צו תגלת פלאסר, דעם קעניג פון אשור אַזוי צו זאָגן אים:

—דיין קנעכט און דיין זון בין איך, גיי אויף און העלף מיר פון קעניג פון ארם און יידישן קעניג, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען אויף מיר.

און ער האָט גענומען דאָס זילבער און גאָלד, וואָס האָט זיך געפונען אין גאָטס הויז און אין די שאַצקאַמערן פון קעניגלעכן הויז און האָט עס געשיקט צום קעניג פון אשור.

און תגלת פלאסר, דער לייב פון צפון, האָט דערהערט דעם רוף, איז אויפגעגאַנגען אויף ארם און באַצוואונגען די שטאָט דמשק. איר פאָלק האָט ער פאַרטריבן און רצינען־געהרגעט. אויך אפרים האָט זיך אים אונטערגעגעבן, און איך האָב צו־גערעדט אליפלטן, און ער איז געגאַנגען מיט די שליחים, וואָס דער קעניג האָט געשיקט קיין אשור. און ס׳איז געווען, אַז תגלת פלאסר איז אויפגעגאַנגען אויף ארם, איז דער קעניג אחז אים אַקעגן געגאַנגען קיין דמשק מיט אַ געשאַנק, און פון

דאָרט האָט ער געבראַכט אַ געשטאַלט פון אַ נייעם מזבח, אויף אויפצושטעלן אים אין ירושלים, אָבער קיין ניי געמיט האָט ער מיט זיך נישט געבראַכט פאַר זיין פאָלק. פונדעסטוועגן האָט ער געזען, אַז די וואונדן פון די גרויסע לייט זיינען שטאַרק גרויס, האָט ער געוואָלט טרייסטן די אלמנות פון זיינע האַרן און זייערע יתומים, און ער האָט געהייסן געבן מיין טאָכטער קציעה צו דניאל, דעם זון פון עזריקם. און איך וועל פאַר דיר נישט לייקענען, אַז מיין טאָכטער קציעה פרייד זיך נישט מיט דעם גוטס. זי איז צו דניאלן צוגעוואוינט ווי צו אַ ברו־דער, אָבער זי וויל נישט זיין זיין ווייב. אויסער דעם, האָב איך אין איר באַמערקט, אַז זי איז צוגעבונדן צו אליפלטן, און אים האָט זי ליב מיט אַ ליבע, וואָס איז שטאַרק ווי דער טויט, כאָטש זי שווייגט וועגן איר ליבע. דעריבער האָט מיין האַרץ זיך געפרייט זעענדיק, אַז אליפלט איז דערווייטערט פון איר, ווארום ער איז אַוועקגעגאַנגען מיט די שליחים. גאָט זאָל באַ־וויליקן און שיקן אַן אויסלייזונג צו דניאלן, און ער זאָל צו־ריקקערן קיין ירושלים, און זאָל זיך נעמען קציעהן לויטן קע־ניגס באַפעל. ווארום כל זמן קציעה וועט נישט חתונה האָבן, וועט עס מיר נישט לאָזן רוען, איך וועל שטענדיק מורא האָבן, טאָמער וועט אליפלט זי איבעררעדן און אַוועקפירן אין אַן אַנדער לאַנד אַריין. און איידער איך האָב זיך געשייד מיט איר, בין איך געפאַלן מרימן אויפן האַלז און געזאָגט צו איר:

—אמת טאָקע, שוועסטער מיינע, האָסט דערצויגן אליפלטן ווי אַן אייגענעם זון. אלוואי וואָלט ער געבוירן געווען פון דיר, וואָלט איך אים איצט נאָך געבעטן ער זאָל נעמען מיין טאָכ־טער מיט כבוד, אָבער דו רופסט דאָך אים נאָר זון, ווייל דו טוסט מיט אים אַ חסד. דעריבער, שוועסטער מיינע, אין דיין האַנט גיב איך איבער מיין טאָכטער און איך האָף, אַז עס וועט איר ביי דיר קיין שום שלעכטס נישט טרעפן. זאָל קציעה זיין ביי דיר אַ טאָכטער, ווארום דו רופסט זי דאָך—„טאָכטער מיינע" ווייל דו האָסט זי שטאַרק ליב.

און מרים האָט מיר געגעבן די האַנט און צוגעזאָגט צו טאָן ווי איך פאַרלאַנג. פונדעסטוועגן האָב איך מורא און בין נישט זיכער: טאָמער האָבן דאָרט צוריקגעקערט אליפלט און אויך דניאל, און אליפלט איז פאַרביטערט, וויסנדיק אַז מיין טאָכטער האָט אים ליב און גאָר דער ווילן פון קעניג שטייט ווי אַן אייזערנע וואַנט צווישן אים און איר, האָב איך מורא טאָמער וועט ער מיט כח צעוואַרפן די וואַנט.

—די אַלע זאַכן זיינען שטאַרק פאַרפלאָנטערט—האָט דער איינזאַמער געענטפערט—אלוואי וואָלט איך געזעסן אין ציון, ווי איך וואָלט איצט אָפגעטאָן יעדע שטרויכלונג פון דיין טאָכטערס וועג.

—אייל זיך צו און גיי, האַר מיינער, קיין ירושלים—האָט יהושבע געענטפערט—אפשר ווילסטו ווערן דער אויפזעער פון מרימס הויז, וואָס נויטיקט זיך אין אַזעלכן. אויב דו ווילסט עס, בין איך גרייט צו שיקן צו מרימן אַ בריוו און אויסדערציילן דיין רעכטפאַרטיקייט, און דו וואָלסט דאָרט געווען אַ פאָטער אויך צו מיין טאָכטער.

—ס'איז נאָך צייט—האָט דער איינזאַמער געענטפערט—אַלץ מוז מען טאָן באַרעכנט.

ווי ער רעדט נאָך אַזוי, און מנוח איז געקומען און זיי געזאָגט, אַז שולמית האַלט אין איין וויינען און גייט אויס פון טרערן. און דער איינזאַמער, און יהושבע זיינען אויפגעשטאַנען אויף צו קומען אין שטוב זיי צו טרייסטן.

## ט.

אין אַכטן חודש, דעם צענטן טאָג אין חודש אינדערפרי, און צוויי בחורים פון יהודה קומען אָן אין דער שטאָט גלעד דורכן דמשקטויער. איינער איז אַ שיינער גלוסטיקער יונג, אַ גערויטלט פנים מיט שיינע אויגן, ער רייט אויף זיין מוילאייזל. און דאָס פנים פון זיין חבר איז פאַרגרינט און ער זיצט אויף אַ קעמל און פאַרבייסט די ליפּן פון גרויס ווייטאָק. און מיט אַ שטיל דערשלאָגענער שטים האָט ער געזאָגט:

—לאָמיר זיך נעמען אַן אָרט אויף צו נעכטיקן דאָ, אין דער דמשקגאַס, וואָרום איך בין פאַרמאַטערט פון די גרויסע שמערצן.

—זאָל זיין אַזוי,—האָט אים געענטפער דער שיינער יונג.—אָט איז פאַר אונז אַ גאַסט־הויז, וועל איך אראָפּנידערן און זען אויב ס'איז דאָ אַן אָרט פאַר אונז.

און ער האָט אַראָפּגענידערט פון זיין מוילאייזל און איז אַריינגעקומען אין גאַסטהויז און געבעטן פון בעל הבית אַ גרויסברייט צימער און דער בעל הבית האָט באַפוילן זיין דינער אים אויסצורוימען אַזאַ צימער.

דער דינער איז אַרויסגעגאַנגען מיט דעם גאַסט, און ס'איז אָנ־געקומען אַ נעגעריונג און געפרעגט:
—צי איז פאַראַן אין דיין גאַסטהויז אַן אָרט פאַר דער געשעצ־טער קטורה, די שוועסטער פון כהן אין בית אל?
—ס'איז פאַראַן,—האָט דער אייגנטימער געענטפערט.
—קטורה שפּאַצירט איצט אַרום אין שטאָט, גיי איך איר זאָגן, אַז ס'איז פאַר איר גרייט אַ צימער אין דיין גאַסטהויז.
און דער בחורל פון יהודה איז אַרויסגעגאַנגען צו זיין קראַנקן חבר, און האָט אים אַראָפּגענומען פון קעמל און האָט אים אַריינגעבראַכט אין צימער, וואָס דער דינער האָט פאַר זיי אויס־געראַמט, און האָט אים אַוועקגעלייגט אויפן בעט און געזאָגט צו אים:
—מאָרגן וועל איך דיר פירן און ברענגען צום רופא פון גלעד.

—און פאַרוואָס נישט היינט נאָך?—האָט דער קראַנקער אים גע־פרעגט—ווער געוואָר, דניאל וואו ער וואוינט און ברענג מיך צו אים, נאָר דערמאָן נישט דאָ, נישט דיין נאָמען און נישט דעם נאָמען פון עזריקם, דיין פאָטער, וואָרום עס קען דיר שלעכטס געשען. וואָרום די פאַלשע כהנים פון בית אל לאָקערן דאָ ווי יעגער־היננט צו פאַנגען יעדן, בפרט נאָך אַ זון פון עזריקם. דו געדענקסט דאָך, וואָס איך האָב דיר אין תפיסה דערציילט וועגן איינעם אַן אָרים־יונגל פון באר שבע, וואָס אַ חאַרנזון פון יהודה האָט ביי אים צוגענומען זיין געליסטיג ווייב?
—איך געדענק,—האָט געענטפערט דניאל.—איך געדענק אפילו, אַז ער האָט געהייסן עמיהוד. און זיין געשטאַלט איז געווען פונקט ווי מיין געשטאַלט, נישט אַזוי?
—אַזוי איז עס,—האָט דער קראַנקער געענטפערט—דער דאָזיקער עמיהוד איז געשטאָרבן פון ליידן. רוף זשע זיך מיט זיין נאָמען און דיינע אויגן וועלן נאָך דערלעבן צו זען ציון. נאָר איך בין אַ פאַרלוירענער. נאָך מיין טויט, זאָלסטו זאָגן מיינע עלטערן, אַז איך האָב אָן זיי געדענקט אויף מיין קראַנקנבעט. און מיין רעטער אליפלט, זאָלסטו זאָגן, אַז איך האָב אים געבענטשט אין

דאָס נאָמען, וואָרום ער האָט מיך אַרויסגעראַטעוועט פון תפיסה אויף דעם לעצטן טאָג איז גוט פריי צו זיין.

—באַרואיק דיך פריינט מיינער,—האָט דניאל געענטפערט—דו וועסט נאָך לעבן און זיין געזונט, איך וועל דיר נאָך היינט ברענגען דעם רופא און ער וועט געפינען פאַר דיר גענעזונג, דו זאָגסט מיר: פריי זיך וואָרום דו לעבסט און איך זאָג: וואָס פאַר אַ פרייד איז עס פאַר מיר? וואָרום וואָס האָב איך צו טאָן אין דערהיים? מיין פאָטער די קרוין פון מיין קאָפּ איז אומגעקומען, און אליפלט האָט מיר געזאָגט, אַז דער קעניג האָט פאַר מיר באַשטימט קציעהן די טאָכטער פון אלקנה, און איך בין אים מוחל די טובה. איך וועל אַרומבלאָנקען אין אַלע טויערן פון אפרים צו זוכן דו וואָס מיין האַרץ האָט ליב, די—וואָס איך האָב דאָ געזען. פון וויטן האָב איך זי דאָרטן געזען אין טאָג פון מיין פיין, ווען איך בין געגאַנגען געפאַנגען פאַרן שונא, און מיינע אויגן האָבן געזען אירע טרערן אויף אירע באַקן, די דאָזיקע שיינהייט האָט געוויינט אויף מיין גורל, האָט געפאָכט מיט דער האַנט צו מיר, האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און ס'האָט מיר אַזוי באַנג געטאָן, נאָר קראַנק צו ווערן. און אויך אין תפיסה זענען אירע טרערן מיין טרייסט געווען. איך וועל נישט צוריקקערן קיין ירושלים ביז קציעה וועט חתונה האָבן פאַר אליפלטן, וואָרום אים באַוויליגט איר האַרץ, אין זאָל איך זיי נישט זיין צו קיין שטערונג. נאָך זיצנדיק אין תפיסה האָב איך אַ נדר געטאָן אַזוי צו זאָגן:

—אויב גאָט וועט מיך באַפרייען פון געפאַנגשאַפט, זאָל איך נישט זען ציון פריער, ווי איך וועל זיך נוקם זיין אָן זכרין. און מיינע רייד וועל איך איצט האַלטן און זאָל זיין וואָס עס וויל זיך איך וועל זיך אויסמישן צווישן די כהנים פון בית אל, וועל קומען אין זייער טעמפּל בעטן. וועל אַרומגיין צווישן זיי, וועל זיך קלאָגן אויף די האַרן פון יהודה, וואָס האָבן מיר איינגעשטעלט דאָס לעבן און מיך אַרויסגעשטעלט אין די ערשטע רייען פון דער מלחמה, און מיט דער צייט, וועל איך ווערן אַן איינגייער צו זכרין אין הויז און וועל מקוים זיין מיין שבועה.

און ז'ער קראַנקער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט.
—ליבע און נקמה שטורמען אין דיר, דעריבער זיי געהיט, דו זאָלסט קיין גרייז נישט מאַכן. זיי נישט צו איילנדיק.
אַזוי ווי ער רעדט אַזוי און דער אייגנטימער פון גאַסטהויז קומט אַריין מיט איינעם אַ יונג און האָט געזאָגט צו דניאלן:
—ווי איז דיין נאָמען און דער נאָמען פון דיין שטאָט?
און דניאל האָט אים געזאָגט:
—עמיהוד איז מיין נאָמען און דער נאָמען פון מיין שטאָט איז באר שבע.
האָט דער אייגנטימער פון גאַסטהויז געזאָגט:
—וויפיל טעג עמיהוד, רעכנסטו צו וואוינען אין מיין גאַסטהויז מיט דיין קראַנקן חבר?
—ביז מיין חבר וועט אויפשטיין או וועט מיט זיינע פיס אַרויס-גיין פון דיין גאַסטהויז—האָט דניאל געענטפערט:
—זע זשע, צדקיהו—האָט דער אייגנטימער געזאָגט צו דעם יונג, וואָס איז איצט מיט אים אַריינגעקומען—דער בחורל עמיהוד וועט היינט נישט וועלן אַוועקגיין פון דאַנען צוליב זיין חבר, וואָס איז קראַנק, אויך די געשעצטע קטורה די שוועסטער פון נתניה דעם עלטסטן פון די כהנים פון בית אל, אויך זי האָט מיר באַפוילן אויסצורוימען פאַר איר אַ צימער אין מיין גאַסטהויז, און איך האָב פאַר איר צוגעגרייט דאָס צימער וואָס איז נעבן דעם צימער, און פאַר דער געשעצטער פרוי, וואָס דו זאָגסט, וועל איך היינט נישט האָבן קיין צימער. אָבער זאָג מיר נאָר, צדקיהו —האָט אים דער אייגנטימער געפרעגט אַרויסגייענדיק נאָך אים— ווער איז זי עס, די געשעצטע, וואָס דו זאָרגסט אַזוי פאַר איר?

—די דאָזיקע געשעצטע פרוי—האָט צדקיהו נעענטפערט—איז די טאָכטער פון עזריהו. אַ האַר אין שומרון, זי איז דאָס געווען דאָס ווייב פון אלקנה דעם שני למלך, וואָס איז געפאַלן דורך דער שווערד פון זכרי,—און ס'וועט נאָך זיין צייט, אַז איך זאָל דיר דערציילן. וואָס אַזוינס מיר האָט געבראַכט אין איר הויז, און דו דערצייל נישט, נישט איר נאָמען און נישט פון איר

וואוינען דאָ, וואָרום דו ווייסט מיר אַלץ קאַליע מאַכן. איך גיכן וועל איך צוריקקומען אַהער און דו־היט מיינע רייד.

—זיי רואיק—האָט אים געענטפערט דער אייגנטימער—דו ווייסט דאָך, אַז איך בין באַגלייבט צו דיר.
און דניאל האָט געזאָגט צו זיין קראַנקן חבר, נאָכדעם ווי דער אייגנטימער איז אַרויסגעגאַנגען, אַזוי צו זאָגן:
—צי ווייסטו ווער עס איז קטורה, וואָס דער אייגנטימער פון גאַסט הויז האָט איר גערופן געשעצטע? זי איז דאָך די שאַנד פון פרויען, און זייענדיק אין דער היים, האָב איך אַ ביסל געהערט פון איר פיראַכץ אין איר יוגנט, און וועגן דער חרפה וואָס עוזיאל האָט איר אָנגעטאָן, אויך מיין פאָטער האָט איר צו דער ערד דערנידעריקט און איר נקמה־צאָרן איז אויף אים און עוזיאלן, און זי קומט אַהער וואוינען. דאָס איז פון גאָט, כ׳ווייס נאָר נישט צי צום שלעכטן, צי צום גוטן דעריבער בין איך דערשראָקן.
—און דעריבער היט זיך טאַקע—האָט דער קראַנקער געענטפערט—וואָרום ווי וועט זיין צו דיר אויב דיינע פיינט וועלן זיך דערוויסן דיין נאָמען.
דער קראַנקער רעדט נאָך, און פון צימער, וואָס איז איבער דער וואַנט פון זייער צימער, דערהערן זיך טריט, וואָס קומען אָן. דערנאָך הערט זיך אַ פריילעך קול פון אַ פרוי, וואָס רעדט: איך שווער ביים גאָט כמוש, אַז נאָך איידער איך האָב דיך געזען דורכגיין אויף דער גאַס האָב איך געטראַכט וועגן דיר.

און דניאל האָט געהערט דידאָזיקע רייד, און ער האָט געגענט צום קראַנקנס בעט און מיט אַ שטילע שטים אים איינגערוימט אין אויער אַזוי צו זאָגן: ווי מיר שיינט, איז דאָ די בייזע פרוי קטורה, דעריבער זאָלסטו מיך רופן פון איצט אָן עמיהוד.

די וואַנט וואָס האָט פאַנאַנדערגעשיידט צווישן זייער צימער און קטורהס וואוינונג, איז געווען פון ברעטער, און אַז מען

האָט געריידט אין איין צימער, האָט מען געהערט אין צווייטן. און דניאל האָט זיך ווייטער צוגעהערט, און קטורה רעדט ווייטער, אַזוי צו זאָגן:

—זע, עמרי, אַז דו ביזט מיר נאָנט אין מיין האַרצן; וואָרום אַזוי ווי איך טראַכט פון דיר און דו שטייסט פאַר מיר.

—כ'שווער ביים וועג וואָס פירט קיין בית־אל—האָט עמרי געזאָגט—אויך איך האָב פון דיר געטראַכט היינט און נעכטן, און איך געדענק נישט דעם טאָג, וואָס איך זאָל פאַרגעסן קטורהן, אָבער, וואָס טוסטו איצט דאָ, באַרימטע פרוי?

—וואָס איך טו דאָ—האָט קטורה געענטפערט—נישט בלויז דיך האָב איך דאָ דערקענט, נייערט נאָך אַ האַרינטע פון ציון, וואָס זי איז דאָ פאַרפרעמדט, זי איז אָבער נישט געווען אין די פריריקע צייטן פון מיינע פיינט. אַלוואי וואָלט דאָ אויף איר אָרט געווען די פרוי פון מיין צאָרן! הער אויס, עמרי, ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען מיטן מיליטער פון ארם, האָב איך זיך געפרייט, ווען מען האָט מיר געזאָגט, אַז מיר וועלן זיך אַריינרייסן אין ירושלים, וואו עס געפינען זיך די אַלע אויף וועלכע עס איז מיין צאָרן. כ'האָב געמיינט איך וועל זיך וואַשן אין בלוט פון שמיר און זיין טאָכטער מרים. וועל צעשלאָגן העם קאָפּ פון עזריקמן און פאַרדאַרבן דאָס לעבן פון זיין ווייב און קינדער, נאָר די האָפנונג מיינע איז נישט געשען. און געהערט האָב איך אַז עזריקם איז אומגעקומען פון זכרין, אַלוואי וואָלטן זיי איינער דעם ·אַנדערן דערהרגעט. נאָר איך לעבּן זיך נוקם צו זיין אין די אַלע מענטשן. הער אויס, איך וועל דיר ווילטיקעס פאַרטרויען: ווען איך האָב צוריקגעקערט מיט די מחנות פון ארם, און די געפאַנגענע פון יהודה ווערן געטריבן פאַר אונז, זיינען מיר אַריבערגעגאַנגען דעם ירדן. און די חילות פון ארם האָבן זיך פאַרשפרייט אויפן לאַנד מואב, האָבן גערויבט, געשלאָגן און פאַרכאַפּט מענטשן, וואָס זיינען זיי אינטער דער האַנט געקומען. אויך די אַנטרונענע פון יהודה, וואָס האָבן זיך אַרומגעבלאָנקעט אין מואב, זיינען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. און איינע אַ פרוי מיט

איר טאָכֿטער, האָבן געזעגנט צו מיר און געזאָגט, אַז זיי זייענען פֿון די טעכֿטער פֿון אפֿרים, און די פֿרוי האָט מיר דערציילט, אַז זי איז דאָס ווייב פֿון שמיר און דאָס שיינע מיידל איז איר טאָכֿטער. האָב איך געהייסן די פֿאַנגער זיי זאָלן זיי לאָזן פֿריי און זיי האָבן מיך געפֿאָלגט. אָבער צו וואָס לאַנג ברייען? די פֿרוי האָב איך אַוועקגעשיקט אין „גוטן” וועג, פֿון וועלכֿן זי וועט שוין נישט צוריקקערן. נאָכֿדעם ווי איך האָב אין איר אַריינגעבראַכֿט די שטול נאָך דער קלונג און איר טאָכֿטער האָב איך געפֿונען דאָ אין גלעד, האָב זי איבערגעענטפֿערט צום אויפֿזעער פֿון זכֿריס הויז, וואָס נעמט צענויף שיינע מיידלעך אין פּאַלאַץ פֿון זיין האַר, פֿאַר אַ מתּנה אים צו זיין צוריקקערן פֿון מצרים. צי וועט זיך פֿרייען זיין האַרץ מיט זיי? וואַרט צו, דו וועסט נאָך זען, וואָס איך קאָן. צי אומזיסט האָט מען מיך גערופֿן אין ארם די שיינע צויבערין?!

דאָס אַלץ האָט דניאל געהערט דורך דער וואַנט און זיינע ביינער האָבן געציטערט פֿון שרעק, און דער קראַנקער האָט זיך אויפֿגעזעצט אויף זיין קראַנקנבעט. און ביידע האָבן זיך צוגעהערט און עמרים שטים ענטפֿערט אַזוי צו זאָגן:

—דו ביזט טאַקע אַ שיינע צויבערין—אָבער שווייג! עפּעס אַ שטים ווי פֿון אַ קראַנקן האָב איך געהערט פֿון יענער זייט וואַנט, לאָמיך גיין און זען, ווער עס איז דאָרט.

—איך וועל אויך גיין—האָט קטורה געזאָגט.

אַזוי ריידנדיק, זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען פֿון זייער צימער און זיי האָבן געזען דעם קראַנקן ליגן אויף זיין קראַנקנבעט און אַ שיינער בחורל פֿאַריכֿט אים זיין געלעגער מיט גרויס דערבאַרמונג, און עמרי האָט געזאָגט צו אים:

—פֿון וואָס פֿאַר אַ פֿאָלק ביזטו, גלוסטיקער בחורל, און פֿון וואַנען קומסטו דאָס מיט דיין קראַנקן חבֿר? ווי איז דיין נאָמען און דער נאָמען פֿון דיין שטאָט, אויב איך קען עס וויסן?

און דניאל האָט אים געענטפֿערט מיט אַ געבעט קול אַזוי צו זאָגן:

—איך בין עמיהוד, דאָס איז מיין נאָמען, און דאָס איז מיין קראַנקער חבר. ביידע האָבן מיר אַ ביטער לעבן פון זינט מיר זיינען צום שכל געקומען. איך האָב ליב געהאַט אַ טאָכטער פון מיין גראַד איז מיין געבורט שטאָט באר שבע. זי איז געווען זייער אַ שיין מיידל, און אויך זי האָט מיך ליב געהאַט, און ס׳איז געקומען אַ האַר פון יהודה און האָט געזען מיין האַרצנסגעליבטע, געזען אַז זי איז זייער שיין, האָט ער מיט באַטריג זי צוגענומען פון איר פאָטערס הויז. און ס׳איז אים געווען נאָך ווייניק, וואָס ער האָט מיר צוגענומען מיין גליק, און ער האָט נאָך געוואָלט מיך אומברענגען: וואָרום ער האָט מיך באַרעדט פאַר די האַרן, האָט מיך געמאַכט פאַר איינעם פון די וואָס בונטעווען זיך און ווילן בעסער אויס אין זון פון רמליהו און אין רצין, דעם קעניג פון ארם. און אויך דעמדאָזיקן חבר מיינעם, וואָס האָט געוואָלט נעמען מיין שוועסטער—האָט מיין שונא געמסרט, און דורך אים האָט מען אונז ביידע איינגעזעצט אין תפיסהגרוב. און ס׳איז געווען, ווען די פאַרבינדעטע קעניגן זיינען אויפגעגאַנגען אויף יהודה, האָבן זיי אונז אויפגעבראַכט פון תפיסהגרוב און אונז אַרויסגעשיקט פאָראויס קעגן דער קריג, און אונזער פיינט איז זיך געבליבן אינדערהיים, זיך צו פרייען מיט זיין ווייב, וואָס איז נאָך צו מיר צוגעבונדן, און איר מאַן קען זי גישט אָנקוקן. און איך מיט דעמדאָזיקן חבר מיינעם זיינען מיר געשטאַנען אַנטקעגן דער מלחמה, אויף אונז זיינען געפלויגן קילן און האָבן אונז נישט אָנגערירט. וואָרום ווען ס׳איז באַשערט צו לעבן און זיך פייניקן דעם ווערט קיין קול נישט הרגענען. און מיר האָבן געטראָגן די שאַנד, וואָס מיר האָבן געליטן פון אונזערע פיינט אין געפאַנגענשאַפט, מיר האָבן אויך געהערט די שטים פון באַצווינגער אין די תפיסה־הייזער. דאָרט טאַקע זיינען די קרעפטן פון מיין חבר אונטערגעבראָכן געוואָרן: ער איז קראַנק און פאַרשלאַפט געוואָרן, אַזוי ווי איר זעט אים איצט. און אויב איך לעב נאָך, ווערט מיר דער פיין און פאַרדראָס אומברענגען, געדענקנדיק, אַז מיין האַרצנסגעליבטע איז ביים פיינט אין דער האַנט.

און קטורה, וואָס האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט זייבע פאַרבי־
טערטע רייד, האָט אָפּגערופן עמירן אָן אַ זייט און צו אים גע־
זאָגט:

—דער גלוסטיקער בחורל, טוט אָטעמען מיטן פייער פון קנאה
און נקמה, מיין גאָט כמוש האָט מיר אים צוגעשיקט.

און זי האָט זיך געווענדט צו דעם בחורל און צו אים געזאָגט:

—עמיהוד, מיין פריינט, דו ביזט נאָך זער יונג און ווי־פיל דו
ביזט זיך שוין אויסגעשטאַנען. אָבער זאָג מיר, טייערער, צו
רעכנסטו צוריקצוקערן אין דיין לאַנד צו זען דיין געליבטע?
זי גאַרט דאָך צו דיר, זיבן מאָל אין טאָג דערמאָנט זי דיר,
און פאַרגיסט טרערן, איז עס דען נישט אַזוי? עס טוט מיר
ווי פאַר דיין געליבטע, וואָרום איך פיל איר ווייטאָק. ווי צו
אייך, האַרן פון יהודה, ליבן צווישן די סטאַדעס שעפּסן —
מענטשן! ווי לאַנג נאָך, אַז איר וועט נישט אַרויסלאָזן דאָס
פאַרציקונג פון אייערע ציין?

און דאָס בחורל האָט פאַרביטערט אָפּגעזיפצט און געזאָגט:

—אמת, די האַרן פון יהודה זענען ווי יונגע לייבן צווישן די
סטאַדעס שעפּסן און פאַר זיי טאַקע האָב איך מורא צוריקצו־
קערן אין מיין געבורטסלאַנד, וואו ס'זענען פאַר מיר אָנגעגרייט
פיין; וואָרום זיי ווערלן מיר געדענקען מיינע פריערדיקע זינד.
אָבער הערט אויס און איך וועל אייך דערציילן וואָס מיט מיר
האָט זיך פּאַסירט: ווען רצין האָט געבראַכט די געפאַנגענע פון
יהודה אין זיין קעניגרייך—שטאָט דמשק, און האָט באַפוילן צו
דרעשן דאָס לייב פון די האַרנזין, די קנעכט פון אחזן מיט
אייזערנע קאַמען און דאָרט איז אויך געווען דניאל דער זון
פון עזריקם, וואָס זיין געשטאַלט איז פונקט ווי מיין געשטאַלט,
האָט ער פאַרלייקנט דעם נאָמען און אויף מיר האָט ער געזאָגט,
אַז איך בין עזריקמס זון. האָבן די האַרן דאָס געזאָגט צו רצי־
נען און ער האָט באַפוילן מיר אַריינצוזעצן צווישן די איבע־
ריקע געפאַנגענע אויף דריי טעג און פלוצלונג אויסרופן: צו
עזריקמס זון „דניאל" און ס'וועט זיין, אויב ער וועט ענטפערן,

דאָ בין איך! איז אַ באַווייז, אַז ער איז דניאל און זאָל באַקו-
מען זיין שטראָף. און אַזוי האָט מען געטאָן, און וואָס ס'איז
געוואָרן מיט אים, ווייס איך נישט וואָרום מען האָט מיך איינ־
געזעצט אין תּפיסה צוזאַמען מיט דעם דאָזיקן חבר מיינעם און
איך האָב שוין נישט געהאָפט צו זען די ליכטיקע שיין, נאָר
ווען תגלת פלאסר איז אויפגעגאַנגען אויף אַרם, האָט ער דערהרגט
איר קעניג רצין, זיין פאָלק האָט ער פאַרטריבן און די געפאַנ-
גענע פון יהודה האָט ער באַפרייט, און זיי האָבן צוריקגעקערט
אין זייער לאַנד. און איך—וואו זאָל איך זיך אומקערן, אַז מיין
לאַנד איז פאַרשניטן פון מיר.
און קטורה האָט זיך אין אים איינגעקוקט און געזאָגט צו איבו:

—צי טאַקע זעסט אויס מיט דיין געשטאַלט ווי דער זון פון עזריקם?
באַרואיק זיך פריינט מיינער אויף דאָס איז פאַר דיר נוצליך, נאָר
זיי קלוג און ווייס וואָס דו טוסט. דיינע אייגענע, פון דיין פאָלק,
האָבן געצאָרנט אויף דיר און דיך אומגליקלעך געמאַכט און מיין
האַרץ דערבאַרמט זיך אויף דיר. צי וועסטו גיין מיט מיר קיין
בית-אל?
—איך בין גרייט, מיין האַרינטע, צו גיין וואו וועסט מיך שיקן.—
האָט דניאל געענטפערט.
—גוט, פריינט מיינער—האָט קטורה געענטפערט—איצט, בלייב
דו דאָ, און איך וועל גיין און וועל צושיקן דעם רופא צו דיין
קראַנקן חבר, כּדי דו זאָלסט זען און וויסן, אַז די טעכטער פון
אפרים האָבן ליב דעם פרעמדן.
און זי מיט עמרי זיינען אַרויסגעגאַנגען.

## יא.

אין דעם זעלבן טאָג, נאָך מיטאָג, און עמרי שפּאַצירט מיט קטורהן אין גלעד אויף דער בשן-גאַס. די גאַס איז זייער אַ ברייטע. פון ביידע זייטן גאַס שטייען ציפּריסבײמער און די שטאָטלייט לויפן אַהער און אַהין, יעדער לויפט וואו ער דאַרף: טייל אין די וויינהייזער און אַנדערע אויף דורכצופירן רויב און אָפּנאַרעריי. ווארום גלעד איז אַ שטאָט פון אומרעכט: דאָרט געפינט זיך אַ חברה כהנים וואָס טוען אָפּ זייערע זאַכן, דאָרט זיינען פאַראַן מאַסן מענטשן וואָס ליידן ווייטאָקן און זיינען קראַנק אויף פאַרשידענע קרענק און קומען צום רופא פון גלעד, וואָס וואוינט אויף דער דאָזיקער גאַס. דאָרט זיינען געגאַנגען עמרי מיט קטורהן, וואָס איז אָנגעקליידט אין טייערע מלבושים, און אירע אויגן שוועבן אויף רעכטס און לינקס.

און עמרי האָט געזאָגט צו איר:

—ס'איז דאָך שוין צייט, קטורה, זאָלסט זיך אָפּזוכן אַרו אין הויז פון אַ מאַן, ווען דו זאָלסט אויסוויילן. ווי טאָקע צערנסטו אויף אַלעמען, וואָס רופט זיך מיטן נאָמען מאַן און מאַכסט נישט

קיין אונטערשייד צווישן מאַנספערשוין און מאַנספערשוין?

—איינס האָב איך דיר געזאָגט, עמרי—האָט קטורה געענטפערט— דערמאָן מיך שלאַנגען און עקדישן נאָר נישט קיין מאַן. איך האָב גערופן צו שמירן—מאַן, צו עוזיאלן-גלוסטיקער מאַן, און צו זכרין—העלדישער מאַן און אַלע האָבן געפעלשט אין מיר. ווייז מיר אַ מאַנספערשוין וואָס זאָל אונטערטעניק מאַכן דידאָזיקע פאַררעטער און איך וועל אים ליב האָבן ווי מיין לעבן.

—איך בין גרייט דיר צו ווייזן אַזאַ מענטש—האָט עמרי געענטפערט: אַ מענטש, וואָס איז קלוג ווי אַ שלאַנג, וואָס רעדט מיט זיסע רייד און פאַנגט מענטשן מיט זיינע גוטע ריידעלעך, וואָס פאַרנאַרט זיי וואוהין ער דאַרף ביז זיי פאַלן אַריין אין זיין נעץ.

—און ווי הייסט דער מענטש?—האָט קטורה געפרעגט מיט ניי-געריקייט—ווייז מיר אים, וואו וואוינט ער?

—דער מענטש הייסט זמרי—האָט עמרי איר געענטפערט—דאָס האָב איך אים אויסגעפונען און אים געבראַכט אין הויז פון דיין ברודער נתניה, דעם כהן פון בית-אל. דו וועסט מיך בענטשן פאַר אים. צו דעמדאָזיקן זמרין וועל איך דיך פירן און ברענ-גען, דיינע אויגן וועלן אים זען, דיינע אויערן וועלן הערן זיין אַרט ריידן, וועסטו זיך פרייען מיט אים און זאָגן: אָט דאָס איז דער מאַן, וועלכן איך זוך.

—און ווי אַלט איז ער?—האָט קטורה געפרעגט.

—דרייסיק יאָר איז ער אַלט—האָט עמרי געענטפערט-זיין כח איז אין זיינע לענדן, און זיין ערמה—אין האַרצן. און אויב דו ביזט געבוירן געוואָרן מיט זעקס יאָר פריער פון אים—איז ער איילנדיק ווי וואַסער און זיין באַטריג וועט דיך דעריאָגן. אָבער שווייג! צי זעסטו דאָרט אַ פרוי, וואָס זיצט אונטערן געצנבילד פאַר דער שטובטיר?

—איך זע—האָט קטורה געענטפערט—אָבער ווער איז זי? אַן אונ-זעריקע אָדער דעם פיינטס?

—אָט וועל איך דיר זאָגן.—האָט עמרי געענטפערט—נאָר שווער מיר, אַז דו וועסט איר גאָרנישט טאָן. וואָרום זי היילט זיך ביים

רופא, וועלכער שטיצט אונז דערמיט. וואָס ער באַפעלט די קראַנקע צו שענקען ווייַן פאַר בית-אל.

--כ׳שווער בײַם גאָט כּמוש, אַז איך וועל קיין שלעכטס נישט טאָן, סײַדן דו וועסט הייסן--האָט קטורה געענטפערט.

--דאָס איז חפציבה--האָט עמרי געזאָגט.

און קטורה איז דערציטערט געוואָרן, איר פּנים איז ווילד געוואָרן און זי האָט האָט געזאָגט:

--איך האָב געשוואוירן בײַם גאָט כּמוש, און איך וועל איר קיין שלעכטס נישט טאָן, די גאַנצע צייט וואָס זי וועט דאָ זיין, אָבער ווען זי וועט זיך געפינען אין וועג צוריקצוקערן אין איר שטאָט, וועל איך אויפשטעלן פאַר איר לאָקערער זיי זאָלן איר דאָס לעבן נעמען.

--צי ווייסטו ווער ס׳האָט איר אָפּגעראַטעוועט דעמאָלט הרגענדיק דיין ליבהאָבער--דעם נעגער;--האָט עמרי געפרעגט.

--איך בין דאָס שוין געוואָר געוואָרן--האָט קטורה געענטפערט--דאָס איז דאָך עוזיאל דער מאַן פון מרים און דער מענטש אויף וועמען עס לאָקערט מיין צאָרן.

--און אויך דער מענטש פאַר מיין צאָרן--האָט עמרי געענטפערט--זיין נאָמען איז דאָך אַ פלוך פאַר אַלע כּהנים פון בית־אל, ווען ער וואָלט אַרייַנגעפאַלן צו אונז אין האַנט אַריין, וואָלטן מיר זיך גאָרנישט געקענט אָנזעטיקן מיט זיין לייב. אָבער גענוג גערעדט, מיר געפינען זיך שוין ביי זמרים וואוינונג, קום לאָמיר אַריין צו אים.

און ס׳איז געווען, ווי זיי האָבן נאָר אַריבערגעטרעטן די שוועל, און פאַר זיי שטייט אַ מאַן יונג אין יאָרן, אָנגעטאָן אין אַ מאַנטאָ און אין אַ פּריסטערקלייד, ווי עס קליידן זיך די כּהנים. זיינע אויגן דריקן אויס ערמה און פון צווישן זיינע ברעמען קוקט פאַרלייקענונג. ער האָט קטורהן מיט עמרין אַוועקגעזעצט ביי זיין טיש, און האָט באַפוילן זיין יונג, און ער האָט געאיילט צו ברענגען אַ פלאַש ווייַן און ביר מיט גלעזער און זילבערנע בעכערס, און זמרי האָט אָנגעגאָסן ווייַן און אַוועקגעשטעלט פאַר זיך און פאַר קטורהן און עמרין, און ער האָט

געטרונקען און האָט געזאָגט:

—מיט ווײַן און ליגן זאָל לעבן אפרים!

און עמרי האָט געטרונקען זײַן בעכער און געזאָגט:

—זאָל לעבן דער וועג קיין בית־אל!

און נאָך זײַ האָט געטרונקען קטורה און געזאָגט:

—זאָל לעבן כמוש, דער גאָט פון מײַן מוטער!

און זמרי האָט ווידער אָנגעגאָסן ווײַן. האָבן זײ געטרונקען צום צווייטן און דריטן מאָל, און אַז זײ זײַנען געוואָרן אויפֿגעלייקט, האָט זמרי געזאָגט צו קטורהן:

—און וועמען זאָל איך דאַנקען פאַר דײַן קומען אין מײַן הויז?

—דײַן חבר עמרי—האָט קטורה געענטפערט—זײַן מויל האָט דיך געריימט פאַר מיר, אַז ביזט קלוג ווי אַ שלאַנג, און שרעקלעך ווי אַ יונגער לייב, דעריבער האָב איך מיר געטראַכט: לאָמיך אַרײַנגײן און זען, וואָרום איך בין גרייט צו געבן פאַרצוקונג פאַר דײַנע צײַן.

—אַלע פײַנט פון אפרים זײַנען מײַן פאַרצוקונג—האָט זמרי געענטפערט—און אַלע לעסטערער פון בית־אל זײַנען די מענטשן פון מײַן צאָרן, און ווי גרויס איז די מחנה, וואָס פירט אויס מײַן אַרבעט. דער—איז מיר אויגן, און דער—אויערן, דידאָזיקע—הענט, די אַנדערע—פיס, און איך—בין דער גײַסט וואָס פירט אָן מיט זײ. מיר פעלט גאָרנישט. נישט קיין פאַרמעגן און רײַכקייט, דאָס וועל איך געפֿינען מיט מײַן קלוגשאַפט. ווער וואָלט געבן און איך וואָלט געפונען אַ העלפערין—אַ פרוי וואָס איז געלערנט צו נאַרערײַ, וואָס זאָל פירן מלחמה מיט אַ צונג אַ שאַרפע, און וואָס זאָל שיקן אירע פײַלן פון דן ביז בארשבע. צו מאַכן אַ תל פון פרידלעכן לאַנד און אויפֿצושטעלן די חורבות פון אפרים. איך האָב אָבער געזוכט מיט ליכט און אַזאַ פרוי האָב איך נישט געפונען, אפרים האָט געזאָגט—איך האָב נישט אַזעלכע, און מנשה—נישטאָ בײַ מיר.

אַזוי זאָגנדיק האָט ער אָפּגעזיפצט און קוקנדיק מיט שמייכלענ־

דיקע אויגן קטורהן אין פנים—האָט ער געזאָגט:
—נאָר אין דיר פּרוי, וואָס איז שענער פון צענטויזנטער פון דיינע חברטעס, נאָר אין דיר איז פאַרן ערמה און פאַרפירעריי. חן מיט שׂכל האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן. פון עמרין האָב איך שוין וועגן דיר געהערט, איצט האָבן מיינע אויגן דיך געזען. איך האָב אויך געהערט, אַז דו צאַרנסט אויף שמרון, אויף זכרין און עוזיאלן, און דיין כּעס וואַרט פאַר זיי. אָבער מעגסט זיך באַרימען מיט מיר, וואָרום איך האָב געשאַפן אַ פאַרדאַרבער צו פאַרדאַרבן שמירן, וואָס זיצט זיך זיכער און רואיק. וואָרום זוכנדיק אַ מענטשן, האָב איך געפונען אַ פרוי זייער אַ דערשלאָגענע, זי איז אָרים און פול מיט צאָרן, זי האָט אַ זון הייסט ער צדקיהו, אַ יונג אַ ווילדער בחור, און איך האָב אויסגעפאָרשט די פרוי, כּדי צו דערגיין, וואָס ס׳איז מיט איר, האָט זי מיר דערציילט וועגן איר טרויער און פּיין, און איר זון צדקיהו האָט עס נישט געהערט, און דאָס זיינען אירע רייד:
„דער אויסוואורף שמיר האָט מיך אָנגעזעטיקט מיט ביטערקייט און האַרבקייט, רואיק און צופרידן בין איך געזעסן אין מיין פאָטערס הויז, איך האָב נישט געוואוסט פון קיין שום שלעכטס, און אַ מענטש אין די יאָרן, זיין נאָמען איז שמיר, אַ געבוירענער פון שומרון, איז געקומען פון ציון, און ער האָט געפאַנגען מיין האַרץ, איינריידנדיק מיר, אַז וועט מיך נעמען און פאַרשאַפן מיר גרויס כּבוד; און ער האָט מיך איבערגערעדט און איז מיך בייגעקומען, וואָרום איך האָב נעגלייבט אין אים. ווידערשפּעננגענדיק אין מיין פאָטער, וואָס האָט מיר געווערט. צען טעג האָט שמיר געוואוינט מיט מיר און האָט מיך פאַרלאָזט אויף אייביק. און מיין פאָטערס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף מיר און ער האָט מיך פאַרטריבן פון זיין הויז, און איך האָב אַוועקגעפירט מיין שאַנד אין איינע פון די שטעט פון אפרים. און נאָך ניין חדשים און איך האָב געבוירן מיין זון צדקיהו. און איך האָב אַוועקגעטראָגן מיין זון צו שמירן קיין ירושלים, בין אַריינגעקומען אין זיינע וואוינונגען, און האָב געבעטן צו אים, ער זאָל אַריינעמען צדקיהון אין זיין

הויז אַריין, וואָרום ער איז דאָך זיין זון. און שמיר האָט געצאָרנט און באַפוילן זיינע קנעכט, זיי זאָלן מיך שלאָגן און הרגענען. אַזוי בין איך אַרויס פון שמירס הויז מיט די הענט אויפן קאָפ פאַרבראָכן."

אַזוי האָט מיר דערציילט די פרוי, און אויסדערציילט מיר איר לײַדן, וואָס זי האָט פאַרהוילן פון איר זון צדקיהו. וואָרום פאַרלייקנט האָט זי פון אים דעם נאָמען פון זיין פאָטער. וואָרום זי האָט מורא געהאַט, טאָמער וועט ער אויפגיין קיין ירושלים און זיך בעטן ביי שמירן, וואָס איז אַ בייזער מענטש און וועט באַפעלן אים צו הרגענען. און איך האָב געטרייסט די פרוי, צוגענומען פון איר דעם זון אירן צו באַקומען פאַר אים עפּעס אַ שטעלע און היינט איז ער אַלט ביי די צוואַנציק יאָר. איז זייער אַ געראָטענער: ער האָט זיבן אויגן צו לאָקערן אין יעדער ווינקל, קיין זאַך איז פון אים נישט פאַרהוילן, וואָרום ער קען אַלע, וואָס קומען קיין גלעד, נאָר זיין געבורט איז פון אים פאַרהוילן. ווען עס וועט קומען די צייט, וועל איך עס אים אַנטפּלעקן. דעמאָלט וועט ער אויפברויזן ווי אַ ווילדע חיה, און עס וועט גרימען זיין צאָרן אויף זיין פאָטער שמיר ביז צום פאַרדאַרבן אים. אָט דאָס האָב איך געמיינט: אים האָב איך באַשאַפן פאַר אַ פאַרדאַרבער צו פאַרדאַרבן שמירן אָננעמענדיק זיך פאַר דיר, נאָך אַ ווײַלע און ער וועט אַהער קומען, וואָרום איך האָב אים אַהער איינגעלאַדן. און וואָס וועסטו אָצינד זאָגן?

און קטורה וואָס האָט זיך מיט וואונדער צוגעהערט צו אַלע זיינע רייד, האָט אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און געזאָגט:

—מיין חאַנט האַלט אָן דיין האַנט פון אַצינד אָן. נאָר גאָט כמוש האָט דאָס באַשערט. נייערט מיט דעם וועסטו זיך היינט משדך זיין מיט מיר, מיט דיין אָננעמען זיך פאַר מיר. איך וועל דיך נישט רופן מאַן מיינער, און דו וועסט מיך נישט רופן ווייב מיינס, ביז מיר וועלן נישט דערשלאָגן מיינע פיינט, די באַטריגער מיינע. און אויך אויפן הויזגעזונט פון עזריקם

האָב איך פאַרטראַכט שלעכטס, ער אָבער איז געפאַלן דורך זכריס הענט און איך האָב געשוואוירן ביי כמושן אויסצוראָטן אויך זיין הויזגעזונט, און היינט האָב איך באַגעגנט אַ גלוסטיק בחורל פון יהודה און ער הייסט עמיהוד, וואָס האָט אַ פול האַרץ אויף זיין פאָלק און די האַרן, זיי זשע אים מקרב, זמרי, צו דיר, ער וועט אונז צונוץ קומען.

—גוט—האָט זמרי געענטפערט—אַז דו זאָגסט גוט פאַר אים, וועט ער טויגן, און אַז צדקיהו וועט אַהער קומען, וועל איך אים שיקן ער זאָל אים פאַרנאַרן קיין בית־אל. הער אויס קטורה. ביי מיר איז געבליבן צו גיין קיין מצרים צו זען ווי עס פירן זיך דאָרט די כהנים און זיך אויסלערנען די חכמה פון די כשופמאַכער, און אַז איך וועל פון דאָרט צוריקקומען פול מיט חכמה און וויסן, וועל איך ווערן אַ כהן און אַ נביא, באַוואוסט אין יהודה און אומעטום. וועלן צו מיר קומען אַ סך מענער און פרויען און וועלן מיר ברייגען מתנות, און דו, קטורה, וועסט זיך דאָך באַהעפטן מיטצוגיין מיט מיר, ענטפער מיר.

—מיטן גרעסטן פאַרגעניגן!—האָט קטורה געענטפערט—נעם מיך קיין מצרים, איך לויף נאָך דיר, וואָרום דאָרט וועלן מיר איצט געפונען זכרין, מיין שונא, און עוזיאלן מיין פאַרמיאוסונג. זכרי איז אַוועק קיין מצרים, האָט אַהינגעפירט בוימאייל פאַרן קעניג. און עוזיאלן וועלן מיר אפשר אויך דאָרט טרעפן וועל איך אים אָפּצאָלן זיבן מאָל אַזויפיל פאַר מיין שאַנד.

ווי זי רעדט נאָך אַזוי, און זמריס דינער איז אַריינגעקומען און געזאָגט, אַז צדקיהו שטייט אין פאָדוויר און וויל אים זען.

—זאָל ער אַריינקומען—האָט זמרי געענטפערט.

און זמרי האָט געזאָגט צו קטורהן:

—פרוב נאָר ריידן מיט אים, וועסטו זען אַז דורך אים וועט מען קענען אויספירן דיין פאַרלאַנג אין דיין פיינט שמיר.

אַזוי ווי ער זאָגט עס און צדקיהו איז אַריינגעקומען.

—צי איז פרידן צו דיר צדקיהו?—האָט אים זמרי געפרעגט—צי

טוסטו דיין אַרבעט מיט וועלכע דיינע חברים וועלן זיך נישט שעמען?
—נאָך פרידן און גוטס איז צו מיר—האָט אים צדקיהו געענטפערט—איך פאַרשלעפּ די העלדישע יונגעלייט קיין בית־אל. איך וועל זיי פאַרנאַרן אין דער נעץ. אויך איצט איז אַריינגעפאַלן אַ פיש אין מיין ווענדקע ווי איך וועל דיר דערציילן אויפן אויער.
אַזוי האָט געזאָגט דער יונג און זיינע אויגן שוועבן פון זמרין אויף קטורהן, וואָס האָט אים דערווייל געפרעגט:
—צי ציטערסטו אַזוי פאַר דיינע רייד, וואָס דו דערבאַרמסט זיך אויף זיי און ברענגסט זיי נישט אַרויס פון דיין מויל? דערצייל פאַר זמרין און אויך פאַר מיר און זאָל זיך אויך מיין האַרץ פרייען מיט דיינע טהאַטן פאַר בית־אל.
—פאַרמייד נישט דיינע לעפצן פאַר דער געשעצטער קטורה.—האָט זמרי געזאָגט—די שוועסטער פון נתניה, דער כהן פון בית־אל, איז זי. אירע אויערן זיינען ווי מיין אויער.
—ווי דיין או ער—האָט צדקיהו געענטפערט קוקנדיק אויף אים מיט וואונדער—און ער האָט זיך געווענדט צו קטורהן און געזאָגט:
—דו ווייסט דאָך, האַרינטע מיינע, אין יענעם גאַסטהויז, דאָרט וואו עס וואוינט אויך אַ שיינער בחור אַ זון פון יהודה מיט זיין חבר, וואָס איז קראַנק, דערדאָזיקער יונג הייסט עמיהוד. אַ יונג מיט אַ האַרט געמיט און אַ געיאָגטער אָן אַ שום שילד. הערנדיק זיינע פּאַסירונגען, בין איך אויפגעטרייסלט געוואָרן, און באַלד איז אין מיר געוואָרן איבערגעקערט דאָס האַרץ, פאַרשטייענדיק פון זיינע לעצטע רייד, אַז ער שטייט מיר ווי אַ פיינט אין וועג פון מיין ליבע. הערט און איך וועל דערציילן:

אויף אַ רואיק שטיל אָרט צווישן די חרמונבערג, וואוינט אַ רייכער מאַן און זיין נאָמען איז מנוח דער חברונער. און ער האָט אַ מיידל זייער אַ שיינע, אַ רויז וואָס בליט אין איר שיינקייט פון דער טוי פון הרמון. מיט עטלעכע חדשים צוריק האָב

איך זי געזען אין גלעד, איך האָב זי דערזען און בין ווי משוגע געוואָרן. אוי!—האָב איך געטראַכט—ווען איך וואָלט גע־ ווען אַ טיגער, וואָלט איך געקומען און פאַרצוקט אַלע מיינע פיינט מיט מיין צאָרן און וואָלט זיך גענומען שולמיתן, דאָס איז איר נאָמען, און וואָלט זי אַוועקגעטראָגן אין מיין נאָרע. און פון זייט איך האָב זי געזען האָב איך מיר געזוכט תחבולות זי צו דערגרייכן, און נעכטן און אַ געשעצטע פרוי איז מיט אירע דינסטן אויפגעגאַנגען קיין גלעד, און זי האָט פון מיר געבעטן, איך זאָל איר דאָ אָנווייזן אַן אָרט וואו צו נעכטיקן. און איך האָב איר נישט אָפּגעזאָגט אין איר פאַרלאַנג: איך האָב זי געבראַכט אין אַ גאַסטהויז און די פרוי האָט מיר באַ־ צאָלט מיט דער ברייטער האַנט, און איינע פון אירע דינסטן, איר נאָמען איז אבישג, האָט אויפגעהויבן אירע אויגן צו מיר און גערעדט צו מיר ליבשאַפט. האָב איך זיך געווענדט צו אבישגן, האָב איר אויסגעפאָרשט וועגן איר האַרינטע, און זייענ־ דיק פאַרליבט אין מיר, האָט זי פון מיר גאָרנישט פאַרהוילן און האָט מיר דערציילט, אַז די האַרינטע אירע איז יהושבע דאָס ווייב פון אלקנה דעם שנילמלך; זי איז איצט אַן אלמנה נאָך איר מאַן און איר יונגערע שוועסטער האָט זי איצט גע־ געבן פאַר אַ ווייב צום חברונער. און איך, אַז איך האָב דער־ הערט דעם נאָמען חברונער, האָב איך איר אויסגעפרעגט וועגן זיינע שטובמענטשן און זי האָט מיר געזאָגט: ער האָט אַ טאָכ־ טער שולמית וואָס איז שיין ווי די לבנה, און מיט צוויי יאָר צוריק, ווען זי איז געווען אין גלעד האָט זי געזען אין גע־ פאַנגענשאַפט אַ שיין יונגל, און ער האָט געקוקט אויף איר מיט חן און געבעט. און פון דעמאָלט אָן רעדט זי פון אים שטענ־ דיק, זי זעט אים אויך אין שלאָף, שטייט אויף אין בעט פאַר אים צו גאָט פון ציון. דאָס האָב איך געהערט און מיין האַרץ איז צוגאַנגען ווי וואַקס, אבישג איז צו מיר אינגאַנצן צוגע־ זאָדטן און איך חנפע זיך צו איר כדי פון איר אַלץ צו דערגיין. דערווייל האָט יהושבע מיך געבעטן איר אָפּצוזוכן אַן

אַנדער גאַסטהויז און אַזוי בין איך געקומען אַהין, וואו איך האָב געטראָפן עמיהודן מיט זיין קראַנקן חבר, און איצט, מיין האַר זמרי, וואָס טראַכטסטו וועגן עמיהודן?

—מיין עצה איז אים אַוועקצוציען קיין בית־אל דורך די שטריק פון זיין ליבע. דו צדקיהו שטעל זיך פאָר פאַר אים ווי דו וואָלסט געשפּעט פון בית־אל און פון אירע נביאים, און דו, עמרי, זאָלסט פאַר אים דערהויבן זייערע וועגן און זעאונגען. דו ווייסט דאָך שוין, צדקיהו, מיין וועג.
—דערדאָזיקער וועג איז מיר נישט פרעמד—האָט צדקיהו געענט־פערט—זאָל איך גיין פּרובן ריידן מיט אים?

—גיי—האָט אים זמרי געענטפערט—נאָר מאַך אַלץ מיט שכל און קלוגשאַפט, וואָרום דו וועסט זיך דערמיט אַ טובה ברענגען.

און צדקיהו האָט זיך דערפרייט פון זמריס רייד און איז אַוועק.

און זמרי האָט געזאָגט צו קטורהן:

—ווי די פיילן אין האַנט פון העלד, אַזוי איז דאָס יונגוואַרג. זיי פליען צום ציל. ווען עס טראָגט זיי זייער ליבע. און צדקיהו וועט אַריינציען אבישג, יהושבעס דינסט, אין דער לי־בע, און זי וועט אים דערציילן אַלע פאַרהוילענע און געהיימע זאַכן, וואָס זי וועט הערן אין הויז פון איר האַרינטע, און צדקיהו וועט נאָכגעצויגן ווערן נאָך שולמיתן, און שולמית נאָך דעמדאָזיקן עמיהודן, און עמיהוד נאָך בית־אל, דורך דיר, עמרי מיין פריינט, וועלן זיי אַלע דערשלאָגן ווערן און אונז ברענ־גען צו אונזער ציל.
האָט קטורה געקוקט מיט לייטזעליקייט אויף זמרין און געזאָגט:

—איצט האָב איך געזען דיין ערמה און דאָס ציט מיך צו דיר. מיט קלוגשאַפט און מיט שכל האָסטו פאַרבינדן דידאָזיקע מענטשן, און עמיהודן האָסטו אַוועקגעשטעלט פאָרויס, לאָמיר זען, זמרי מיין פריינט, וואָס דו קענסט.

—דאָס אַלץ וועט דאָך דיין האַנט טאָן, קטורה מיין ליבע—האָט זמרי געענטפערט.

—און איך וועל אייך צוהעלפן—האָט עמרי געזאָגט.

און זמרי האָט ווידער אָנגעגאָסן וויין, און זיי האָבן געטרונ־קען און געשכורט ביז נאַכט.

## יב.

דער מאָרגשטערן איז אופגעגאַנגען, און נתניה דער כהן פון ביתאל גייט אויף אויף דעם העכסטן באַרג, וואו סאיז אויפגעבויט אַ גלוסטיקער פּאַלאַץ, וואָס איז אָנגעלענט אויף מורמלשטיינערנע זיילן און האָט גרויסע פענצטער. דערדאָזיקער פּאַלאַץ איז דער טעמפּל פון ביתאל, וואָס איז געווען דער שטרויכלונגסשטיין פאַר די יידן פון די צייטן פון ירבעם, וואָס האָט געגאָסן צוויי קעלבער האָט איינס אַוועק געשטעלט אין ביתאל און דאָס צווייטע—אין דן און האָט געזאָגט: אָט דאָס איז דיין גאָט, וואָרום ער האָט געוואָלט פאַרפירן דאָס האַרץ פון די יידן נאָך די נאַרישקייטן, מורא האָבנדיק טאָמער וועלן זיי אויפגיין קיין ירושלים זיך צו בוקן דאָרט פאַר גאָט אין בית המקדש, וועלן זייערע הערצער אַ בערגערעדט ווערן צו יהודה און אירע הייליקייטן און דאָס קעניגרייך וועט צוריק איבערגיין צום הויזגעזונט פון דוד המלך, האָט ער זיי געמאַכט אַ באַזונדערן מקדש און איבערגעאַנדערשט די צייטן פון די ימים טובים: אָנשטאָט עדם יום טוב סכות וואָס די זין פין יהודה פייערן פיפצן טאָג.

אין חודש תשרי, האָט ירבעם געמאַכט דעם יום טוב פיפצן טאָג אין חודש חשון, און ס'איז געווען דער יום טוב אַ דערשיטערונג פאַר אַלע פרומע לייט, אין די טעמפלען פון ביתאל און דן — פאַר אַ שטרויכלונג פאַר יידן. און כדי צוצוציען דאָס פאָלק צו די נייע געטער, האָט ירבעם באַשאַפן ביים טעמפל פון ביתאל אַלערליי תענוגים אין אַלץ וואָס דאָס אויג גלוסט, האָט אויס־געשטעלט סצענעס צום שפּילן אויף די פלעצער און במות אין וואַלד צווישן זאַפטיקעביימער, אויף די במות זענען פרויען אויפגעגאַנגען צו דעמפן צו די שטערן פון הימל אין די מאַנס־בילן זענען אויפגעגאַנגען דאָרט צו שפּעטן,

דער כהן איז געקומען אין זיין היכל און ס'האָבן זיך געצויגן צו אים גרויסע מאַסן מענטשן, און זיינע פאָדווירן זענען פול געוואָרן פון מענטשן ווי פון היישעריק, און דער כהן האָט געשחטן זיין שחטונג, אין דער נביא האָט פאָרגעזאָגט אַזוי צו זאָגן:

—אַ שווער זעאונג האָב איך געזען אויף מיינע פיינט און לעס־טערער די זין פון יהודה, וואָס זאָגן גאָטס היכל איז ביי זיי אין ביתאל איז באַטרוג, און איצט הערט דאָס זעאונג, וואָס איך האָב געזען אויף יהודה אין ישראל: ציון וועט ווי אַ פעלד צואַקערט ווערן, ירושלים וועט וויסט ווערן, און אויף דעם קאָפּ פון אפריפ וועט בליען די קרוין, און שומרון וועט דערהויבן ווערן. הערט עס אויס קינדער פון אפרים און איר וועט וויסן, אַז נישט פון ציון און פון איר בית המקדש, נייערט פון בית אל גייט אַרויס דאָס זעאונג און נביאות דורך אירע נביאים.

דער המון פון פאָלק, וואָס האָט ליב פאַלשע נביאות, האָט דערפון גרויס פאַרגעניגן געהאַט האָט זיך געפרייד פון דעם פרידן, וואָס דער פאַלשער נביא האָט זיי פאָרגעזאָגט, און איינער האָט געזאָגט דעם אנדערן: וויכטיקע רייד האָט דער נביא צו אונז גערעדט, אַ שטים, וואָס זאָגט אָן אַ סך פריידן פאַר אפרים, דע־ריבער לאָמיר נישט מורא האָבן פאַר די נביאות פון די נביאים און יהודה.

און יעדער האָט די כהנים דערלאַנגט זיין גאָב, און דער כהן

האָט זיי געבענטשט און געזאָגט: גייט מיט פרידן און פרייד זיך מיט גרויס פרייד, וואָרום נאָר גוטס און פרידן וועט אונז זיין אין די קומענדיקע צייטן. און דער נביא האָט געזאָגט: יעדער מאַן און פרוי, וואָס האָבן פאַרביטערטע הערצער, זאָלן צו מיר קומען נאָך מיטאָג, וועל איך זיי לערנען ווי זיך צו פירן.

צווישן דער גרויסער מאַסע מענטשן זיינען אויך געשטאַנען דניאל און צדקיהו. און דניאל איז זייער טרויריק, וואָרום איי־דער ער איז אַרויסגעגאַנגען פון גלעד, איז געשטאָרבן זיין קראַנקער חבר, און זיין טויט האָט אים זייער טרויריק געמאַכט, זעענדיק, אַז ער איז געבליבן עלנט אין אַ פרעמד לאַנד. דעריי־בער האָט ער זיך געפרייט מיט צדקיהון, וועמען ער האָט גע־פונען אַ פאַרשטענדיקן און באַגלייבטן, וואָס האָט אים אָפּגע־רעדט פון האַרצן און אים געטרייסט און געזאָגט:

—קום מיין פריינט, לאָמיר אַוועקגיין פון דאַנעט, וואָרום אַלע רייד פון דעם נביא זיינען נאַריש און פוסט.

—אַזוי טראַכט איך אויך—האָט אים דניאל געענטפערט מיט אַ זיפץ—די זעער פון בית־אל גנבענען די רייד פון די נביאים אין ירושלים. און זיין שווערע נביאה, וואָס ער האָט פאָרגע־זאָגט אויף ציון, האָב איך געהערט פון נביא מיכה אין ציון.

—דעריבער—האָט אים צדקיהו געענטפערט—דעריבער לאָמיר אַוועק־גיין אין טאָל פון פאָרשטעלונגען אויף די סצענעס, דאָרט, אין טאָל, וועט רעומה פירן אַ קאַמף מיט די בחורים פון אפרים, און ווער עס וועט איר באַזיגן צו דעם וועט די גרויסע שיינ־הייט געהערן. ווען איך וואָלט געקענט ציען דעם בויגן און אויכשטרעקן די שווערד, וואָלט איך אויך זיך געפרובט קעגן איר. דו ביזט דאָך געלערנט צום קריג, פריינט מיינער, און אויב דו האָסט חשק זיך צו באַטייליקן צווישן די בחורים, בעט ביי מיר וועל איך דיר ברענגען אַ שווערד, אַ בויגן, אַ פאַנצער און שפיז פון מיינע באַקאַנטע דאָ, און עס וועט זיך פרייען אויף מיין האַרץ צו זען דיין שטאַרקייט, און אפשר וועט דיין

האַנט איבערשטאַרקן רעומהס האַנט, ווען זי צו דיר אַריינפאַלן.
זי איז דאָך זייער שיין און שטאַרק באַחנט.
—זאָל זיין!—האָט עמיהוד געענטפערט—ברענג מיר אַ פאַנצער, אַ
שווערד און שפיז, און איך בין גרייט צום קאַמף.
—גוט—האָט צדקיהו געענטפערט—גיי דו אויף אַהין, וואו ס׳זיי־
נען די שפיל־סצענעס, וואָרום נאָר וואָס, אַז די זון האָט אויפ־
געשיינט, רעומה וועט דאָרט אַהין קומען אין מיטן טאָג, און
איך וועל איילן צו קומען צו דיר מיטן געווער און פאַנצער,
דו וועסט נישט פאַרשפעטיקן די צייט פון קאַמף.
צדקיהו האָט געאיילט צו לויפן און דניאל, וואָס האָט זיך גע-
רופן עמיהוד, איז אויפגעגאַנגען אויף אַ גלוסטיקן באַרג, דאָרט
איז אַ פעטע ברייטע לאָנקע און אַרום זיינען וועלדער מיט
זאַפטיקעביימער: באָקסנביימער און געדיכטע דעמבעס. פון דאָ
און דאָרט, זעט זיך אויפגיין זיילן רויך, דאָס איז דער רויך
פון די דעמפונגען, וואָס עס דעמפן די ווייבער, און ס׳איז
גרויס די מאַסע מענטשן: מאַנסבילן, פרויען און מיידלעך אָן אַ
צאָל, זיינען צעשפרייט אויף די בערג און הוליען. יעדעס פנים
פלאַמט, וואָרום דער ווין האָט זיי אָנגעצונדן. און דניאל גייט
אומעטום פאַרביי און זיינע אויגן קוקן אויף אַלע זייטן, טאָ־
מער וועט ער דערזען דאָס געשטאַלט פון זיין געליבטער, די
גאַרונג פון זיין האַרצן. און ער האָט זיך געקערט אַהער און
אַהין און — נישטאָ. איז ער געגאַנגען און געקומען צווישן
די לינדנביימער, וואו עס שטיין די אַלטאַרס צום אָפגאָט בעל,
און ער זעט אַ טיש איז געגרייט, אויף אים—פלייש פון די
שחטונגען און ווין און ביר, און מאַנסבילן און פרויען און
מיידלעך שוועבן אַרום זיי, עסן טרינקען און פייערן, און שפּע־
טערייען און לצנות און געלעכטער הערט זיך פון יעדער זייט,
און איינער אַ מענטש אַ שכורער פון ווין, וואָס זיין פנים האָט
אַ קאָליר פון פאַרויטלטע הימלבלויקייט האָט געעפנט זיין מויל
מיט שכורע געזאַנגען און געפליכט ציון.
אַזוי זינגענדיק האָט ער געטרונקען ווין פון אַ בעקן און אויס־
גערופן:

--זאָל לעבן אפרים און זאָל לעבן דער וועג וואָס פירט קיין בית־אל!
און נאָך אים האָבן געטרונקען די שכורים פון אפרים און די פעטע ווייבער פון שומרון און געשריגן מיט אַ הויך געשריי:

—אפרים וועט לעבן און ווערן אַ פאָלק, וועט לעבן אויף צו־זעצעניש די זין פון יהודה, אונזערע פיינט, וואָס טוען אָנרייצן אָן אונז אשורן.
—זאָל לעבן דער וועג קיין מצרים!—האָט געענטפערט אַ צווייטער מיט אַ הייזעריק קול פון ווייַן—איר האָט דאָך היינט געהערט, וואָס דער נביא פון בית־אל האָט נביאות געזאָגט אויף יהודה.
—אויך איך ווייס נביאות צו זאָגן אין נאָמען פון בעל—האָט געענטפערט אַ דריטער שכור—יעדער מענטש, וואָס וועט מיר זאָגן, אַז עס זיינען פאַראַן העלדן אין יהודה, וועל איך אים די אויגן אויסדראַפען, אונזערע העלדן זיינען דאָך אָנגעלאָפן אויף יהודה ווי די אָדלער פון הימל אויף אַ שטייג מיט טויבן.

דניאל שטייט און הערט נאָך אויס די פלאַפלערייען, און ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און געזען, אַ יונג פון זיינע באַ־קאַנטע שטייט אונטער אַ לינדנבוים, זיין שפיז איז אַריינגעזעצט אין דער ערד און זיין שווערד איז אָנגעגאַרט אויף זיין דיך, און זיינע אויגן קוקן דורכן פלוין. און ס'האָט געגענגט צו אים דניאל, און דער יונג איז דערציטערט געוואָרן אַקעגן אים און אויסגערופן:
—דניאל דער זון פון מיין האַר! דו לעבסט נאָך!
און דניאל האָט איינגעשטילט דעם יונג און געזאָגט:
—זאָלסט נישט, יואח! זאָלסט מיך דאָ נישט רופן דניאל, וואָ־רום איך בין איינגעשטעלט מיטן לעבן. רוף מיך עמיהוד, דאָס איז מיין נאָמען אויף דעם אָרט. און ס'וועט זיין, אַז אַ מענטש וועט דיך פרעגן אויף מיין פאָטערס הויז, זאָלסטו זאָגן, אַז איינמאָל האָסטו מיך געזען אין ציון און האָסט מיך דאָ דער־

קענט. און איצט זאָג מיר, ווי קומסטו אַהער?

—דעם טאָג פון אונזערע צרות דערמאָן איך צײַינד—האָט יואח געענטפערט—דיין פאָטער עזריקם האָט מיך איינגעפונען פאַר אַ געראָטענעם און האָט מיך אויסגעווײלט איך זאָל זיין נעבן אים, און זיין דער געווערטרעגער זיינער. ווי איז מיר, וואָרום איך האָב נישט געשיצט זיין קאָפּ אין טאָג פון קריג, וואָרום זכרי, דער בלוטיקער מאַן האָט אים געהרגעט. און מיך האָט ער געלאָזט לעבן, און האָט מיר געגעבן זיין שפּיז און מיך צוגענומען צווישן זיינע באַדינער־יונגען, און אַז ער איז אַוועק קיין מצרים, האָט מיך צוגענומען זיין שרעקלעכע טאָכטער רעומה פאַר איר געווערטרעגער, בעת די קאַמפן וואָס זי פירט מיט די בחורים פון אפרים, וואָס קענען נישט ביישטיין פאַר איר, וואָרום זי איז אַ לייבין, און נאָר צו מיר נייגט זי איר גענאָד, וואָרום זי האָפט דורך מיר צו געפינען דעם בחור, וואָס האָט זי באַזיגט אין דער מלחמה, און זי האָט מיט אים גוטס געטאָן און נישט אויפגעהויבן איר שווערד אויף אים, און ער האָט געשוואוירן איר צו זיין אַ קנעכט אויף אייביק, און ער האָט פאַרשוועכט זיין שבועה, וואָרום ער איז אַנטלאָפן פון איר און איר צאָרן וואַרט אויף אים.

—דאָס אַלץ איז שקר—האָט דניאל געענטפערט—און ס׳איז געווען פונקט פאַרקערט. וואָרום דער בחור האָט מיט איר געטאָן אַ חסד און זי נישט געהרגעט, און רעומה האָט זיך אין אים פאַרליבט מיט אַ שטאַרקער ליבע און ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון איר.

—אַזוי האָב אויך איך באַמערקט אין איר—האָט יואח געענטפערט—וואָרום ווען זי רעדט פון אים איז זי גאָרנישט צאָרנדיק, און נישט כדי זיך נוקם זיין אין אים זוכט זי אים, נייערט מיט אים צו שליסן אַ בונד. וועסט דאָך מיר זאָגן, האַר מיינער, ווער איז דער בחור?

—ס׳וועט נאָך זיין צייט צו דעם—האָט אים דניאל געענטפערט—וואַרט מיר צו אַ ביסל, וואָרום אויך איך בין גרייט זיך צו פּרובן קעמפן מיט רעומהן, און דו—וואונדער זיך נישט אויף

מי[illegible]רלאַנג, ווײַל נישט איר ליבע זוך איך. וואָרום ווי אַזוי זאָל איך נעמען די טאָכטער פון דער רויבערין קטורה און רויבער זכרי? איך האָב אָבער עפּעס אַנדערש אין זינען, און דו – זיי נישט צערודערט, נייערט זיי באַגלייבט צום זון פון דײַן האַר, טאָמער וועט זיך גאָט אויף מיר דערבאַרמען, ווי ער האָט מיר פאַרביטערט, וועל איך דיך געדענקען צום גוטן.

אַזוי ווי ער רעדט אַזוי און אַ גרופּע רייטער קומען אַרויס פון וואַלד, וואָס איז אַקעגן זיי: בחורים פון אפרים אויסגעצירט אין טייערע מלבושים, אַלע זײַנען קריגגעלערנטע, וואָס האַלטן שווערדן, און אַ מיידל אַ שרעקליכע און זער אַ שיינע פּאָראויס, איר פּנים פלאַמט, אירע אויגן בלישטען ווי פלאַקערן, זי זיצט אויף אַ מצרים־פערד, וואָס שיינט מיט די רינגען און פּאַנצערן, וואָס אויף זײַן האַלז. און אַז זי האָט געגענט צום אָרט וואו עס שטייען די שפּילסצענעס, און איינער פון די אפרים־בחורים רופט אויס:

–רוקט זיך אָפּ, רוקט זיך אָפּ, מאַכט אַ וועג פאַר דעם גלאַנץ פון אפרים דעם גלאַנץ פון אירע העלדן און פראַכט פון אירע שטאַרקע.

און די מאַסע וואָס פייערט שרייט אויס מיט איין געשריי:

–זאָל לעבן רעומה, דער גייסט פון אונזער העלדישקייט!

רעומה האָט אַראָפּגענידערט פון איר פערד און געגענט צום געגרייטן טיש און האָט זיך אַיועקגעזעצט צווישן די ווייבער פון שומרון, און יואח איז צוגעקומען מיט דניאלן און געזאָגט:

–דער דאָזיקער בחור. זײַן נאָמען איז עמיהוד, פון די זין פון יהודה איז ער, און ער וויל פּרווון זײַן כח מיט דיר, האַרינטע מיינע, אין קאַמף.

און רעומה האָט אַ קוק געטאָן ווי דאָס בחורל זעט אויס און געזאָגט צו דניאלן:

–איך בין גרייט צו דערפילן דײַן ביטע, אָבער זיי גרייט צו זײַן דער ערשטער צום קאַמף, אויב דײַן האַרץ וועט זיך נישט

אָפּשרעקן, זיי גרייט צו מיין אָנקומען, איך וועל נאָך דאָ אויפ־ברענגען מיינע עולות און אָפּפערן, מיינע שלמים און עסן מי־טאָגעסן. צו האָסטו דאָ אַ פּריינט אָדער באַקאַנטן וואָס זאָל זיך פרייען מיט דיין רום אָדער וויינען אויף דיין מפּלה?

—דו, גרעסטע צווישן מיידלאַך, האַרינטע אין אפרים—האָט דאָס בחורל געענטפערט—איך בין אין אפרים ווי אַ פּאַרשטויסענער בלאַט, וואָרום מיין פאָלק יהודה האָט מיך פאַרשטויסן, האָט איינגעשטעלט מיין לעבן. און אויב מיך אַ פאַרשטויסענעם בלאַט וועט דיין האַנט צוברעכן, ווער זשע וועט וויינען אויף מיר? אָבער ווער וועט זיין גלייך צו מיר אויב דיין רעכטע האַנט וועט מיך מקרב זיין.

און רעומה האָט אים אויסגעהערט קוקנדיק אויף אים, און שאָק־לענדיק אויף אים מיטן קאָפּ און געזאָגט:

—טייער איז מיין כבוד און די אויגן פון מיינע עלטערן, פריינט און באַקאַנטע, און אויב דו וועסט מיך באַזיגן, וועל איך זיין צו שפּאָט פאַר מיין גאַנץ פאָלק, וואָרום מען וועט זאָגן אין אפרים און אין אַלע שבטים פון די יידן: אָט דאָס איז די שרעקלעכע רעומה? ווי אַזוי איז דיין שטאַרקייט געוואָרן צו שאַנד? וואָרום ס'איז געקומען דער יונגסטער צווישן די טויזנ־טער פון יהודה און אָפּגעשלאָגן דיין רעכטע האַנט! דעריבער זיי גרייט, וואָרום דו ביזט דער ערשטער צום קאַמף, איך וועל אָנגאָרטן מיין שטאַרקייט און דו, שטיי אויף און רוף צו דיין גאָט!

אַזוי האָט זי געזאָגט, און גערופן צו איר יונג יואח און אים אָנגעזאָגט:

—דו זאָלסט אים היטן, וואָרום ער איז אַ זון פון דיין פאָלק.

און די בחורים פון אפרים האָבן זיך פאַרוואונדערט און זיך איבערגעקערט און זיך געשושקעט וועגן אים. און רעומה האָט געזאָגט:

—גיט אַכטונג אויף אים. ווער עס וועט אים אָנרירן איז ווי ער וואָלט אָנגערירט אין שוואַרצאַפּל פון מיין אויג. היטער

וועל איך אַרומשטעלן אַרום אים. ער איז געהייליקט פאַר מיין שווערד.
און דניאל האָט אויסגעהערט אירע רייד און האָט געקניט און זיך געבוקט צו איר, און האָט זיך אָפּגעקערט און אַוועקגעגאַנגען מיט יואחן. זיי זיינען שוין געווען ווייט אַוועקגעגאַנגען און צוויי האַרן האָבן גענענט צו רעומהן און בײדע זיינען געווען פאַרשטעלט אין מאַסקעס, און אַ שטים רופט צו איר:
—רעומה!
און רעומה האָט דערקענט די שטים פון איר מוטער קטורה, און זי האָט אַ פּאָכע געטאָן מיט דער האַנט צו איר און אָפּגערופן אין אַן אָרט וואו קיין מענטש האָט זיך נישט געפונען, דאָרט האָט איר קטורה געזאָגט:
—אָט שטייט פאַר דיר, טאָכטער מיינע, צדקיהו, אין גאַנצן הויז פון ידושבע איז ער באַגלייבט. און אבישג, יהושבעס דינסט, וואָס האָט זיך אין אים פאַרליבט, דערציילט אים אַלע סודות. און פון איר האָט ער זיך דערוואוסט, אַז שולמית, וואָס וואוינט אין לבנון, איז באַשטימט פאַר אליפלטן, וואָס איז איינער פון די העלדישע בחורים אין יהודה, וואָס האָט שטענדיק באַוויזן גרויסקייטן אין דער מלחמה. דאָס איז דער גלוסטיקער בחור וואָס דו האָסט געזען אין דער מלחמה פון פקח און רצין אויף יהודה. ער דערציט זיך ביי מרימן, די פרוי פון אונזער צאָרן. און ער איז געשיקט געוואָרן מיט די שליחים, וואָס אחז האָט געשיקט קיין אשור. און יהושבע וואַרט אויף זיין אָנקומען אויף דער דמשקגאַס.
דאָס אַלץ האָט אבישג איצט אַנטפּלעקט צו צדקיהון. אבישג געפינט זיך איצט דאָ, און איילט צוריקצוקערן צו איר האַרינטע, דעריבער זיי גרייט, טאָכטער מיינע, זיך צו זען מיט מיר פאַרנאַכט, וועלן מיר זיך באַראַטן, וואָס צו טאָן.
און רעומה האָט דאָס געהערט און דאָס האַרץ איז אין איר אַנטפאַלן, אַז זי האָט נישט געקענט ריידן. און צוויי יונגעלייט פון אפרים זיינען צוגעקומען און געזאָגט:

—די האַרן און „אַרינטעס בעטן דיך, רעומה, האַרינטע פון אפרים, צוריקצוקערן צו זיי, וואָרום אויב דו ביזט נישטאָ מיט זיי, וועט מען זיך צושפרייטן אויף די בערג און עס וועט פאַרשטערט ווערן יעדע פרייד.

און רעומה האָט געזאָגט צו איר מוטער:

—איך בין גרייט אויף פאַרנאַכט, דעמאָלט וועלן מיר ריידן.

אַזוי האָט זי געזאָגט און אָן חשק צוריקגעקערט צו דער פריי־לעכער חברה.

# יג.

א געבּרום און אַ געזעמעל פֿון מענטשן איז אויף די בּערג, וואו עס שטייט דער טעמפּל, און אויף אַלטאַרן פֿאַרן בּעל. די כּהנים שחטן זייערע שחטונגען, די פֿאַלשע נביאים פֿון בּעל מאַכן זיך משוגע און שפּרונגען אַרום ווי די ציגן, שלאָגן זיך מיט שווערדן און שפּיזן בּיז בּלוט, און די זין און טעכטער פֿון אפרים עסן אויף די בּערג, טרינקען, פֿייערן, און צוליב דעם, וואָס מען גייט אָנגעטאָן אין מאַסקעס, ווייסט נישט איינער דעם אַנדערן.

און דניאל איז געגאַנגען מיט יואחן, וואָס איז צו אים בּאַהעפֿט געוואָרן, און בּיידע זענען שטיין געבּליבּן אונטער אַ בּוים, וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן איינעם פֿון די בּעל־מזבּחות, און דניאל האָט געזאָגט צו יואחן:

–רעומה שפּעט פֿון מיר און זי וועט מיר דוקא וועלן בּאַזיגן, פֿונדעסטוועגן טוט זיך מיין האַרץ נישט פֿאַרכטן. אויך איך האָב אַ שטאַרק האַרץ. אַ נדר געטאָן האָב איך, זיך נוקם צו זיין אין זכריה, וואָס האָט פֿאַרגאָסן דאָס בּלוט פֿון מיין פֿאָטער.

און איך וועל מיין נדר האַלטן. וואָרום וואָס בין איך שוין משטיינסגעזאָגט נאָך דעם טויט פון מיין פאָטער. אויך די, וואָס איך האָב ליב באַקומען אין טאָג פון מיינע צרות, איז מיר דאָ נישט געפינען געוואָרן, ס'איז מיר מיאוס געוואָרן דאָס לעבן. דעריבער וועל איך אייגשטעלן מיין לעבן. וואָרום אויף וואָס האָב איך נאָך צו האָפן.

—זאָלסט נישט, האַר מיינער, — האָט יואח געענטפערט — זאָלסט נישט צוטומלט ווערן וואָרום ווי איך זע, געפעלסטו איר גאָר. כּדי זי זאָל האָבן אַן אויסרייד פאַר די האַרן פון אפרים וועט זי מיט דיר זיך שטעלן אין קאַמף אין וועט דיר נישט בייקומען, דע־ריבער שטאַרק זיך און קום צו זיך! זי וועט איר שווערד נישט אַריינזעצן אין דיר, זי וועט דיר אַפילו נישט מאַכן קיין ראַץ אויפן שטערן,

זיי שטייען נאָך אין שאָטן פון בוים, אין אַגרופּע שכּורים פון אפרים קומען אָן, אויך אויסגעלאַסענע בחורים און אויסגע־לאַסענע מיידן, אין זייערע פּנימער זענען פאַרהילט, און איינער האָט אויסגערופן און געזאָגט!

—קומט אַהער, אָט איז דער זון פון יהודה וואָס איז אַרויסגערופן צום קאַמף מיט רעומהן, קוקט אים נאָר אָן.

ער רעדט נאָך און דאָס געזעמל האָט אים אַרומגערינגלט און איינער האָט געזאָגט:

—ער זעט אויס ווי אַ וואַכהאָלדערבוים אין וויסטן סטעפּ, זיין האַרץ האָט זיך דערוואַרומט און זיין פּנום איז פאַרגינט געוואָרן.

—[illegible]ו האָסט נישט געזען—האָט אַצווייטער געענטפערט—ער זעט א[illegible] ווי אַ ווערבע און דער וויסטע, נאָך אַווילע אין עס וועט צוועק פון זיין פּנום די שיינקייט און ער וועט ווערן שוואַרצער פון שוואַרץ—אַז רעומה וועט אַויף אים אַרויפלייגן איר האַנט.

—איר זאָלט נישט ברודער,—האָט אַדריטער געענטפערט— איר זאָלט נישט ריידן קיין נאַרישקייטן, וואָס פאַר אַגעשטאַלט גיט איר אים [illegible], ביי מיר זעט ער אויס ווי אַשעפּסל אויף דער לאָנקע, וואָס [illegible]עט פון וויטן אַגוטע פאַשע—רעומהן, נאָך אַווילע וועט ער ווי

אַשעפּסל געפירט ווערן צו דער שחיטה, זעט נאָר דאָס שעפּסל האָט אויך אויערן צו הערן.

—אוי איר פאַרגיפטעטע שלאַנגען, צו וועלכע עס העלפט נישט קיין שפרוך!—האָט זיך דערהערט אַ פרויען שטים—אוי איר מאַנסבילן גראָבע יונגען, ער איז דאָך צווישן אונז אַפרעמדער, דער בחור, דעריבער זאָלט איר אים מער נישט פייניקן.

די ווילדע חברה האָט זיך צעשפרייט אויף די בערג, און איין מאַסקע, וואָס איז געשטאַנען פון ווייטן, האָט אוצט גענענט צום דערשראָקענעם דניאל און געזאָגט צו אים:

—איך האָב צו דיר אַ פאַרבאָרגענע זאַך.

האָט דניאל אַ וואונק געטאָן מיט דער האַנט צו יואָחן, און האָט זיך פון אים דערווייטערט און די פאַרשטעלטע האָט געענטפערט אין געזאָגט:

—אַך, מיינע אויגן האָבן דיך געזען! איך האָב שוין נישט געהאָפט דיר צו זען, וואָס טוסטו דאָ צווישן די שכורים פון אפרים, זיי ריגגלען דיך אַרום מיט פאַלשקייט און ריידן דיר אָן אָנצורייצן אַ קריג מיט דער לייבן רעומה די טאָכטער פון דער ווילדער לייבן קטורה, וואָס זי פאַרקויפט פעלקער דורך איר אויסגעלאַסנקייט און פאַמיליעס—דורך איר כשוף, וואָס האָסטו צוטאָן מיט איר טאָכטער?

נישט אנדערש, אַז דאָס איז אַ שפּיצל פון אַן אויסוואורף, וואָס וויל דיר אומברענגען: וואָרום יעדער מאַן און פרוי, וואָס דו זעסט דאָ, אַלע זענען זיי פיינט פון יהודה. נאָר האָסט נאָך צייט, און אויב דו האָסט גאָט אין האַרצן, פאַרלאָז די זינדיקע, קום מיט מיר, וועל איך דיר ברענגען צו אַ ווייַנשטאָק, וואָס דאָס בליעכץ פון איר יוגנט איז חן און שיינקייט, און די פרוכטן—גערעכטיקייט, גענאָד און דערבאַרמונג. אָבער וואָס שווייגסטו און ענפערסט נישט? וויי! אייל זיך און ראַטעווע דיין לעבן, וואָס איז טייער פאַר דער, וואָס טוט דיר פאַרלאַנגען.

—און ווער ביזטו, וואָס באַדויערסט מיר אַזוי?—האָט דניאל געפרעגט—וואו האָסטו מיר געזען און וואו איז די וואָס פאַרלאַנגט מיך? ווער איז זי פון וואַנען קומט זי אַרויס?

—דאָ וועל איך דיר גאָרנישט זאָגן—האָט געענטפערט די פרוי וואָס איז געווען פאַרשטעלט אין אַ מאַסקע — קום און גיי מיט מיר.

—אָט איז דער זון פון יהודה, ווען דו רופסט—האָט זיך אָנגערופן אַ קול אונטער דניאלן.

האָט זיך דניאל אומגעקערט צו דעם דאָזיקן און געזאָגט:

—און וואָס האָסטו צו מיר?

און דער יונג וואָס האָט געשטאַנען צו אים האָט געזאָגט:

—איך בין געשיקט צו דיר, אָנצוזאָגן דיר מיטן האַרבן וואָרט, אַזוי האָט צו דיר באַפוילן רעומה: זאָל דיר נישט איינפאַלן אָנטרונען צו ווערן פון בית-אל. ווארום זי האָט אַרום דיר אויסגעשטעלט היטער.

דאָס האָט ער געזאָגט און זיך אומגעקערט און אַוועקגעגאַנגען.

און די פרוי האָט דאָס געהערט, האָט אָפּגעזיפצט און אָפּגעטרעטן פאַרבראָכנדיק די הענט, נאָכדעם. אַז ס'איז גאָרנישט געוואָרן פון איר האָפנונג אָפּצוראַטעווען דאָס לעבן פון דעם בחור,

און דניאל האָט געזאָגט צו יואחן:

—ערשט איצט באַדענק איך מיר און איך פאַרשטעל דעם טאָג, וואָס אין אים בין איך אַרויסגעגאַנגען פון גלעד צו גיין קיין בית-אל. ווארום נאָר משונהדיקע פּרעמדקייטן זעען דאָ מיינע אויגן און נאָר שלעכטס הערן מיינע אוירן, און ס'איז נישטאָ קיין אַנטלויפעניש און קיין אַנטרינעניש.

אַזוי ווי ער רעדט, און אַ געזעמל שכורים, ברומען און טומלען און איינער פון זיי האָט געשטאַנען צו אים, האָט אויף אים א קוק געטאָן און געזאָגט:

—צו דו ביזט עס דער זון פון יהודה וואָס איז אָנגעברייט צום קאַמף? צו ווייסטו אַז עס איז נאָענט דיין סוף און איידער נאָך די זון וועט אונטערגיין וועסטו זיך געפינען אין דער ערד? ווי עס לעבט דער וועג קיין בית-אל, אויב דיין קאָפּ וועט היינט בלייבן אויף דיר, ווארום רעומה וועט מיט דיר אַ סוף מאַכן.

און דניאל, וואָס האָט געהערט די באַליידיגונגען און לעסטערונגען פון די שכורים פון אפרים און האָט גאָר נישט געענטפערט

האָט זיך איצט באַדענקט אויף דעם נאַרישקייט, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. האָט ער זיך געווענדט אין אַלע זייטן צו זוכן די פרוי, וואָס האָט אים געטרייסט און אים דערציילט וועגן אַזעלבער,, וואָס ער איז ביי איר טייער און ער האָט זיך געטראַכט :

—און ווער ווייסט, אפשר איז דאָס די שיינהייט, וואָס ער האָט, געזען אין גלעד אין טאָג פון זיינע ליידן, און אַ שטראָם טרערן האָט זיך אַ גאָס געטאָן איבער זיינע באַקן. און דאָ איז אָנגעקומען צדקיהו און אין זיין האַנט, אַ שווערד מיט אַ שפּיז, אויך אַ פּאַנצער, און ער האָט געזאָגט צו עים:
—פאַרגיב מיר עמיהוד, חבר מיינער, וואָס איך האָב זיך געזוימט ביז אַהער. איך בין נישט שולדיק: וואָרום מיין באַקאַנטער, וואָס האָט דאָס געווער, האָט זיך אַריינגעלאָזט צווישן די וויינטרינקער און האָט מיך נישט געלאָזט אַוועקגיין און איך האָב געמוזט מיט זיי עסן און טרינקען. איך האָב אויך באַקומען פון זיי אַ געלדגעשאַנק, און היינט באַנאַכט וועלן זיי מאַכן אויף דעם באַרג אַ פּעטע סעודה, וועט מען עסן און טרינקען און עס וועלן טאַנצן בחורים מיט מיידלעך און עס וועט שפּילן מוזיק. די יונגעלייט פון אפרים זענען לעבנסלוסטיק׳ פרייען זיי זיך און פאַרברענגען אין פאַרגעניגען. און מיר זענען דאָך ווי היישעריקן אַנטקעגן זיי, וואָרום מיר זענען פאַרביטערטע און פונדעסטוועגן האָב איך ליב זייערע גלוסטיקע זאַכן, און וואָס וועט אונז אַרויסקומען פון דעם, וואָס מיר וועלן אַרומגיין פאַרטרויערט? הער מיר אויס, פריינט מיינער, ווען איך בין אַהער געגאַנגען, האָב איך געזען רעומהן צווישן אַ סך הערן און האַרינטעס, אַלע פריילעכע, אַלע ווענדן זיך צו איר און לאַכן צו איר, און גליקלעך וועט זיין דער יונג, צו וועמען רעומה וועט אַריינפאַלן. האָף מיין פריינט וואָרום ווי איך זע, איז היינט נישט קיין צייט פון קאַמף פאַר רעומהן און דו וועסט זי בייקומען. דעמאָלסט, וועל איך זיך פרייען מיט דיין פרייד. וואָרום ווער וועט זיין געגליכן צו דיר. אָבער וואָס איז דאָס פריינט, מיינער, וואָס דו וויינסט? צו וויינסטו דאָס נאָך, נאָך דיין חבר וואָס איז געשטאָרבן. גאָט האָט דאָך

מיר צו געשיקט פאַר דיר, מיר זענען דאָך ווי אייגענע ברודער
וואָרום ווי דו בין איך געיאָגט און פאַרלאָזט: מיין פאָטער האָב
איך נישט געקענט, און מיין אָרימע מוטער דאַרף איך נאָך
שפייזן, און פון דעסטוועגן לאָז איך נישט צו זיך קיין טרויער,
נייערט איך זוך שטענדיק צו פאַרברענגען פריילין. מיר זענען
דאָך נאָך יונג, און ווער ווייסט: אפשר וועט אונז דער מאָר־
גענדיקער טאָג ברענגען גליק און פרידן? די ביזט דאָך שיין
אין אויך קליג און דערמיט קענסטו באַגליקן.

—איך בין דאָך פאַרלאָזט פון מיין גאָט—האָט דניאל גע־
ענטפערט —אין וואָס נוצט מיר מיין קליגשאַפט, און וואָס העלפט
מיר מיין שיינקייט און העלדשקייט ,אַז איך זאָל מיר אין זיי
פאַרזיכערן? איך בין נאָך גאָר יונג אָבער וויפיל האָב איך זיך
שוין אָנגעליטן, און איך ווייס נישט צו וועמען צו רופן ,ווען
מיר איז שלעכט, און פאַר וועמען אויסגיסן מיין האַרץ. איך
האָב געזען ,אַז יעדעס פאָלק בעט צו זיין גאָט און אַזוי ווי אַ
פאָלק איז אויך אַ מענטש: יעדער מענטש רופט צו זיין
גאָט, ווען עס קומט אויף אים אַ צרה. און איך—בין עלענד ווי
אַ שטיין, אַיונגל בין איך געווען, בין אויסגעוואַקסן און ווייס
נישט ווער איז מיין גאָט און באַשיצער. אין וואָס קען מיר
טרייסטן מיין שיינקייט?

אַזוי האָט דניאל גערעט פאַרביטערט, שטייענדיק אונטערן בוים
און נישט באַמערקט, אַז נאָך אַ מענטש, אַ חוץ צדקיהן, הערט
זיך צו צו זיינע רייד. און אַ שטים רופט פון אונטער אים:

—וואָס איז דיר, פריינט מיינער, וואָס דיין האַרץ איז אַזוי פאַר־
ביטערט?

האָט זיך דניאל אויסגעקערט און אַ קוק געטאָן אונטער זיך,
און עמרי שטייט נעבן אים און דניאל האָט געזאָגט:

—דו האָסט דאָך געהערט מיינע רייד, און דו—ביזט דאָך אַ
מענטש אין די מיטעלע יאָרן, האָסט שוין אויך גרויע האָר,
לערן זשע מיר: וואו זאָל איך געפונען אַ גאָט, וואָס איז מיר
נאָענט ווען איך בין אומגליקלעך?

—ווירקליך—האָט עמרי געענטפערט—אַזוי עלענד איז דער מענטש, וואָס דאָס גלויבן איז פאַרלוירן געגאַנגען פון זיין האַרצן. אָבער אונזער באַהעפטונג פון די כּהנים איז אַ הייליקע עדה. די נביאים פון בית אל זענען מענטשן מיט גרויסע גייסטער, בפרט נאָך דער עלסטער פון די נביאים, דער וואָס באַווייזט וואונדער, וואָס ווייסט יעדעס געהיימניס און אַלץ איז פאַר אים אַנטפּלעקט: וואָרום אַלץ, וואָס איז ווייט, זעט ער, אין די וויטערדיקע צייטן קוקט ער. און וואָס ער באַפעלט—דאָס געשעט. הער מיך אויס, זון פון יהודה, אויב דיין האַרץ איז פאַרוואונדעט, געפינט זיך דאָך אַ רפואה אין גלעד. און אויב דיין געמיט איז טונקל און פינסטער, איז דאָך פאַראַן אַ היילונג אין בית־אל. דו ביזט דאָך אַ מענטש, וואָס האָסט פאַרלוירן דיין וועג, זוך זשע אים, פאָרש נאָך אים, און אין בית־אל וועסטו אים געפונען. איך האָב דיר געזאָגט דיין וועג און איך גיי מיר מיין וועגס.

דאָט האָט עמרי געזאָגט און איז זיך אַוועקגעגאַנגען. און צדקיהו האָט נאָך אים נאָכגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט:

—אוי נאַרישע פּלאַפּלער. נאַראָנים, וואָס גלייבן אַלץ. איך וועל מיטן גרעסטן פאַרגעניגן אויפגיין קיין בית־אל צו זען די מאַסע וואָס פייערט, די בחורים און מיידלעך און נישט צו זוכן דעם וועג צו גאָט. דו ווייסט דאָך, אַז די נביאים פון בית־אל פּלאַפּלען און רעדן זאַכן וואָס האָבן קיין שום ממשות נישט. הער זשע מיר צו, פריינט מיינער, איך בין גרייט צו פּרוּוון רעדן מיט דעם עלטסטן נביא, וועמענס נאָמען ס'איז דערהויבן ביי אַלע אין די מיילער, און איך וועל זען צי ער איז עפּעס. און אויב דו ווילסט, קום אויך דו מיט מיר. לאָמיר אים פרעגן אַ פאַרבאָרגענע זאַך און זאָל ער עס אונז זאָגן. און אויב ער וועט נישט וויסן צו ענטפערן ווי עס באַדאַרף צו זיין, וועל איך אים אויסשטעכן די אויגן, וואָרום פאַרוואָס זאָל איין כּיט־רער באַטריגער בלינד מאַכן די אויגן פון צענדליגער טויזנטער פון די יידן?

—אויך איך וועל גיין—האָט דניאל געענטפערט—איך וועל אים

פרעגן, ער זאָל מיר זאָגן וואָס מיין סוף וועט זיין, צי וועל איך מנצח זיין אין קאַמף מיט רעומהן. און נאָך אַ זאַך וועל איך אים פרעגן, און דאָס איז די הויפּטזאַך פון וועלכע איך טראַכט שטענדיק? און אויב ער וועט מיר די ביידע זאַכן טרעפן, וועט ער צו מיר זיין ווי אַ מלאך פון גאָט. איך וועל דיר אָבער בעטן, פריינט מיינער, גיי צו רעומהן און פרעג איר אין מיין נאָמען: צי זאָל איך גיין פאָרשן צום נביא אין בית־אל, ווארום איך קען דאָך פאַרשפּעטיקן די צייט פון קאַמף.

—איך בין גרייט צו טאָן דיין פאַרלאַנג—האָט צדקיהו געענטפערט און איז געגאַנגען. און דניאל איז געבליבן מיט יואחן, און ער האָט אַרומגעשפּאַנט אַהין און אַהער, פאַרזונקען אין זייערע טיפע טראַכטונגען.

אין גיכן איז צדקיהו צוריקגעקומען און האָט געזאָגט:

—רעומה איז איצט צווישן אַ פריילעכער חברה, צווישן די האַרן און האַרינטעס פון אפרים, אַלע זענען זיי שכור פון וויין, פרייען זיי זיך, שפּרונגען זיי און טאַנצן, און עס שפּילט אַ פידל, און דער קאַמף מיטן זון פון יהודה, איז פאַרגעסן פון איר האַרצן. איך האָב אָבער געזען גרויסע מאַסן, וואָס ציען זיך צום נביא, קום זשע, לאָמיר אויך גיין צום נביא, און לאָמיר הערן, וואָס ער וועט אונז זאָגן. לאָמיר זיין ווי איינער פון די צענדליקער טויזנטער פון אפרים, צו הערן נאַרישקייטן. צי האָסטו אַ מתנה צו דערלאַנגען דעם נביא?

—איך האָב געלט ביי זיך—האָט דניאל געענטפערט—און איך בין גרייט צו גיין מיט דיר און פּרוּוון רעדן מיט אים. ווארום ווי אַזוי זאָל איך פאַרלאָזן בית־אל און נישט האָבן געזען דעם נביא? אפשר וועט ער מיר עפּעס זאָגן וועגן דער גאַרונג פון מיין האַרצן. און וואָס וועט ווערן דער סוף מיט מיר, ווארום מיין געמיט איז געבראָכן אין מיר.

אַזוי ווי ער רעדט נאָך, און איינער קומט צולויפן אויף אַ פערד מיט אַ פאַרשלאָגענעם אָטעם, און ער האָט געזאָגט צו יואחן:

—אייל זיך גיכער צו רעומהן, אונזער האַרינטע און איך וועל בלייבן דאָ אויף דיין אָרט, צו היטן דעם יונג.
—דער בחור איז אַוועק אין טעמפל פון בית־אל צו פאָרשן ביים נביא—האָט יואט געענטפערט. און ער האָט זיך אויסגעקערט און געלאָפן צו רעומהן.
און צדקיהו און דניאל זענען געקומען צום הויז פון נביא, וואָס איז איין פאָדוויר פון בית־אל׳ער מקדש.

## יד.

דער נביא, צו וועמען אַ סך האָבן געפּאָרשט, איז אין דער צייט געזעסן אין זיין צימער, פאַר אים האָט מען געשפּילט אויף פידלען און שאַלמייען. און די פּאָדווירן פון טעמפּל זיי־נען פאַרפולט מיט מענטשן ווי מיט הייזעריקן. אַ גרויסע מאַסע מענטשן, צווישן זיי בלינדע, הינקעדיקע, קראַנקע און צעווייטאָקטע, עקרות און אַזעלכע וואָס האָבן אַ סך קינדער. אַ גרוי־סע מענגע מענטשן, וואָס זיינען פאַרביטערט און צעווייטאָקט איז געקומען בעטן צום נביא, אים ברענגען געשאַנקען און זיך דערוויסן, וואָס מיט זיי וועט פאַסירן. איינער דעם אַנדערן טוט שטופּן און דריקן און דער דינער פון נביא שטייט ביי זיין טיר און לאָזט זיי דורך איינציקווייז ווי שעפּסן, וואָס ווערן געציילט און זאָגט:

—דאָס געשאַנק פון מענטשן טוט אים ראַטעווען!

און צדקיהו האָט אָפּגעשטופּט די מאַסע מיט זיינע עלנבויגנס פוןביידע זייטן ווי אַ שיף, וואָס טוט דורכשניידן די כוואַליעס פון ים, און דניאל גייט נאָך אים. און אַז זיי האָבן געזעגנט

ביז צום נביא, האָט אים צדקיהו דערלאַנגט די מתנה, וואָס ער האָט פאַר אים אָנגעגרייט. און דער נביא האָט אויף אים שטאַרק אַ קוק געטאָן, האָט אָפּגעשטויסן זיין מתנה און האָט געזאָגט:

—דיין מתנה איז אַ געשאַנק פון פאַלשקייט. צי ווילסטו מיר פאַרבלענדן די אויגן? צי ביזטו מיך געקומען אויספּרובן מיט רעטענישן?

און אַלע, וואָס האָבן דאָס צוגעהערט זיינען דערשראָקן און צוטומלט געוואָרן און זיך געשושקעט. און צדקיהו האָט זיך פאַרשעמט. און דניאל האָט זיך פאַרשעמט. און דניאל האָט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט און ער האָט געשטוינט אויף דעם וואונדערלעכן מאַן, וועלכער זעט, וואָס עס טוט זיך ביים מענטשן אין האַרצן.

און דער נביא האָט אָנגעשריגן אויף צדקיהון און געזאָגט:

—גיי אַוועק פון דאַנען, וואָרום איך קען אויף דיין פּנים נישט קוקן.

צדקיהו האָט געהערט זיין שאַנד און האָט זיך דערווייטערט פון אים און דניאל מיט אים. צדקיהו איז טרויריק געוואָרן, האָט אַלע ווייל אָפּגעזיפצט און געזאָגט:

—ווי איז מיר, וואָרום איך האָב געזינדיקט מיט מיינע לעפצן. מיין שלעכט האַרץ האָט געשטרויכלט מיין צונג, דעריבער וועל איך גיין אים איבערבעטן.

און ער איז געגאַנגען און גענענט צום נביא, האָט אָנגעכאַפּט די פּאָלע פון זיין קלייד און זיך געבעטן ביי אים און אַזוי געזאָגט:

—האַר מיינער, שטאַרקער מיינער, דערבאַרם זיך איבער מיר. אמת איך האָב זיך באַנאַרישט און זייער שטאַרק געגרייזט, און ווי אַזוי זאָל איך ווייזן מיין פּנים פאַר דיר, געטלעכער מאַן? ביזט זייער גרויס, גרעסער ווי איך האָב געהערט וועגן דיר און איך בין נאָר אַ ווערמעל.

—דו ווייסט דאָך—האָט אים דער נביא געענטפערט מיט גרויס

צאָרן—דו ווייסט דאָך, אַז „די נביאים פון בית־אל פּלאַפּלען נאַרישקייטן" איז וואָס זשע ווערסטו דערצ־יטערט פאַר מיר?

דאָס האָט דניאל געהערט און געשטוינט זעענדיק, אַז דער נביא פון בית־אל ווייסט אַלץ.

און צדקיהו איז געפאַלן צו זיינע פיס און אויסגערופן:

—דערבאַרם זיך, האַר מיינער, אויף אַ פאַרשטויסענעם און פאַרלוירענעם. איך ווייס, אַז אויב דו וועסט פאַרבאָרגן דיין פּנים פון מיר וועט מיך פינסטערניש פאַרפינסטערן. דעריבער טו מיט מיר אַ חסד: זיי מוחל די זינד פון מיינע לעפצן. כ׳בעט דיך, דערבאַרם זיך!

האָט דער נביא זיך ווידער איינגעקוקט אין אים און געזאָגט:

—אומזיסט בעטסטו ביי מיר, וואָרום איך בין געשיקט צו זיין ביז צו דיר אין גאָטס נאָמען. איך וועל ריידן צו דיין חבר, דעם זון פון יהודה. דעריבער קום אַריין צו מיר אין צימער וואָרום דאָס איז אַ געהיימע זאַך.

און דניאל איז אַריינגעגאַנגען נאָך אים מיט ציטערדיקע קניען. און דער נביא האָט פאַרשלאָסן די טיר נאָך זיי.

און דניאל איז שטאַרק דערציטערט געוואָרן, מורא האָבנדיק טאָמער וועט דער נביא אַנטפּלעקן זיינע באַהאַלטענע זאַכן. און דער נביא האָט אים באַרואיקט און געזאָגט:

—זיי נישט אויפגעציטערט זון מיינער, וואָרום איך טו צו דיר נייגן פרידן. פרעג פון מיר וואָס דו ווילסט נאָר.

און דניאל האָט געזען, אַז דער נביא איז גוט צו אים, און ער האָט געזאָגט:

—איין זאַך וועל איך דיך פרעגן, פאָטער מיינער: ווען איך בין געגאַנגען געפאַנגען פאַר הצין, ווען איך בין דורכגעגאַנגען דורך גלעד, האָב איך דאָרט געזען אַ מיידל, וואָס נאָר צו איר טוט גאַרן מיין האַרץ אין חלום און אויף דער וואַך, און וואָס זאָל איך איצט טאָן?

—היט זיך—האָט אים געענטפערט דער נביא—טאָמער וועט דיך

צורעדן דיין האַרץ צו דערדאָזיקער, צו וועלכער דו גאַרסט פון דעמאָלט אָן: וואָרום אַן אַנדערע האָט דיר גאָט באַשערט. נישט פון ציון און יהודה, נישט פון גלעד און לבנון, וועט קומען דיין הילף, נייערט פון בית־אל. קלויב זיך אויס דיין אַרבונג דאָ און וועסט זיך בויען אַ זיכערע היים.

און דניאל האָט געוואָלט געבן דעם נביא אַ געלט־געשאַנק, האָט דער נביא נישט געוואָלט נעמען. האָט דניאל אים שטאַרק געבעטן און אים געזאָגט:

—לאָמיך געפונען לייטזעליקייט אין דיינע אויגן, געטלעכער מאַן, און נעם צו מיין אָרעם געשאַנק. אָבער פאַרגיב מיר, האַר מיינער: זאָג מיר דאָס אָרט פון מיידל, וואָס איך האָב געזען אין גלעד. איך וועל זי זען נאָך איינמאָל, מער נישט. נאָך דעם ווי איך האָב געהערט פון דיר, אַז נישט צו מיר האָט זי גאָט באַשערט, און אַז אַ בעסערע פון איר איז פאַר מיר אָנגעגרייט.

—צווישן די חרמון-בערג וועסטו זי זען—האָט דער נביא געענטפערט—נאָר היט זיך, היט דיין לעבן און דעם מיידלס לעבן און לאָז זיך נישט אַריין אין איר ליבע.

—חלילה מיר—האָט דניאל געענטפערט—זאָל איך בעסער שטאַרבן און נישט ברענגען אויף דער „גאַרונג פון מיין האַרצן" קיין שלעכטס מיט מיין ליבע. איך וועל איר נאָר זען נאָך איינמאָל און מער נישט. איך וועל איר זען און דאַנקען פאַר אירע טרערן, וואָס זי האָט פאַרגאָסן אויף מיינע צרות, און וועל איר זאָגן, אַז גאָט האָט מיך אויסגעלייזט.

—דו ביזט דאָך גרייט צום קאַמף מיט דער טאָכטער פון אפרים־העלד—האָט דער נביא געענטפערט—ציִ האָסטו געגלוסט צו איר?

—איך האָב מורא פאַר איר—האָט דניאל געענטפערט—זי איז דאָך אַ יונגע לייבין און איך בין קעגן איר ווי אַ הירש און אינד. ציִ קען מיין האַרץ ליב האָבן דאָס, פאַר וועלכן ס'האָט מורא? זי איז שיין און שרעקלעך.

—זיי רואיק און האָב נישט קיין מורא פאַר איר—האָט אים דער

נביא געענטפערט—אירע אויגן זיינען אויפגעהויבן צו דיר (איז פאַרליבט אין דיר) און זי וועט קעמפן מיט דיר און וועט דיך נישט בייקומען.

—אויב ווי אַ שטילע טויב וועט זי זיין צו מיר, וועל איך איר ליב האָבן מיט דער שטאַרקסטער ליבע—האָט דניאל געענטפערט.

—זי גייט אויס נאָך דיר—האָט דער נביא געענטפערט—נייערט דו זאָלסט איר נישט ווידערשפעניקן אין אַלץ וואָס זי וועט פאַרלאַנגען פון דיר. און דו וועסט גרויס ווערן און לעבן מיט איר אין אַ רואיק וואוינונג. אַלע דיינע וועגן ווייס איך דאָך, און נאָר אַ ביסל האָב איך דיר געזאָגט, און גיי מיט פרידן.

אַז דער נביא האָט פאַרלענדט צו ריידן זיינע רייד, און ער האָט אים געבענטשט און זיך אָפּגעקערט און אַרויסגעגאַנגען. און דניאל האָט געזוכט צדקיהון און האָט אים געפונען אַ טרויריקן און צערודערטן. און ער האָט געזאָגט צו אים:

—און וואָס וועסטו אַצינד זאָגן אויף דעם נביא?

און צדקיהו האָט געזאָגט:

—איך האָב מורא אַ וואָרט צו ריידן, וואָרום מוראדיק איז דער נביא. און וואָס האָט ער דיר געענטפערט? און וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

—נאָר גוטס און פרידן האָט ער מיר פאָרגעזען—האָט דניאל געענטפערט—ווירקלעך, ער איז מוראדיק און זיינע אויערן פאַרנעמען יעדע פאַרבאָרגענע זאַך. דעריבער לאָמיר מער נישט ריידן פון אים, טאָמער וועלן מיר זינדיקן מיט אונזערע רייד.

—און איך האָב מורא פאַר זיין געשריי, וואָס ער האָט אויף מיר אָנגעשריגן. דעריבער וועל איך גיין צו איינעם פון מיינע באַקאַנטע און בעטן ער זאָל אָפּקערן דעם נביאס צאָרן פון מיר.

—גיי מיט פרידן—האָט אים דניאל געענטפערט.

און צדקיהו איז אַוועקגעגאַנגען טרויריק און דערשלאָגן. און

דניאל האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן און געזען ווי יואח קומט צוריק. און דניאל האָט אים געפרעגט:

—וואָס האָט דיך רעומה פלוצלונג אַזוי גערופן?

האָט יואח צו אים געזאָגט:

—אַ וועג פון דערנער האָסטו זיך אויסגעקליבן, האַר מיינער, און גאָט היט דיינע פיס פון אַריינפאַלן אין נעץ. רעומה האָט מיך געפרעגט, צי דו ביזט טאַקע דניאל דער זון פון מיין האַר עזריקם און איך האָב איר געשוואוירן, אַז די וואָס זען דיך פון ווייטן, וועלן מיינען, אַז דאָס ביזטו דניאל, אָבער נישט אַזוי זעט מען אין דיר פון נאָענטן. און איצט זאָג מיר, האַר מיינער, וואָס האָט דיר געענטפערט דער נביא?

—דער נביא?—האָט דניאל געענטפערט—איך ווייס אַליין נישט, צי זאָל איך לאַכן, צי פרייען אָדער שרעקן זיך? אָבער נאָך אַ ווײַלע און איך וועל זען, צי וועט מקוים ווערן די נביאה וואָס ער האָט מיר פאָרגעזאָגט אָדער נישט.

די פאָלק־מאַסן זיינען זיך צוגאַנגען. פאַרבײַ איז די מיטאָגצייט ס'האָבן זיך שוין אויסגעלייט די אָוונטשאָטנס און דניאל גייט מיט יואחן צווישן די געצן, און איינער אַ מאַן אָנגעטאָן אין אַ מאַנטל שטייט אויף אַ בערגל און רעדט פון דאָרט צום המון.

—איך וועל צוגיין זען וואָס איז דאָס פאַר אַ המון און ווער איז דער, וואָס רעדט און וואָס אַזוינס רעדט ער—האָט דניאל געזאָגט.

—דער מאַן איז עודד דער נביא פון גאָט, וואָס זיצט אין שומרון—האָט אים יואח געענטפערט—דאָס איז דער זעלבער עודד וואָס האָט דערוועקט די לייט פון אפרים זיי זאָלן פריי לאָזן די געפאַנגענע פון יהודה.

און זיינע רייד הערן זיך אַזוי צו זאָגן:

„הערט אויס, ווידערשפעניקער. אייער יום־טוב איז דאָך גע־וואָרן אַ דערשיטערונג, און אייער פרייד—אַ קלאָג. מיטן מאָרגן איז פאַרשניטן געוואָרן דער קעניג פון ישראל, וואָרום אַ בונט האָט אין אים געפונען דער קעניג פון אשור און אים געבונדן

און אין תפיסה געזעצט. באַדענקט זיך און זעט אייער סוף. דאָס האָט אייך געטאָן בית־אל! אַזוי האָבן פאַרגילטיקט צו אייך אייערע אויסגעלאַסענע נביאים, שעמט אייך פאַר אייערע שעכטונגען און געצן. דער קעניג פון אַשור האָט געזען די פאַלשקייט פון אפרים און פאַרשטערט דעם בונד פון פרידן און איר פאַרלאָזט זיך איצט אײַנגאַנצן אויף מצרים. אָבער אויך דאָ ווערט פינסטער אייער טאָג. אויך פון דעם קעניג פון מצרים ווערלן אַרויסגיין אייערע שליחים מיט הענט פאַרבראָכע־נע אויפן קאָפּ. אפרים איז ווי אַ וואַנט אַן איינגעבויגענע, און אַ שטורמווינט פון צפון וועט זי איינוואַרפן אויף אייביק. און די טעמפּלען פון בית־אל–וועט ער דערשיטערן מיט זיין שטאַר־קייט, און עס ווערלן פאַרשניטן ווערן די מזבחות פון בית־אל, ווי דער נביא האָט עס פאָרגעזאָגט נאָך אין דער צייט פון ירבעם. דעריבער קומט צו זיך, קינדער פון יעקב און אַנטרו־נענע פון ישראל, באַהעפט זיך און קערט צוריק צו גאָט, איי־דער עס ווערן געשטרויכלט אייערע פיס אויף די בערג פון נאַכט. וואָרום אַ קלאָג גייט אויף פון שומרון: מיר זיינען זייער פאַרשעמט געוואָרן, וואָרום אונזער קעניג איז געבונדן אין תפיסה, דאָס האַרץ פון די האַרן איז פאַרלוירן, קערט זשע צוריק אין רופט צו גאָט מיטן גאַנצן האַרצן, אפשר וועט ער זיך דערבאַרמען."

פון דער שטים, וואָס האָט גערופן אין גאָטס נאָמען–האָבן זיך אויפגעכאַפּט שכורים, וואָרום אַ פּלוצלונגע שרעק האָט אָפּגעטאָן דעם ווייַן פון זיי. ס'האָט אויפגעהערט דער רעש פון די פריי־לעכע, און דער אָוונט פון זייער גלוסטונג איז געוואָרן פאַר זיי אַ ציטערניש. אַלע זיינען געוואָרן צעשראָקן, און אַלע פנימער צוטומלט.

דאָס פאָלק שושקעט זיך נאָך. דער זאָגט אַזוי און דער זאָגט אַזוי, און רייטער זיינען אָנגעקומען פון שומרון און געזאָגט:

–געפאַלן איז די קרוין פון זייער קאָפּ. דער קעניג פון ישראל איז געבונדן אין תפיסה דורך דעם קעניג פון אַשור, און אפרים

איז צו שפּאָט. און די זין פון יהודה וועלן לאַכן פון אונז און שאַלן אויף אונזער בראָך.

און יואָח האָט געפרעגט דניאלן, וואָס ער וויל טאָן. און דניאל האָט אים געזאָגט: אויף דעם נביא פון בית־אל וואונדער איך זיך. ער האָט דאָך מיר אַלץ געזאָגט, ווי ער וואָלט געזען, וואָס עס טוט זיך אין האַרץ און ווי אַזוי האָט ער נישט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט זיין פּאָלק? עס גלוסט מיך אויך זייער זיך צו זען איצט מיט רעומהן און צו ריידן מיט איר. וואָרום קיין קאַמפּן האָט זי איצט נישט אין זינען, וועל איך זען צי איך וועל געפונען חן אין אירע אויגן ווי דער נביא האָט געזאָגט?

און רעומה האָט זיך געטראָפן מיט איר מוטער קטורה. זיי גייען איצט אַרום צווישן די שטרויכן. דאָרט האָט זי געעפנט דאָס מויל און גערענטפערט און געזאָגט:

—דו אַליין, טאָכטער מיינע, זעסט דאָך ווי גרויס ס'איז די צערודערונג אין אפרים, און ווער ווייסט: אפשר וועט זיך נאָך איינגאַנצן אויסגליטשן אונזער לאַנד, און ס'איז נישט גוט איצט פאַר אַ פרוי צו זיצן אַליין. איך האָב מיר געפונען אַ באַשיצונג אין הויז פון מיין מאַן זמרי, און פאַר דיר, טאָכטער מיינע, טוט ווייטאָקן מיין האַרץ: וואָרום דו האָסט נישט קיין שום חלק אין הויז פון דיין פאָטער זכרי, דער מאַן פון מיין צאָרן. איך האָב דאָך פאַרקויפט עדהן, די טאָכטער פון שמיר צום אויפזעער פון זיין הויז, און דו מאַך עס קלוג און עדה וועט זיין פאַר דיר אַ קוואַל אויף צו באַקומען געלט, און אויך אויף אליפלטן, דעם העלדישן בחור, וועסטו פאַרשפּרייטן דיין געץ און ער וועט אין איר געפאַנגען ווערן, כדי זאָלסט זיך הייסן באַצאָלן אויסלייזגעלט אויך פאַר אים. וואָרום מרים וועט זיי ביידע אויסלייזן פאַר יעדן פּרייז, און אַז דו וועסט זיך צונויפזאַמלען אַ פאַרמעגן, וועסטו וויסן וואָס צו טאָן, אים דערנענטערן צו זיך אָדער דערווייטערן.

—ווער וואָלט געבן און איך וואָלט אים געפונען—האָט רעומה געענטפערט מיט אַ זיפץ—וועל איך אים שוין מער נישט פאַר־

לאָזן. אָבער וואָס זאָל איך אַצינד טאָן מיט עמיהודן איך זאָל באַקומען פאַר אים אויסלייזגעלט? צי זאָל איך צושטעלן צו אים אַ וואַך? און צי וועט יהושבע גלייבן, אַז ער איז דניאל?

--יהושבע וועט גלייבן—האָט קטורה געענטפערט—וואָרום פון ווייטן האָט אבישג אים געזען און האָט געזאָגט: נישט אַנדערש, אַז דאָס איז דניאל, וואָרום זי קען דעם זון פון עזריקם, און איך האָב זיך געפרייד הערנדיק אירע רייד, איך האָב זיך געטראַכט: אַלוואַי וואָלט דאָס געווען דניאל. איך האָב אָבער נישט גע־לאָזט אבישגן זי זאָל געגענען צו אים, טאָמער וועט זי זען איר טעות.

רעומה האָט געזאָגט: איך וועל פרובן ריידן מיט אים, און אויב זיין האַרץ איז באַהעפט נאָך מיר, וועל איך גנבענען זיין האַרץ און וועל אים אויסנוצן און ער וועט מיר ברענגען אויס־לייזגעלט פאַר זיך, און דערנאָך אויך אליפלטן, וואָרום צו אים איז מיין גלוסטונג.

—צי אויך דניאלן וועסטו אַזוי זאָגן?—האָט קטורה געפרעגט—און וואָס אַזוינס וועט אים טרייבן, אַז ער זאָל זוכן און געפינען פאַר דיר אליפלטן? זע, טאָכטער מיינע, אַז דער וועג דייבער טויג נישט.

--לאָז מיך אָפּ, מוטער מיינע—האָט רעומה געענטפערט—לאָז דיין טאָכטער, וואָס אָפּנאַרעריי איז איר נישט פרעמד. עמיהוד אָדער דניאל גייט דאָך אויס נאָך מיר, צי אומזיסט האָט ער זיך אונטערגעשטעלט צו קעמפן מיט מיר? אים וועל איך שיקן צו שולמיתן, ער זאָל אָפּקערן איר האַרץ פון אליפלטן, ווען איך האָב מיר אויסגעקליבן. דניאל וועט פאַרדרייען שולמיתן דעם קאָפּ מיט פאַלשע האָפנונגען, וואָרום דער בחורל איז אין מיר פאַרליבט, און זיין האָפנונג צו מיר, וועט זיך אויסלאָזן מיט גאָרנישט, אַז איך וועל חתונה האָבן מיט אליפלטן, און אויך שולמית וועט זיך האָבן אָפּגענאַרט אין איר האָפנונג אויף אים, וואָרום צי זי וועט וועלן צי נישט וועט זי געהערן צו צדקיהון און צו דניאלן וועל איך געבן עדהן די טאָכטער פון שמיר, אויב מרים וועט זי נישט אויסלייזן.

—טאָכטער מיינע—האָט קטורה געענטפערט—געדענק, אַז דו האָסט נישט קיין שום חלק און קיין אַרבונג ביי דיין אַכזרישן פאָטער, און אויב עס וועט אים נישט גרייכן מיין האַנט, אָדער די האַנט פון מיין מאַן זמרי, וואָס זשע איז דיין האָפנונג? און דו טאָכטער, פאַרבאָרג אונזער פאַרבאַנד און אונזער גיין קיין מצרים, און פאָלג נישט די גלוסטונג פון דיין האַרץ נאָר זאָלסט אין זינען האָבן געלט, וואָרום נאָר געלט איז דער עיקר אין דער צייט ווען עס פאַלט דאָס לאַנד אפרים. דעריבער איז דאָס מיין עצה: צדקיהון שטעל אַוועק ער זאָל לאָקערן אויף חפציבה די פרוי פון מיין צאָרן. זי איז איצט אין גלעד, וואו זי היילט זיך ביי די רופאים, און ווען זי וועט אַרויסגיין פון גלעד וועסטו אונטערשיקן צדקיהון און דעם נעגער־יונג וואָס באַדינט מיך, ער איז דורכגעטריבן ווי אַ שלאַנג, און צו זיי וועסטו באַהעפטן איינעם פון די בית־אלער כהנים, און נאָך דעם ווי זיי וועלן אויספירן זייער אַרבעט מיט חפציבה, זאָלן זיי אין געהיים אויפגיין קיין ירושלים צו דערפילן מיין פאַרלאַנג אין שמירן, דערנאָך וועט עמרי אויפגיין קיין ירושלים איינצורריידן די מלוכה־האַרן אויסצולייזן דניאלן פאַר אַ סך אויסלייזגעלט. און מרימן זאָל ער פאַרנאַרן קיין אפרים, איינרריידנדיק איר, אַז איר מאַן עוזיאל פאַרבאָרגט זיך דאָרט. און אַלוואַי זאָל זי אַריינפאַלן צו דיר אין האַנט, וועט זי דיר אַוועקגעבן איר גאַנץ פאַרמעגן פאַר איר לעבן.

—לאָז אָפּ, מוטער מיינע,—האָט געענטפערט רעומה אויפהייבנדיק די אויגן און אויסשטרעקנדיק אַ פינגער—לאָז אָפּ, וואָרום יואח מיט דניאלן קומען אָן; דעריבער רוף דו אַוועק מיין דינער יואח און גיי אַוועק מיט אים ווייט און איך וועל ריידן מיט דניאלן.

דניאל מיט יואחן האָבן געענעט, און דניאל האָט געזאָגט צו רעומהן:

—איך בין גרייט קעגן דיר, האַרינטע מיינע. איך בין גרייט דיך אַלץ צו פאָלגן.

און קטורה האָט אַ פאָכע געטאָן מיטן האַנט צו יואחן און גע-

זאָגט צו אים:

—קום דו מיט מיר.

און יואח איז געגאַנגען מיט קטורהן, און דניאל איז געבליבן מיט רעומהן, וואָס איז געשטאַנען אַ ווײַלע און אים באַטראַכט, דערנאָך האָט זי זיך אָנגערופן מיט חן און אַזוי געזאָגט:

—צי טאַקע ווילסטו קעמפן מיט מיר? נישט אַזוי אָבער בין איך צו דיר: וואָרום איך וויל דײַן נאָענטקייט. און וואָס וועסטו ענטפערן אויף דעם פרײַנט מײַנער?

און דניאל האָט זיך געוואונדערט הערנדיק אירע רייד, געדענקנדיק די רייד פון נביא, און ער האָט געקוקט אויף רעומהן מיט גרויס ערשטוינונג און געענטפערט און געזאָגט:

—ווי אַן אָפּשפּעטערין פון מיר ביזטו אין מײַנע אויגן, רעומה מײַן שײנע האַרינטע. וואָרום, וואָס אַזוינס זעסטו אין מיר, וואָס דו שענקסט מיר דײַן האַרץ? דו האָסט דאָך אָפּגעזאָגט די האַרן פון אפרים—די גלוסטיקע בחורים, און מיט וואָס האָט דײַן קנעכט געפונען לײַטזעליקייט אין דײַנע אויגן. איך, דער אָרעמער פון די טויזנטער אין יהודה? נישט אַנדערש ווי דו שפּאַסט, האַרינטע מײַנע.

און רעומה האָט אַ בייג געטאָן דעם קאָפּ מיט חן און געענטפערט און געזאָגט:

—דײַן ליבע איז מיר טײַער, וואָרום אויב דו ביזט אָרעם, האָט דיך אָבער גאָט באַשאַפן אין געשטאַלט פון די האַרנזין. צי טאַקע זעסטו אויס ווי דניאל דער זון פון עזריקם? אַזוי האָט מיר מײַן מוטער געזאָגט אין דײַן נאָמען, דעריבער וועל איך דיך פון איצט אָן רופן דניאל. וועל דיך שעצן ווי אַ האַרנזון און וועל זיך דערבאַרמען אויף דיר געדענקנדיק, אַז די האַרן פון דײַן פאָלק האָבן דיר שלעכטס געטאָן און דו האָסט גאָר־נישט געזינדיקט. דעריבער הער אויס דניאל, איך דערבאַרם זיך אויף דיר, איך האָב דיך זייער ליב, און ליבהאָבנדיק דיך, בין איך גרייט ליב צו האָבן דאָס, וואָס דו האָסט ליב. און אויב דו וועסט זען אײַנע פון די טעכטער פון אפרים און וועסט איר אויסווײַלן, ברענג זי צו מיר און איך וועל זי ליב

האָבן ווי אַן אייגענע שוועסטער און וועל זי אָנקליידן אין די טייערסטע קליידער. און איצט, פריינט מיינער, איין זאַך וויל איך פון דיר: איך וועל דיך רופן דניאל כדי איך זאָל דיך מאַכן ארבן דאָס פאַרמעגן פון האַר עזריקם, ווען מיין פאָטער האָט געהרגעט. נאָר געדענק—זיי ערלעך צו מיר און זאָלסט פון מיר נישט פאַרהוילן אַלץ, וואָס עס איז מיט דיר.

—וואָס זאָל איך ריידן און וואָס זאָל איך זאָגן, האַרינטע מיינע—האָט דניאל געענטפערט—דו האָסט געוואָלט און האָסט מיך דערהויבן, און דו בעטסט מיך, איך זאָל דיר זאָגן, צי איך האָב זיך אויסגעוויילט איינע פון די טעכטער אין אפרים, און נאָך וואָס זאָל איך פון דיר פאַרלייקענען דעם אמת? ווען איך בין געווען צווישן די געפאַנגענע, וועלכע רצין האָט געפירט און איך בין דורכגעגאַנגען דורך גלעד, האָב איך געזען אַ מיידל אַ שיינע, און מיין האַרץ האָט זי געגלוסט נאָך איידער איך האָב געוואוסט איר נאָמען און איר אָרט. ביז איך בין געקומען אין טעמפל פון בית־אל און זיך אַלץ דערוואוסט: דאָס מיידל הייסט שולמית און איר אָרט איז—צווישן די חרמון־בערג. און נאָך דעם ווי איך האָב זיך דאָס דערוואוסט האָט זיך מיין האַרץ דערהויבן צו דעם, אויף וועלכן איך האָב גאָרנישט געקענט טראַכטן: וואָרום דו, צאַרטע רעומה, די גלוסטונג פון די יונגעלייט אין אפרים, טוסט זיך דערנידעריקן צו קוקן אויף דיין קנעכט. און וואָס האָב איך נאָך צו ריידן, און צו וועמען פון די האַרנטעכטער זאָל איך זיך ווענדן פון איצט אָן נאָך דעם, ווי איך האָב געהערט פון דיין מויל, צאַרטע, אַזעלכע ווערטער.

—אָט דאָס, האָב איך געוואָלט הערן פון דיר—האָט רעומה געענטפערט און שמייכלענדיק האָט זי געזאָגט צו אים:—צי קען עס מיך וואונדערן, וואָס דו האָסט מיך ליב און ווילסט נישט קיין אַנדערע צו מיר? איך ווייס, אַז נישט ווי דעמאָלט וועט איצט שולמית דיר אויסזען. איר שיינקייט וועט איצט נישטיק זיין אין דיינע אויגן. אָבער איך וועל דיך שיקן צו איר, צו פאַנגען איר האַרץ און עס אָפּקערן פון אליפלטן, וואָס איז איי־

בער פון די יונגע העלדן אין יהודה, צו ווען זי איז באַ־
שטימט. דערדאָזיקער אליפלט איז דורך מיר געפאַנגען געוואָרן,
און ער האָט געוויינט און זיך געבעטן ביי מיר, איך זאָל אים
פריי לאָזן, זאָגנדיק מיר, אַז ער איז זייער אָרעם און האָט
נישט מיט וואָס צו באַצאָלן אויסלייזגעלט פאַר זיך. און איך
האָב אים געגלייבט און אַוועקגעשיקט בשלום, און ער האָט מיך
גענאַרט: וואָרום ער ווערט דערצויגן ביי מרימן, די צאַרטע,
רייכע האַרינטע אין ציון. דעריבער, דניאל, זיי גרייט צו פאַנ־
גען דעמדאָזיקן דורכגעטריבענעם יונג און ער וועט אונז זיין
אַ קוואַל פאַר אַ סך געלט.

—איך בין גרייט צו אַלעם, צו וואָס דו וועסט מיך באַפעלן,
מיין צאַרטע האַרינטע—האָט דניאל געענטפערט—און איך וועל
טאָן אַלץ, וואָס איך וועל נאָר קענען.

—איך וועל דיך לערנען, וואָס צו טאָן—האָט רעומה געענטפערט—
נאָר פאַרבאָרג אונזער ליבע, כדי זאָלסט נישט דערוועקן אויף
זיך די קנאה פון אפרים. ווי אַ געפאַנגענער וועסטו זיין צווישן
זיי, ווי דער זון פון עזריקם, וואָס איז אַריינגעפאַלן צו מיר
אין האַנט און זיי וועלן נישט פאַרשטיין, אַז אַ האַרצנסגעפאַנ־
גענע בין איך ביי דיר.

אַזוי רעדנדיק, האָט זי געזען פון ווייטן אַז יואח קומט אָן,
האָט זי געקושט דניאלן און געזאָגט: ביזט מיר טייער האַרצנס־
געליבטער.

און יואח האָט גענענט צו זיי און געזאָגט:

—דיין מוטער קטורה רופט דיך, האַרינטע מיינע.

—דעריבער—האָט רעומה געענטפערט—דעריבער זאָלסטו דעם בחור
היטן.

רעומה איז געגאַנגען צו איר מוטער, און דניאל איז געבליבן
שטיין שטאַרק צעטראָגן.

און יואח האָט צו אים געזאָגט:

—דאָס, אויף וואָס דו האָסט געהאָפט, האַר מיינער, האָסטו גע־
פונען און זאָל דיר זיין מיט גליק.

—איך האָב געפונען, נאָר נישט דאָס, וואָס איך האָב געזוכט—

האָט דניאל געענטפערט—וואָרום נישט רעומהן האָב איך געזוכט נייערט דעם וועג אין הויז פון איר פאָטער זכרי, דער מאַן פון מיין צאָרן, כדי אויסצופירן אין אים דאָס, וואָס איך האָב פאַרטראַכט. זיין לעבן האָב איך געזוכט און געפונען די ליבע פון זיין טאָכטער. און איצט בין איך פאַראירט און ווייס נישט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר. וויי! מיין האַרץ איז איצט געוואָרן אַ פאַרצוקונג פון ליבע און נקמה. צי קען איך לעבן מיט אַ פרוי, וואָס טוט מיך כסדר דערמאָנען דעם טויט פון מיין פאָטער? אויך איר ליבע געפעלט מיר נישט: וואָרום וואָס אַזוינס האָט זי אין מיר דערזען, וואָס זי זאָל מיך אויסוויילן פון אַלע יונגעלייט פון אפרים? נישט אַנדערש אַז זי האָט מיך אויסגעוויילט איך זאָל זיין אין איר האַנט אַ פאַרדאַרבונגס-געווער. און וואָס ווע֫סטו זאָגן אויף דעם?

—איך בין דיין קנעכט און וואָס האָב איך דיר צו זאָגן מיין מיינונג?—האָט יואח געענטפערט—זיי וויסן, האַר מיינער, אַז דו געפינסט זיך צווישן בלוטיקע מענטשן, וואָס שטרעבן נאָר צו פאַרדאַרבן און אומצוברענגען נפשות צוליב געלט. אַזוי האָבן מיינע אויערן געהערט, ווי קטורה און איינער פון די כהנים שושקען זיך וועגן איינע אַ פרוי וואָס הייסט חפציבה, זיי רעכענען איר צו הרגענען, ווען זי וועט צוריקקערן פון גלעד אַהיים. און די פרוי, וואָס איז פאַרמשפט צום טויט, זיצט זיך איצט רואיק און ווייסט גאָרנישט אַז מען טראַכט איר שלעכטס צו טאָן. נאָר פונדעסטוועגן זאָלסטו נישט מורא האָבן, האַר מיינער, כל זמן רעומה האָט דיך ליב, רעדט צו איר מיט גוטע רייד און גאָט זאָל דיך היטן פון אַריינפאַלן אין נעץ.

## טו.

און זמרי האָט אַרויסגעשיקט צדקיהן קיין גלעד, ער זאָל אַרוילאָזן אַ קלאַנג, אַז דניאל איז געפאַנגען געוואָרן פון רעומהן, כדי יהושבע זאָל זיך דערפון דערוואוסן. און ער און קטורה זיין ניי ווייב און רעומה איר טאָכטער, אויך עמרי, דניאל און יואח זענען געבליבן אין בית־אל. דאָרט האָט זיך זמרי באַראָטן מיט נתניהן דעם כהן פון בית־אל, וועגן אַלץ, וואָס ער דאַרף טאָן אויף אויפצושטעלן אפרים.

און ס׳איז געווען אין אַ חודש אַרום, און צדקיהו האָט צוריקגעקערט פון גלעד און דערציילט:

—איך האָב אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז דניאל איז געפאַנגען ביי רעומהן, און אַז יהושבע האָט זיך פון דעם דערוואוסט, איז דאָס האַרץ אין איר אַנטפאַלן, און זי האָט געשיקט נאָך מיר און האָט מיך אויסגעפאָרשט. און איך האָב זיך געמאַכט ווי איך וויל נישט רעדן; ווי איך וואָלט געציטערט פאַר די כהנים פון בית־אל און פאַרן צאָרן פון זייער נביא, וואָס האָט

אויף מיר שלעכטס פאָרגעזאָגט און איך האָב מורא פאַר דעם וואָרדם ווי אַ שונא פון בית־אל בין איך ביי איר אין די אויגן. און זי האָט מיר געבעטן, איך זאָל גיין קיין בית־אל און ברענ[גען] דניאלן צו עס וועט אים העלפן אויסלייזגעלט, און צי זי קע[ן] אים זען?

האָט קטורה צו אים געזאָגט:

—קער צוריק און זאָג יהושבען אין מיין נאָמען, אַז איך וועל זיי צוליב טאָן און זי וועט זען דניאלן פון ווייטן, און פאַר אַ סך אויסלייזגעלט וועט זי אים קענען אויסלייזן.

און רעומה האָט אין געהיים גערעדט צו צדקיהן, אַזוי צו זאָגן:

—דניאל איז דאָך פאַרליבט אין מיר און איך קען מיט אים מאַכן, וואָס איך וויל. דעריבער זאָג יהושבען, אַז נישט בלויז מיט אַ סך אויסלייזגעלט וועט זי אויסלייזן דניאלן, נייערט אַז זי וועט מיר ברענגען פאַר אים אויך אליפלטן צום אויסלייז־געלט. אַז דו, צדקיהו, וועסט דורכפירן, דאָס, וואָס איך הייס דיר, וועל אויך איך טאָן דיין ווילן און דיר ברענגען דיין גע־ליבטע שולמית.

—כ׳בין גרייט צו טאָן דיין פערלאַנג, צאַרטע—האָט צדקיהו גע־ענטפערט—און איך וועל איבערעדן יהושבען זי זאָל שיקן גרינגע לויפער צו אַליפלטן אים אומצוקערן פון דמשק, און דו—זע צו מאַכן עס זאָל זיין גוט פאַר מיר. איך אייל זיך צוריצוקערן קיין גלעד.

און דניאל האָט נישט געקענט זמרין און זיין פאַרבינדונג מיט קטורהן, און ער איז געזעסן אין הויז פון איינעם פון די כהנים אין ביתאל. אין זמרי מיט קטורהן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט קיין מצרים און עמרי מיט רעומה זענען געגאַנגען זיי צו באַלייטן ביז דער גרענעץ פון צידון. דאָרט האָט זיך זמרי באַראַטן מיט עמרין און אים איבערגעלאָזט אויף זיין אָרט פאַר אַ באַפעלער און פירער צו דער חברה כהנים, און קטורה האָט אים איבער־געגעבן ער זאָל אַכטונג געבן אויף איר טאָכטער רעומה און איר געבן עצות, און זי האָט אום באַפוילן ער זאָל אַרויפלייגן

אַסך אויסגעלייזגעלד אויף עדהן די טאָכטער פון שמיר און אויף דניאל, און זאָל אַוועקשטעלן לאָקערער אויף אַליפלטן אין גלעד, אויף דער דמשקגאַס, און צולעצט האָט זי אים אַזוי אָנגעזאָגט:

—זאָלסט נישט פרייל'אָזן חפציבה, די פרוי פון מיין צאַרן און אויף מרים זאָלסטו פאַרלייגן דיין נעץ, און זאָלסט זי פאַרנאַרן אין לאַנד אפרים, איינרעדנדיק זי, אַז איר מאַן עוזיאל פאַר־באַהאַלט זיך דאָרט. דו וועסט דאָך געדענקען די סמנים, וואָס דו האָסט איר איבערצוגעבן. איך ווייס, אַז מרים וועט דיר גלייבן הערנדיק די סמנים. אלוואי פאַלט זי אַריין צו דיר אין האַנט און זי וואָלט אַוועקגעבן איר גאַנץ פאַרמעגן און אוצרות פאַר איר לעבן.

—גייט רואיק אייער וועג—האָט עמרי געענטפערט—און מיט פריי־לעכע הערצער זאָלט איר צו אונז צוריקקומען!

און זיי האָבן זיך געקושט איינער דעם אַנדערן און האָבן זיך צעשיידט.

און רעומה מיט עמרין, און דניאל און יואח, האָבן צוריקגע־קערט קיין בית־אל און דאָרט געוואַרט פופצן טאָג. און אַז זיי האָבן געזען, ווי צדקיהו איז נאָך נישט צוריקגעקומען, זענען זיי אויפגעגאַנגען קיין גלעד. און לויט דער עצה פון עמרין, האָט רעומה דורכגעפירט דניאלן פאַר יהושבעס וואוינונג. און גרויס געוואָרן איז די מהומה אין איר וואוינונג, יהושבע איז געגאַנגען צו רעומהן צו בעטן איר פאַר דניאלן, און רעומה האָט איר געזאָגט:

—דער בחור וויל דאָך זיין נאָענט צו מיר. ער איז אויך מיין געפאַנגענער און קער צו מיר, און איך וועל אים נישט צוריק־קערן. נייערט פאַר אַ סך אויטלייזגעלט און פאַר אליפלטן, וואָס דו וועסט אים מיר ברענגען פאַר אים.

און יהושבע האָט צו איר געזאָגט:

—איך האָב דאָך געשיקט לופער צום קעניג, אויך צו אליפלטן האָב איך געשיקט אים אומצוקערן פון דמשק. און וואָס זאָל איך טאָן, אויב ער וועט נישט וועלן קומען אַהער?

—דעמאָלט־האָט רעומה געענטפערט—דעמאָלט וועסטו מיר געבן

דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון עזריקם, דניאלס פאָטער אַלס אױסלײז-געלט פאַר זײן זון.

אַזױ האָבן גערעדט יהושבע און רעומה. און דניאל איז געװען פאַרהאַלטן אין װאַך-צימער. און נאָך דעם װי יהושבע איז אַרױס־געגאַנגען, האָט דניאל געזאָגט צו איר מיט ערמה:

—צו טאָקע װעסטו מיר פאַרבײטן, שײנע רעומה, פאַר אױסלײז-געלט? צי װעל איך נאָך װיסן פון אַ לעבן צי זאָגן אָן דיר, נאָכדעם װי איך האָב דיר געזען?

—באַרואיק דיך, פרײנט מײנער—האָט אים רעומה געענטפערט—װאָרום צו מיר געהערסטו, איך װעל דיך נישט אָפּלאָזן און נישט פאַרלאָזן. און איך בין גרײט דיר אױסצופרװון אַ צינד, שיקנדיק דיך מיט יואהן צו שלמיתן, איר דעם קאָפּ צו פאַרדרײען און זיך דערװיסן אירע סודות. װאָרום טאָמער װעט יהושבע מאַכן אַזעלכע כיטרע זאַכן און װעט פאַשטערן מײן פּלאַן צו כאַפּן אױך אליפלטן. װאָרום אַז מרים װעט אים אױסלײזן, װעלן מיר אָנ-פילן אונזער הױז מיט גרױס פאַרמעגן און דעמאָלט װעלן מיר פאַרברענגען אין ליבע און אין אַלדעסגוטס.

—כ'בין גרײט, שײנע און צאַרטע, דו קענסט מיר שיקן װאו דו װילסט—האָט דניאל געענטפערט.

פינף און צװאַנציק טאָג אין צענטן חודש מיטן אױסגײן פון טאָג, און דניאל און זײן באַדינער יואח זענען אָנגעקומען צו די חרמונבערג. און זײ האָבן באַגעגנט אַ דורכגײענדיקן און האָבן אים געפרעגט אױף דעם חברונער און זײן װאױנונג. און ס'האָט געזאָגט דער דורכגײער:

—פון ארם טוט גאָט מיך פירן צום לאַנד יהודה. װאָרום איך בין פון די, װאָס גאָט האָט אױסגעלײזט. דאָס ברױט װאָס איך האָב געהאַט בײ מיר, האָט זיך מיר אױסגעלאָזט און איך בין זער מיד און גײ זיך פאַמעלעך, ביז איך בין אָנגעקומען צום הױז פון חברונער, און ער האָט אַ שײנע טאָכטער, אַ גרױסע שײנהײט, און װי איר שײנקײט אַזױ אױך איז איר גוטהער-ציקײט, װאָרום מיט צוגעלאָזטקײט און מיט גוטע רײד, האָט זי מיר אַרײנגענומען אין שטוב, אַ הױז פול מיט אַלעם גוטן,

און האָט מיר געגעבן דאָס בעסטע עסן, און איך האָב איר גע-
בענטשט אין גאָטס נאָמען, און די גוטהאַרציקע האָט מיר גע-
געבן אַ געשאַנק געלט און שפּייז אויפן וועג און האָט געזאָגט:

—בעט ביי גאָט און ער זאָל מיר צושיקן דעם מענטש, וואָס איז נאָענט
צו מיין האַרצן. און אויף דעם בעט איך דעם גאַנצן וועג. איך
איייל זיך צוריקצוקערן צו מיין ווייב און קינדער, אָבער איך
וועל אייך וויזן דעם וועג צו קומען אין דער ערלעכער, גוטער
וואוינונג. פון דאַנען זאָלט איר גיין מיטן גלייכן וועג, און איר
וועט פאַרבייגיין דעם העכסטן פעלז־באַרג, דעמאָלט וועט איר
זיך נעמען אויף רעכטס און גיין מיטן גלייכן וועג ביז איר וועט
קומען צו דער וואוינונג פון חברונער.
אין דניאלס האַרץ האָט זיך זער דערפרייד מיט דער בשורה,
האָט ער געבענטשט דעם דורכגייער און ער איז זיך אַוועקגע-
גאַנגען. און ער מיט יואחן האָבן געהיט דעם וועג, ביז זיי זע-
נען צוגעקומען צום העכסטן פעלז-באַרג, וואו עס האָט גערוט
עוזיאל. דאָרט האָט זיך יואח מיט דניאלן אָנגעהויבן שפּאַרן,
יואח האָט געוואָלט גיין לינקס, ווייל לויט דעם ווי דורכגייער
איז געגאַנגען איז עס געוועזן רעכטס, און דניאל האָט זיך גע־
וואָלט נעמען רעכטס ווי דער דורכגייער האָט געזאָגט. און דניאל
האָט געזאָגט:
—איך וועל גיין רעכטס און דו נעם זיך לינקס. און מיר וועלן
זיך מאַכן צייכנס כּדי נישט צו פאַרבלאָנזשען.
דער טאָג איז שוין שטאַרק פאַרגאַנגען ווען דניאל האָט זיך
צושיידט מיט זיין דינער יואח און געגאַנגען מיט זיין וועג און
שטיינער און פעלזן רינגלען אַרום זיין וועג. אַז ער האָט דער־
ווייטערט צו גיין און ער האָט זיך פאַרפלאָנטערט צווישן געדיכ-
טע צווייגן פוןביימער. וואָס האָבן פאַר אים דעם וועג פאַר-
שטעלט.
דער טאָג איז אַוועק, ס'האָבן זיך אויסגעלייגט די אָוונט-שאָטנס
און די וואוינונג פון חברונער האָט זיך נישט געזען. די זון איז
פאַרגאַנגען און די שוואַרצקייט פון וואַלד האָט געוואָרפן שרעק

און פחד, און ער האָט זיך באַדענקט פון דעם וועג ,וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן, מורא האָבענדיק פאַר די שרעק פון לבנון און די חיות. און אים איז איינגעפאַלן אין עצה: אויסצוקלויבן צווישן די ביימער אַ הויכן בוים און אַרויפקלעטערן אויף אים און ער האָט זיך אַרומגעקוקט. געזען אַ הויכן ציפּרעס בוים און מיט אַלע כחות אַרויפגעקלעטערט אויף אים און זיך דאָרט געמאַכט אַגעזעס. דאָרט האָט ער געזען, אַז די זון וואָס איז שוין אינגאַנצן פינצטער אין וואַלד שטייט נאָך ביים העריזאָנט פון מערב זייט, און פון ווייטן האָט ער געזען אַ שפּיץ פון א פעלזנבאַרג און נישט געוואוסט וואָס פאַר אַ באַרג דאָס איז. און די זון וואָס איז פאַרגאַנגען, האָט נאָך באַלויכטן מיט די לעצטע שטראַלן די שפּיצן פון די הויכע ביימער. נאָך אַווײַלע–און פינ־צטערניש האָט פאַרדעקט דאָס לאַנד און ס׳איז געוואָרן נאַכט, און ס׳האָבן זיך צעווימלט אַלע חיות פון וואַלד, און ס׳האָבן געשריגן די יונגע לייבן צום פאַרציקן, און ס׳האָבן געברומט די לייבן און טיגערס ,און ס׳האָבן געשריגן אַלערליי נאַכט פויגל. דניאל האָט פאַרנומען דאָס מוראדיקע שרעקליכע ברומען. פון פחד האָבן זיך אים געשטעלט די האָר קאַפּויר, און ער האָט גערופן צו גאָט און געזאָגט:

–גאָט וואָס האָסט מיך אויסגעלייזט פון געפאַנגנשאַפט אין ארם! לייז מיר אויס, אויך די נאַכט פון די ווילדע חיות און פון ברומען פון טויט.

און דניאל האָט אַזוי געבעטן ביז האַלבע נאַכט, און ער איז מיד און עס ציט אים צום שלאָף, און ער האָט גענומען דעם גאַרטל, וואָס אויף זיינע לענדן און איין עק צוגעבונדן צום שטאַם פון בוים, און דעם צווייטן–אַרום זיינע לענדן. פונדעסט־וועגן האָט ער אַלע מאָל זיך אויפגעכאַפּט מיט ציטערניש. און זיי־נע קליידער זענען נאַס פון טוי. און אין חלום האָט ער געזען ווי אַ יונגע לייבין וויל אים פאַרצוקן און ער רופט צו גאָט פון זיין גרויסע טויט־שרעק, און אַן אַלטער אָנגעטאָן מיט אַ לאַנגן מאַנטל געגענט צו אים און זאָגט:

–רוף צו גאָט, וואָס רוט אין ציון, וואָרום ער וועט דיך באַ־

שירמען פון די ציין פון די לייבן און פון אַ פרעמדער פּאַל־שער צונג.

און דניאל האָט זיך אויפגעכאַפּט, געעפנט די אויגן און אַרויפ־געקוקט צום הימל. און דניאל איז שוין נישט געשלאָפן ביז עס האָט זיך דערהערט דאָס געזאַנג פון פייגל, וואָס דערוועקן דעם מאָרגנשטערן. דעמאָלט איז ער אַראָפּ פון בוים און איז געגאַנגען און געטאַפּט ווי אַ בלינדער און האָט זיך נישט גע־שראָקן. און אַז ער איז געקומען צו אַ פעלז, האָט ער אויף אים אַרויפגעקלעטערט קריכנדיק אויף די הענט און פיס, און ער האָט כסדר געטאַפּט, וואָרום ער האָט נאָך גאָרנישט געזען. און אַז ער איז געקומען ביז אין דערהעלפט, האָט ער מורא געהאַט ווייטער צו גיין, זעענדיק, אַז דער פעלז הייבט זיך אויף ווי אַ גלייכע וואַנט. דאָרט האָט ער לאַנג געוואַרט. וואָ־רום ער האָט זיך געטראַכט: ס׳וועט אויפשיינען די זון, וועט צוגיין די טוי, וועל איך געפונען דעם וועג.

אַזוי ווי ער וואַרט אַזוי מיט אומגעדולד די זון זאָל אויפשיי־נען, און אַ שטים גייט אויף אין זיינע אויערן. אַ זיס קול, וואָס רופט צו גאָט פון צופיסנס דעם פעלז מיט דידאָזיקע רייד:

צו דיר גאָט מיינער, צו דיר, וואָס ביזט אויף די הימלען, טו איך רופן ווען איך לייג זיך און ווען איך שטיי אויף. צו דיר, באַשעפער פון די בערג און ווינט, וואָס גיסט רעגן און טוי, צו דיר טוט ברומען מיין האַרץ ווי אַ טויב פון איר באַהעל־טעניש, וואָרום וועמען האָב איך אַחוץ דיר אויף הימל און ערד. עס זענען געקומען די טעג פון מיין יוגנט און האָבן דערוועקט די ליבע. נישט איך האָב זי דערוועקט, נייערט מיין דערבאַרמונג האָט זי געווינען. וואָרום אַ יינגל מיט שיינע אויגן האָב איך געזען אין געפאַנגנשאַפט און איך האָב זיך דערבאַרמט איבער אים, און מיינע טרערן האָבן געמאַכט שפּראָצן זיין ליבע אין מיין האַרצן, און אָט איז געקומען פון ציון די האַרינטע יהושבע און אין מיר דערוועקט אַ נייעם טרויער אַנטפּלעקנדיק פאַר מיר מיין אָפּשטאַמונג. און איצט בין איך אַ פרעמדע צו

דעם, וואָס האָט מיר דערצויגן ווי אַ פּאָטער און איך בין אַ יתומה פון פאָטער און מוטער. און וואָס איז מיין טרייסט?— נאָר דו אַליין, וואָרום דו, גאָט ביזט דער פאָטער פון יתומים. און אין דיר פאַרזיכער איך זיך, אַז דו וועסט צוהערן מיין געבעט. שיק אויסלייזונג פאַר „מיין טייערן״! יהושבע האָט גע־שיקט איר דינסט מיר אָנזאָגן, אַז אליפלט וועט קומען אַהער, און אַז דניאל, דאָס איז מיין טייערער, איז פאַרלוירן און פאַר־שטויסן אין בית־אל, איז געפאַנגען ביי דער מרשעת רעומה און זי וואָרנט מיר פון דעם אויסוואורף צדקיהו, וואָס קוקט אויס אויף מיר. און דו גאָט, היט מיר פון דעם אויסוואורף און פון דעם בחורל, וואָס איז מיר פרעמד. באַשער אליפלטן זיין חלק אין לעבן און מיר ברענג דניאלן, נאָך דעם ווי דו האָסט מיר צו וויסן געטאָן זיין נאָמען. דו האָסט דאָך אים אויסגעלייזט פון די רשעים, לייז אים אויך איצט אויס פון דער בייזער רעומה. ברענג אים אַהער און צוזאַמען וועלן מיר אויפ־גיין קיין ירושלים און זיך בוקן צו דיין הייליק הויז. דערבאַרם זיך אויך אויף עדהן און צפניהן, גיב אַ גוט געמיט צו קציעהן, מיין שוועסטער און זאָלן מיר זיך נישט שטערן, זאָל זי גע־הערן ווי אַ טייערער אוצר צו איר אויסדערוויילטן אליפלט און איך זאָל זיין צו דניאלן, מיין אויסדערוויילטן.

ווער קען גאָר אויסדערציילן די פרייד פון דניאלן, ווען ער האָט דערהערט די שטים פון זיין האַרצנס־געליבטע, וואָס איז נאָענט צו אים. און אַז ער האָט פאַרנומען די סודות פון איר האַרצן, וואָס זי האָט אויסדערציילט פאַר גאָט.

—אָך!—האָט ער אויסגעשריגן—די שטים פון מיין לעבן, מיין איינציקע רופט צו דיר גאָט. איך דאַנק דיר גאָט מיינער, וואָס האָסט מיר גוטס געטאָן.

און דאָס זאָגנדיק, האָט ער אַראָפּגעקוקט צו דער ערד און דערציטערט געוואָרן, וואָרום ער האָט גאָרנישט געקענט זען, ווייל די טוי האָט צוגעדעקט די ערד ווי אַ גרויסער ים. אויך די שפּיצן פון די הויכע טענענביימער העבן זיך נישט אָנ־געזען.

און ער האָט גערופן צו איר פון שפּיץ פעלז אַזוי צו זאָגן:

—פאַרגעס, צאַרטע, צו דער שטים, וואָס רופט צו דיר. זאָל ביי דיר טייער זיין דאָס לעבן פון אַ מענטש, וואָס האָט דעם וועג פאַרלוירן, ווי דאָס לעבן פון דיין אויסדערוויילטן, וואָס פאַר אים בעטסטו צו גאָט. אַ וואָלקן פון טוי האָט פאַרדעקט מיינע וועגן, דעריבער אייל מיר צוהילף און באַשירעם מיינע פיס פון אויסגליטשן זיך. אייל, גיי אויף צו מיר באַחנטע און שיינע!

—און ווער איז דאָס, וואָס שטעלט זיך איין דאָס לעבן צו קלעטערן אויף די שפּיצן פון די פעלזן און אין וואָלקן פון טוי?—האָט שולמית צו אים אַרויפגעשריגן—אָבער וואַרט צו, וואָרום איך קען די ערטער, בלייב שטיין און ריר זיך נישט פון אָרט, איך גיי אַרויף צו דיר און וועל דיר אַראָפּפירן, נאָר רעדט, וואָרום נאָך דיין שטים וועל איך גיין און געפונען דעם וועג.

אַזוי רעדנדיק איז זיך אַרויפגעלאָפן ווי אַ געשיקטע אינדין. אָט גייט זי גלייך. אָט לאָזט זי זיך קווער, גייט אַרויף און רופט אַלע ווײַלע:

—רואיק, פרעמדער! איך גיי און דערנענטער זיך צו דיר, לאָז מיר נאָר הערן דיין שטים.

און דניאל ענטפערט איר:

—ווי גרויס איז דיין גענאַד, צאַרטע, ווי שיין און זיס זענען דיינע ווערטער, איך שטיי און וואַרט אויף דיר.

און דניאל שטייט ווי אויף ברענענדיקע קוילן. וואָרום עס זעבען אים צו לאַנג די רגעס ביז ער וועט דערזען זיין האַרצנס־געליבטע, וואָס איז אין אַלע זיינע טראַכטונגען און אין זיין האַרץ. און ער האָט איינגעהילט זיין פּנים אין זיין מאַנטל כּדי ער זאָל איר פּלוצלונג נישט איבערשרעקן.

און שולמית אַז זי איז געווען נאָענט צו אים, האָט גערופן:

—וואו ביזטו, פרעמדער!

—דאָ בין איך, צאַרטע!—האָט דניאל געענטפערט.

און שולמית האָט געגענט צו אים, און זי איז זער באַשיידן, האָט זי נישט אויפגעהויבן די אויגן צו קוקן אויפן געשטאַלט, נאָר צו באַשירמן זיינע פיס פון אויסגליטשן זיך. און זי האָט אים גערעכנט פאַר אַ פרעמדן אָדער יעגער, וואָס איז דאָ אַרויפ־געגאַנגען צו פאַנגען אַ געפאַנג. אויך דער מאַנטל אויף דער וואָלקן פון טוי האָבן דניאלן פאַרבאָרגן און שולמית האָט אים נישט דערקענט.

און זי האָט אים דערלאַנגט איר האַנט און געזאָגט:

—האַלט זיך אָן אין מיין רעכטער האַנט און איך וועל דיר פירן, וועל דיר בשלום איבערפירן די שמאָלע וועגלעך, אויף אַ וועג דורך וועלכן קיין מענטש איז נאָך נישט דורכגעגאַנגען. נאָר פאַרמאַך דיינע אויגן, טאָמער וועסטו אַראָפּקוקן אויף דער ערד, וועסטו דערציטערט ווערן און וועסט זיך אויסגליטשן.

—מיינע אויגן האָב איך פאַרמאַכט פון צוזען יעדער שטרויכ־לונג—האָט דניאל געענטפערט—איך האָב פאַרמאַכט מיינע אויגן, וואָרום דו וועסט מיר זיין אויגן, וועסט זיין די ליכט פאַר מיין וועג.

און שולמית האָט געזאָגט:

—פון ביידע זייטן שטייען צופּרעסביימער און מיט זייער שאָטן מאַכן זיי שטאַרקער דעם וואָלקן פון טוי. האַלט זיך אָן אין זייערע צווייגן מיט דער לינקער האַנט. איצט זאָג מיר פון וואַנען ביזטו?

—מיין וואוינונג איז אין ציון—האָט דניאל געענטפערט—און פון ארם פירט מיך גאָט.

—און דו וועגן פון ציון זענען אויך אין מיין האַרצן—האָט שולמית געענטפערט—דאָרט האָב איך אַ שוועסטער.

—אויב אַזוי, צאַרטע, קום לאָמיר דאָרט אויפגיין צוזאַמען, און מיט דיין ווילן וועסטו מיר פירן, און וואויל איז דעם מענטש, וואָס דו וועסט אים צו זיך דערנענטערן און לעבן מיט אים.

—איך האָב זיך שוין מיין ארבונג אויסגעקליבן—האָט שולמית

געענטפערט מיט אַ זיפץ—אַ בחור פון פאָלק יהודה, וואָס איך האָב געזען אין גלעד גייענדיק געפאַנגען פאַרן פיינט. איך האָב אים דערזען און טייכן טרערן האָבן מיינע אויגן אויף אים פאַרגאָסן, און מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט: אָט דאָס איז דיין אויסדערוויילטער, דאָס איז דיין טייערער, וואָס גייט איצט אין גלות אַריין, דעריבער בעט צום גאָט פון ציון און ער זאָל אים שיקן אויסלייזונג. און איך האָב אַזוי געטאָן. כ׳האָב גערופן צו גאָט און געבעטן פאַר מיין טייערן. און גאָט האָט מיר געהערט און אים באַפרייט, און ווי צעווייטאָקט איז געוואָרן מיין האַרץ, ווען איך האָב געהערט פון דער דינסט פון יהושבע מיין פאָטערס ווייב, אַז מיין טייערער איז פון די גרויסע לייט פון לאַנד, און זיין נאָמען איז דניאל דער זון פון עזריקם, נאָר וואָס קומט מיר אַרויס, אַז ער איז ווידער געוואָרן געפאַנגען דורך דער שרעקליכער רעומה. ווי איך וועל דיר דערציילן נאָך דעם ווי די וועסט אַריינקומען צו מיר אין שטוב. אָט שטיין מיר שוין אויף דעם גלייכן שטח. איצט וועל איך דיר בעטן אַריינצוגיין מיט מיר אין מיין הויז.

—צי אָבער וועל איך באַווייליקט זיין ביי דיין פאָטער?—האָט דניאל געפרעגט צודעקנדיק זיין פנים מיט דעם מאַנטל.

—מיין פאָטער איז געשטאָרבן אין דער מלחמה—האָט שולמית געענטפערט מיט אַ זיפץ—ער איז געפאַלן דורך דער שווערד פון זכרי דער העלד פון אפרים צוזאַמען מיט דעם קעניגס זון און מיט עזריקם דעם הויז־אויפזעער. גאַנצע משפחות פון יהודה האָבן געקלאָגט אויף זייער טויט, אויך איך קלאָג אויף מיין פאָטער אַלקנה דעם שני למלך, וואָס איז אומגעקומען.

—אַלקנה דער שני למלך איז געווען דיין פאָטער צאַרטע?—האָט דניאל געפרעגט מיט וואונדער.

—אַזוי איז עס האַר מיינער.—האָט שולמית געענטפערט מיט באַשיידנקייט—דו האָסט דאָך געקענט מיין פאָטער ביי זיין לעבן דו בּיזט דאָך פון ציון.

—איך האָב אים געקענט און אויך ער—האָט מיר געקענט—האָט דניאל געענטפערט, און האָט אַלץ געהילט זיין פנים און זיין

מאַנטל, וואָרום ער האָט זיך נישט געוואָלט געבן צו דערקע־
נען צו איר. און ער זעט דאָס פּנים פון שולמית—וואָרום יע־
דער מאַן פון יהודה און איינוואוינער פון ירושלים האָבן גע־
וואוסט די גרויסקייט פון דיין פאָטער, בפרט נאָך איך, זיי
וויסן, שענסטע פון פרויען, אַז איך קום אַרויס פון דער קע־
ניגלעכער משפחה און דאָס בלוט פון דיין פאָטער איז זייער
טייער ביי מיר. און איך וועל זיך נוקם זיין אין זכרין דעם
מאַן פון מיין צאָרן, וואָרום אויפגעפרעסן האָט זיין שווערד
דאָס בעסטע פון מיין פאָלק און לאַנד.

—צי טאַקע קומסטו אַרויס פון דער קעניגלעכער פאַמיליע, האַר
מיינער, דו?—האָט שולמית געזאָגט מיט וואונדער—איז וואָס זשע
בלאָנקעסטו זיך אַרום אויף די בערג אין טוי פון מאָרגן און
וואו איז דיין דינער?

—ווען מיין דינער וואָלט געווען מיט מיר, וואָלט איך נישט
פאַרבלאָנזשעט—האָט דניאל געענטפערט—און ווען איך וואָלט
נישט פאַרבלאָנזשעט, וואָלט איך נישט געהערט דיין געבעט און
גאָט וואָלט מיר נישט צוגעשיקט אַזאַ ליכטיקע וועגווייזערין ווי
דו, צאַרטע, ביזט.

די זון איז אויפגעגאַנגען, און איר ליכטיקייט האָט באַשיינט
דאָס פּנים פון שלומית וואָס איז אַזוי שיין און גלוסטיק. און
דניאל האָט זיך שוין מער נישט געקענט איינהאַלטן, האָט ער
אַראָפּגעוואָרפן דעם מאַנטל פון זיך און שולמית האָט אַ קוק
געטאָן אויף אים דערשראָקן און צעטומלט און אַ קלאַפּ געבנ־
דיק די הענט האָט זי אויסגערופן:

—דו ביזט עס, גאָט מיינער! מיין טייערן האָסטו דאָך מיר גע־
בראַכט אין דער צייט, וואָס איך האָב גערופן צו דיר! ריכטיק,
דו ביזט מיין טייערער. מיין געזאַנג ביינאַכט און געבעט אין
מאָרגן. און פון דעם טאָג אָן, וואָס איך האָב דיך געזען אין
גלעד, האָב איך וועגן דיר געטראַכט און פאַר דיר גאָט גע־
בעטן פאַרנאַכט, פרימאָרגן און אין מיטנטאָג. און גאָט האָט
פאַרנומען מיין געבעט און מיר באַוויזן דיין פּנים ווען איך
האָב זיך גאָרנישט געריכט, דיך צו זען. און איצט טאָג מיר,

ליבער מיינער, צי טאַקע איז דיין נאָמען דניאל און ביזט דער זון פון עזריקם?

דאָס האָט זי געזאָגט און אַ שטראָם טרערן האָט אַ גאָס געטאָן איבער אירע שיינע באַקן. און דניאל—אויך ער האָט געוויינט און אָנבעמענדיק זי ביי דער רעכטער האַנט, האָט ער אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און געזאָגט:

—גאָט, מיין גאָט! איך שעם זיך אויפצוהייבן מיין פּנים פאַר דיר. וואָרום פון מויל פון מיין טייערן אוצר איז געפּעסטיקט געוואָרן מיין גלויבן, און מיט דעם חן פון אירע ליפּצן האָט זי אין מיר באַשאַפן אַ ביי האַרץ און באנייט אַ רעכטפאַרטיק געמיט אין מיר. היט זשע מיר מיין צאַרטע און איידעלע שולמית, ווי דאָס אַפּל פון אויג, וואָרום געגאָד און אמת איז אין איר מויל, און דורך מיין ליבע צו איר ווערט זיך מיין האַרץ שטאַרקן צו באַהעפטן זיך אין דיר.

און נאָכדעם, ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער געהאַלזט אין זיינע אָרימס שולמיתן וואָס איז צוגאַנגען פון גליק, און ער האָט זי געקושט און געזאָגט:

—ריכטיק, איך בין דניאל דער זון פון עזריקם און איך האָב געמיינט אַז דו ביזט אַ טאָכטער פון אַ פּשוטן מענטשן און מיין האַרץ איז באַהעפט געוואָרן צו דיר, און ווי פרייד מיך איצט, הערנדיק פון דיר, אַז ביזט די טאָכטער פון שני למלך. זיי וויסן, שיינע מיינע, אַזוי ווי אונזער ליבע, וואָס איז זייער שטאַרק, אַזוי שטאַרק איז די ליבע פון קציעה דיין שוועסטער צו אליפלטן, וואָס האָט מיט מיר גוטס געטאָן. איך האָב דיך געזען אין גלעד אין אַ שלעכטן טאָג, כ'האָב געזען דיינע טרערן און דיין געשטאַלט האָט מיר שטענדיק באַלויכטן די פינסטערניש אין וועלכער איך האָב זיך געפונען. אויך דו האָסט גאָט געבעטן פאַר מיר, טויב מיינע, און האָסט מיין נאָמען נישט געוואוסט, און גאָט האָט געהערט דיין געבעט און דיר צוליב האָט ער מיר געשיקט אויסלייזונג דורך דער האַנט פון אליפלט. דעריבער זאָלסטו זיין מיין אַרבונג און מיין חלק אין לעבן. וואַרט צו, טויב מיינע, נאָך אַ ביסל אין פאַרבאָרגעניש פון

לבנון. מיט פרייד וועסטו אַרויסגיין פון דאַנען און מיט פרידן וועסטו געפירט ווערן אין די פּאַרגעניגנספּאַלאַצן אַריין. און ס'וועט דיך זען דיין שוועסטער קציעה און זיך פרייען מיט דיר, דאָרט וועלן מיר פאַרברענגען אין ליבשאַפט, זינגען און זיך פרייען דאָס גאַנצע לעבן. און איך וועל דיך ליב האָבן ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון מיין אויג און דיין לעבן וועט זיין גליק און פרייד.

און שולמית האָט געעפנט צו אים אירע שיינע אויגן און גע־קוקט אים אין פנים אַריין ווען ער האָט גערעדט, און געזאָגט צו אים:

—אַ סך טוט גאָט צו די, וואָס פאַרלאָזן זיך אויף אים. אַזוי האָט ער דיך באַשירמט פון די בייזע מענטשן, האָט דיך אויך באַפרייט פון דער בייזער רעומה, און גייסט איצט אַרום פריי און שטאָלץ, אַזוי זאָל גאָט נישט אָפּטאָן קיינמאָל פון אונז זיין גענאָד אין זיין הייליקער שטאָט, וואו מיר וועלן זיך זיצן רואיק און זיכער, פריילעך און גליקלעך, ווי איך האָב עס גע־זען אין די טרוימען.

—ס'איז נאָך צייט צו דעם—האָט דניאל געענטפערט—אָבער זאָג מיר, געליבטע מיינע, צי איז דאָ געווען אבישג די דינסט פון יהושבע, צי האָט זי דיר עפּעס געזאָגט אין נאָמען פון איר האַרינטע?

—אבישג איז דאָ געוועןְ—האָט שולמית געענטפערט—אַ סך גרויסע זאַכן האָט זי מיר דערציילט און פאַרשאַפט מיין האַרץ פרייד און טרויער. דאָס אַלץ וועל איך דיר דערציילן, פרייד מיינע אין שטוב, זע נאָר, דיין קאָפּ איז באַדעקט מיט דער טוי פון חרמון, אויך דיינע קליידער זיינען פייכט, דעריבער, מיין ליכט און פרייד, קום מיט מיר, וועל איך דיך אַריינפירן אין מיינע וואוינונגען און וועל דיר מאַכן אַ גלוסטיקנשפּייז צו עסן. דו ביזט דאָך מיינער און איך—דיינע, ווי אַזוי זשע קען איך צו־קוקן און זען ווי דו ביזט הונגעריק, און וואו האָסטו געגעב־טיקט, דניאל, מיין גלוסטיקער?

—אויף אַ זאַפּטיקן ציפּריסבוים—האָט דניאל געענטפערט.

—נישט קיין זיכער אָרט האָסטו געהאַט, ליבער—האָט שולמית געענטפערט מיט אַ שמייכל—ווען איך וואָלט דאָס געוואוסט, וואָלט איך דיך אַריינגענומען אין מיין וואוינונג, מיין דער־ציער, דער מאַן פון מיין מוטער, זיין ווייב, אויך יהושבע און מיין ברודער צפניה זיינען איצט אין גלעד, און אונזערע וואוי־נונגען זיינען איצט איבערגעלאָזט פאַר מיר, מיין זייגערין און די איבעריקע איינוואוינער פון אונזער הויז, און איך וועל פון זיי פאַרהוילן דיין נאָמען און וועך דו ביזט, ביי זיי וועסטו זיין ווי אַ פרעמדער גאַסט, וואָס האָט דאָ אָפּגעטרעטן צו נעכ־טיקן. און דיר—מלאך מיינער, וועל איך שיקן צו באַשירמען מענטשן, וואָס זיינען באַשטימט: מציל צו זיין עדהן, די שוועס־טער פון מרים, וואָס זיצט געפאַנגען אין פאַלאַץ פון אויס־וואורף זכרי און חפציבה, וואָס איז גרייט אַרויסצוגיין פון גלעד, און אונטער דער שטאָט וועט איר די שווערד אומברענ־גען. דאָס האָב איך זיך דערוואוסט פון אבישגן. אַזוי אויך האָט זי שטאַרק באַרעדט פאַר מיר אַ יונג אַן אויסוואורף, זיין נאָמען איז צדקיהו, איינער פון דער חברה פון די בית־אלער כהנים, וועגן וועלכן איך האָב זיך איצט דערוואוסט, אַז ער איז אַ זון פון שמירן, און ער צאָרנט אויף זיין פאָטער, וואָס האָט אים כאַרלאָזט און איז איצט גרייט אומצוברענגען מענטשן ווי אַ ווילדע חיה. דעריבער, טייערער מיינער, שלאָג אים איבער דעם וועג, וואָרום ווען נישט דאָס, וואָס גאָט האָט דיך צו מיר צוגעשיקט, וואָלט איך אַליין אויפגעגאַנגען קיין גלעד צו וואָרענען חפציבה פון דעם שלעכטס, וואָס וואַרט אויף איר, איצט אָבער האָף איך, אַז דיין מויל וועט זיין ווי מיין מויל. ס׳וועט נאָך זיין צייט צו זיצן אָפּגעזונדערט אינדערהיים, נישט אַזוי, גליק מיינס?

און דניאל האָט זיך געוואונדערט אויף איר גוטהערציקייט, האָט זי געקושט אויף די ליפּן, און שולמית האָט אים ווידער געפרעגט:

—ווען וועסטו מיך נעמען, ליבער מיינער, אויף צו וואוינען מיט דיר אויף שטענדיק?

—ווען?—האָט דניאל געענטפערט מיט אַ זיפץ אויפהייבנדיק די אויגן צום הימל:—מיר ווילן טאַקע צואיילן דעמדאָזיקן טאָג, אָבער אַן אייזערנע וואַנט שטייט נאָך צווישן מיר און דיר, גאַרונג פון מיין האַרצן, און מיר וועלן רופן צו גאָט, ער זאָל די וואַנט צעוואַרפן, און ווי עס זעט מיר אויס וועט דאָס געשען אין חודש ניסן, אין דעם ערשטן טאָג פון ערשטן חודש, וועל איך קומען אַהער און וועל דיך אַוועקנעמען קיין ירושלים און דיך פאָרשטעלן פאַרן קעניג, און וועל אים בעטן ער זאָל בענטשן אונזער בונד און אונז באַזעצן אויף דער נחלה פון מיין פאָטער, און איך האָף אַז ער וועט נישט פאַרמיידן דאָס גוטס פון עזריקמס זון און אלקנהס טאָכטער.

אַזוי ווי ער רעדט אַזוי און יואח זיין יונג גייט נאָך איינעם אַ גלוסטיקן מאַן און שולמית האָט אויפגעהויבן אירע אויגן און געזאָגט:

—אָט און דער איינזאַמער קומט פון העכסטן פעלזבאַרג. דערי־בער קום, מיין ליבער, און איך וועל דיך אַריינברענגען אין מיינע וואוינונגען.

און דניאל איז מיט איר אַריינגעגאַנגען. און שולמית האָט אַנטפלעקט פאַר איר זייגערין ווער דער בחור איז, און זי האָט באַפוילן די דינער און דינסטן צו שעכטן אַ שעכטונג און צו־גרייטן זיסע שפייזן. און ס׳איז אין שטוב קיין וואונדער נישט געוועזן, ווארום אַזוי איז מען דאָרט געוואוינט געווען, עס זאָל קומען אַהין פרעמדע אורחים און מען זאָל זיי גוט אויפנעמען.

# א.

דניאל האָט איבערגענעכטיקט אין מנוחס וואוינונג און צו־מאָרגנס, האָט זיך דניאל געוואָלט לאָזן אין וועג אַריין, נאָר שולמית האָט אים פאַרהאַלטן נאָך צוויי טעג. נאָכדעם ווי דניאל איז דאָרט געזעסן דריי טעג, האָט ער זיך צעשיידט מיט זיין האַרצנסגעליבטע שולמית און ביידע האָבן געוויינט, און דניאל האָט איר באַרואיקט און איר צוגעזאָגט צוריקצוקערן צו איר אין פרילינגס־חודש, נאָכדעם ווי ער וועט זען אליפלטן. האָט שולמית אים באַלייט ביז צום גרויסן באַרג און צוריקגע־קערט אין איר הויז.

און דניאל האָט זיך געאיילט אין וועג, און ער האָט באַגעגנט אין אַן אָרט און געזען: איינער אַ בחורל אַ העלדישער און שיי־נער, די לאָקן פון זיין קאָפּ נידערן אַראָפּ אויף זיינע אַקסלען, זיין פּנים איז פול מיט יוגנט, און צוויי דינער זיינען מיט אים. אַלע דריי ביי־זאַמען פאַשען זייערע אייזלען און אַ פאַר־שייטער הונט היערט פאַר זיי. און אַז ער האָט דערזען ווי אַ פרעמדער געגענט, האָט ער זיך צעבילט. און דער בחורל

האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן און אויסגערופן:
—אָך! וועמען מיינע אויגן זעען! דניאל מיין חבר און פריינט! פון וואַנען קומסטו? די לויפער, וואָס יהושבע האָט צו מיר געשיקט, האָבן מיר שוין אַ ביסל דערציילט וועגן דיר, און געלויבט איז גאָט, וואָס איך זע דיך אַ פרייען.
—אָך! אליפלט מיין טייערער!—האָט אויך דניאל אויסגערופן—ווי טייער ביזטו מיר, וואָס גאָט האָט דיך צוגעשיקט פאַר מיר, אין דער צייט, וואָס עס טראַכט מיין האַרץ וועגן דיר.
אַזוי האָט ער געזאָגט, און געפאַלן אויף זיין האַלז. האָבן זיי זיך צעקושט און דניאל האָט געזאָגט צו אים:
—איצט זאָג מיר, צי האָט גאָט באַגליקט דיין וועג און וואוהין גייסטו?
—כ'דאַנק גאָט, וואָס ער האָט מיך געפירט אויפן גוטן וועג—האָט אים אליפלט געענטפערט—וואָרום מיט די שטאַרקע האָב איך געטיילט דאָס רויב פון אַרם און מיט אַ סך פאַרמעגן וועל איך צוריקקערן קיין ירושלים. און איצט זאָג מיר אויך דו, וואָס מאַכט די געשעצטע מרים און וואָס טוט קציעה די גאַרונג פון מיין האַרצן. נאָר צום ערשטן לאָמיך נאָר וויסן פון וואַנען קומסטו און וואוהין גייסטו?
און דניאל האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט, האָט אים דערווייטערט פון די דינער און געזאָגט:
—אויף דעם ריכטיקן וועג האָט מיך גאָט געפירט צו די בערג פון פרידן און געבענטשטן טאָל, און איך דערהער די שטים פון אַ מיידל וואָס בעט צו גאָט פאַר איר האַרצנסגעליבטן, וואָס זי האָט געזען אין געפאַנגענשאַפט און איך האָב זי דערקענט, דאָס איז די שיינע און באַחנטע, וואָס איך האָב געזען, ווען איך בין דורכגעגאַנגען גלעד און פון וועלכער איך האָב כסדר געטראַכט. האָב איך זיך געגעבן צו דערקענען צו איר מיט מיין ריכטיקן נאָמען: דניאל דער זון פון עזריקם. און איך בין געווען אין אירע אויגן ווי אַ מלאך פון גאָט, און זי איז צו מיר צוגעזאָטן געוואָרן. זי האָט זיך מיר געגעבן צו דערקענען מיט איר נאָמען: שולמית די טאָכטער פון אלקנה דעם שני

למלך, זי איז די שוועסטער פון קציעה דיין געליבטע. דריי טעג האָב איך מיט איר פאַרבראַכט און בין געווען ווי אין חלום. כ׳האָב געוויינט און געלאַכט פון גרויס גליק.
—איך האָב שוין געהערט פון די לויפער—האָט אליפלט געענט־פערט—אַז דו ביזט אַריינגעפאַלן געפאַנגען צו רעומהן, וואָס האָט פאַרלאַנגט׳ פאַר דיר אַ סך אויסלייזגעלט און אויך מיך אַליין, און יהושבע האָט צו מיר געשיקט באַגלייבטע לויפער און מיך געוואָרנט נישט צו גיין דורך גלעד די שטאָט פון זינד, טאָמער וועל איך אַריינפאַלן אין נעץ, וואָס רעומה האָט אויסגעשפרייט פאַר מיר. און איך ווייס, אַז רעומה זוכט נישט צו נעמען מיין לעבן נייער מיין ליבע זוכט זי, זאָל איר נע-מען דער טייוול נאָר נישט איך, איך בין פאַר קציעהן און קציעה—פאַר מיר. איצט זאָג מיר, ווי אַזוי האָט דיך רעומה פריי געלאָזט, האָט זי גענומען פאַר דיר אויסלייזגעלט?
און דניאל האָט אים דערציילט, אַז רעומה האָט אים געשיקט צו שולמיתן, כדי צו לאָקערן אויף אליפלטן.
—אָבער אויך איך בין קלוג—האָט דניאל ווייטער גערעדט—ווען איך האָב איר געוויזן אַז ס׳איז שטאַרק מיין ליבע צו איר, און זי ווייסט נישט, אַז איך האָב געזוכט איר נאָענטשאַפט צו־ליב איר פאָטער זכרי, כדי איך זאָל אים קענען אומברענגען און פריי לאָזן עדהן, די שוועסטער פון מרים, דיין וואוילטע־טערין. און איצט טייערער אליפלט, גיי איך צוריקצוקערן קיין ירושלים, איך וועל זיך אָבער נאָך פאַרהאַלטן אין גלעד, וואָ־רום איך קען נישט אָפטרעטן פון רעומהן, ביז איך וועל אויס־פירן מיין שבועה, וואָס איך האָב געשוואוירן וועגן זכרין. דעריבער—דאָס וואָס איך האָב געדאַרפט טאָן, טו דו: איינע אַ פרוי זיצט אין גלעד, איר נאָמען איז חפציבה. אַמאָל איז זי געווען זכריס ווייב, און קטורה, רעומהס מוטער, האָט אויף איר געבראַכט גרויס שלעכטס, און ווען נישט עוזיאל, מרימס מאַן, וואָלט זי שוין נישט געלעבט. ס׳איז איצט נישט קיין צייט דיר אַלץ צו דערציילן, וואָרום עס איז פאַר איר איצט ווידער אָנגעבראַכט שלעכטס דורך רעומהן. פון מיין געליבטע

שולמית האָב איך עס געהערט, און זי האָט זיך דאָס דערוואוסט פון אבישג, וואָס האָט ליב צדקיהון, איינער פון דער חברה פון בית־אלער כהנים, וואָס האָט מיך די גאַנצע צייט געגנאַרט. צדקיהו האָט נישט געוואוסט זיין אָפּשטאַמונג. איצט האָט ער זיך דערוואוסט, אַז ער איז שמירס אַ זון. און ער האָט חשק צו נעמען שולמיתן, און אבישג האָט חשק צו אים. אבישג איז געליבט פון איינעם אַ בחור, און פון אים האָט זי זיך דערוואוסט, אַז צדקיהו מיט זיינע צוויי חברים לאָקערן אויף חפציבה, ווי שלאַנגען אויפן וועג, ווען זי וועט צוריקקערן אין איר שטאָט נוב. דעריבער, פריינט מיינער, פאַרלויף די רוצחים דעם וועג און ברענג זיי אום. וואָרום דער אויסוואורף צדקיהו וויל שלעכטס טאָן אויך מרימן. זע, פריינט מיינער, גרויסע זאַכן האָב איך דיר דערציילט און איצט אייל זיך צו ראַטעווען אַ מענטש פון טויט. יהושבע האָט חפציבהן געוואָרנט דעריבער וועט זי מיט זיך מיטנעמען פינף מאַן, זיי זאָלן איר באַלייטן ביז דער גרענעץ פון יהודה, אָבער ווער ווייסט צי זיי וועלן זי אָפּראַטעווען? דו ביזט דאָך אַ העלד און וועסט זיך אַן עצה געבן מיט די בלוטיקע לייט. און איצט זאָג מיר, וואָס זאָל איך זאָגן רעומהן, אַז איך וועל צוריקקומען? צי זאָל איך איר זאָגן, אַז איך האָב דיך געזען?

—זאָג איר, אַז דו האָסט מיך געזען—האָט אליפלט געענטפערט—און האָסט געפונען, אַז מיין האַרץ איז פאַרליבט אין איר. זאָג איר, אַז איך האָב זייער געוואָלט צוריקקערן צו איר, נאָר איך האָב זיך באַטראַכט צוריקצוקערן קיין ירושלים אָפּצונאַרן מרימן, זאָגנדיק איר, אַז איך גיי מיר נעמען שולמיתן פאַר אַ ווייב כדי זי זאָל מיר מאַכן ירשענען אַ גרויס פאַרמעגן, און איך וועל נעמען מיינע אוצרות און וועל מיט זיי קומען צו רעומהן צו געפונען ליטזעליקייט אין אירע אויגן. זאָג איר, אַז צוליב איר וועל איך דאָס טאָן און זאָגן אין ירושלים, אַז דו ביזט אַריינגעפאַלן אַ געפאַנגענער צו איר אין די הענט, כדי מען זאָל דיך קומען אויסלייזן, און אַז איך האָב דיך באַשוואוירן צו דערוועקן אין איר האַרץ ליבע צו מיר. אַזוי זאָלסטו איר

זאָגן, כדי זי צו באַרואיקן און זאָלסט מיר וועגן דעם שרייבן, כדי איך זאָל וויסן ווי איר אָפּצונאַרן און זי וועט וויסן מיין האַנט און קראַפט. און אויך צדקיהו וועט מיך דערקענען, אַז מיין האַנט וועט זיך אַראָפּלאָזן אויף אים.
אַזוי האָט געזאָגט אליפלט. און ער האָט גענומען אַ קאַלב, האָט עס צעשניטן אויף צווייען, און ער האָט אָנגענומען דניאלן ביי דער האַנט און אים דורכגעפירט צווישן די שטיקער, און ער האָט געזאָגט צו אים: זע איך האָב געמאַכט מיט דיר אַן אָפּמאַך, דו זאָלסט נישט צונעמען קציעהן, מיין האַרצנסגעליבטע און נישט פאַרלאָזן איר שוועסטער שולמית צוליב איר. גאָט איז אַן עדות צווישן מיר און דיר.
האָט דניאל געענטפערט:
—גאָט איז אַן עדות!
האָט אליפלט געזאָגט:
—איצט איז מיין האַרץ רואיק און זיכער אין דיר. גיי און קער צוריק קיין גלעד, טאָמער וועסטו אין געהיים זען יהושבען, זאָלסט איר נישט דערציילן וועגן מיין צוריקקערן קיין ירושלים, וואָרום ס׳וועט איר נישט ניחא זיין דאָס, וואָס איך וועל זען איר טאָכטער קציעה, און איך גיי מיין וועג קיין ירושלים, צו זען מיט פרייד מרימן און קציעהן.
און דניאל איז געפאַלן אליפלטן אויפן האַלז, און זיי האָבן זיך געקושט. און דניאל האָט געזאָגט:
—גאָט זאָל באַגליקן דיין וועג.
און אליפלט נאָכדעם ווי ער האָט זיך געשיידט מיט דניאלן, איז ער געגאַנגען זיין וועג. און ס׳האָבן אים געגעבן די האַרן פון אַשור זעלנער, זיי זאָלן אים באַלייטן ביז דער גרענעץ פון יהודה. און ס׳איז געווען, ווען ער איז געווען אין וועג, און ער האָט זיך דערוואוסט פון איינעם אַן איינוואוינער אין ציון, וואָס איז אים אַקעגנגעקומען, אַז שמיר איז געשטאָרבן, פאַר זיין טויט האָט ער זיך מתודה געווען אויף זיינע זינד, וואָס ער האָט געזינדיקט אַנטקעגן זיין טאָכטער מרים, און זיין פעלשונג וואָס ער האָט געפעלשט אין איר מוטער דבורה, זיין

ווייב, וואָס האָט אים דערהויבן. אויך אין זיין פעלשונג, וואָס ער האָט געפעלשט אין יהודה און ירושלים האָט ער זיך מתודה געווען.

—און איך—האָט דער מענטש פאַרענדיקט זיינע רייד—איך טראָג בריוו צו יהושבען, וועגן דניאלן, וואָס איז געפאַנגען אין אפרים, און וועגן עדהן מרימס שוועסטער.

און אליפלט האָט געבעטן דעם מענטש, ער זאָל נישט דער־ציילן די האַרינטע יהושבע, אַז אליפלט האָט צוריקגעקערט קיין ירושלים. און איז ווייטער געגאַנגען זיין וועג.

—דיין באַפעל וועל איך אָפּהיטן—האָט אים דער מענטש געענט־פערט און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין מוילאייזל און אַוועקגעריטן זיין וועג.

און אליפלט איז געגאַנגען און די זעלנער וואָס זיינען גע־גאַנגען מיט אים האָבן אים באַלייט ביז יהודה. דאָרט האָבן זיי אים פאַרלאָזט אין האַלבע נאַכט האָט אליפלט מיט זיינע דינער אָפּגעטרעטן אין אַ גאַסטהויז, וואָס איז געשטאַנען צווי־טויזנט איילן פון לאַנד יהודה. מען האָט אים דאָרט דערלאַנגט עסן, און געסט קומען אָן, און אַ קול פון אַ פרוי, וואָס רעדט צו זיי הערט זיך פון דרויסן, זי זאָגט צו זיי:

—געלויבט איז גאָט, וואָס איך בין שוין געקומען ביז אַהער, דאָ בין איך שוין זיכער און האָב קיין מורא נישט. דעריבער באַט אייך אייער געצעלטס און קערט אייך אום קיין גלעד.

און איך—האָט איינער געענטפערט—איך וועל אויפגיין קיין ירושלים.

—גיי חפציבה און קום בשלום קיין ירושלים!—האָט זיך געהערט ווי מענטשן האָבן געענטפערט

—„אָט קומט דאָס, פון וועלכן ס'האָט גערעדט דניאל"—האָט אליפלט אַ טראַכט געטאָן. „דאָ אָבער איז אַ זיכער רואיק אָרט".

אַזוי ווי ער טראַכט אַזוי און אַ פרוי אַ מאָגערע קומט אַריין אין גאַסטהויז און נאָך איר—דער אויפזעער פון איר הויז, איר

דינסט און נאָך איינער. די פרוי האָט געזען ווי אליפלט זיצט און עסט, האָט זי באַטראַכט אים און זיינע דינער און אים געפרעגט:

—פון וואַנען ביזטו, מיין האַר?

—כ'בין אַ זון פון יהודה—האָט אליפלט געענטפערט—און איך קער צוריק פון אַרם. און אַז די פרוי האָט געהערט, אַז ער איז אַ זון פון יהודה, האָט זי זיך באַרואיקט און זי האָט געזאָגט:

—דו קערסט צוריק פון לאַנד פון שונא, ביזט נאָך יונג און ווייסט שוין צו ליידן שאַנד פון פיינט. נאָר די שאַנד האָט זיך אומגעקערט אין זייער שויס.

—יאָ,—האָט אליפלט געענטפערט—פאַרשטערט איז געוואָרן דאָס קעניגרייך פון אַרם און דער קעניג פון אַשור האָט געזעצט זיינע האַרן אין אַרם, האָט אַוועקגעשטעלט מיליטער אין אַלע גרויסע שטעט אירע, און דאָס אַלץ האָבן מיינע אויגן געזען! אָבער זאָג מיר פון וואַנען קומסטו, און וואוהין גייסטו?

—פון גלעד קום איך—האָט די פרוי געענטפערט—און אין מיין לאַנד יהודה קער איך צוריק. אַכט אומזיסטע חדשים בין איך געזעסן אין גלעד און זיך געהיילט ביי די פאַלשע רופאים און ס'האָט מיר גאָרנישט געהאָלפן. די גאַנצע צייט, וואָס איך בין דאָרט געווען, האָב איך אַלע מאָל געציטערט פאַרן לעבן. און צוריקקערנדיק אַהיים, האָב איך מיר געדונגען פינף מאַן, וואָס האָבן מיך באַלייט ביז אַהער. פון דאַנען האָבן זיי צוריקגעקערט קיין גלעד. און ווען דער מאָרגנשטערן וועט אויפגיין, וועל איך מיך לאָזן אין וועג אַריין צוזאַמען מיט מיין הויזאויפזעער, דינסט און איינעם אַ גלעדער, וואָס האָט מיך צו באַלייטן ביז נוב, מיין וואוינשטאָט. און אַז גאָט וועט באַוויליקן ווען איך מאָרגן מיטן טאָג צוגלייך זיין אין דער גרענעץ פון יהודה.

און די פרוי האָט זיך געגעבן צו אים צו דערקענען מיט איר נאָמען חפציבה. און זי האָט אים דערציילט פון אַלעם, וואָס עס האָט מיט איר פאַסירט. ווי אַזוי זי איז געווען אַ ווייב פון

זכרין און וואָס זי איז זיך אויסגעשטאַנען פון קטורהן. און אַ לאַנגע צייט זיינען זיי געזעסן און געשמועסט. ביז אליפלט איז אויפגעשטאַנען און געזאָגט:

—איך האָב נאָך מיט דיר אַ סך צו ריידן, נאָר איך בין זייער מיד און עס ציט מיך צום שלאָף. דעריבער וועל איך מיך לייגן. און אויב דו ווילסט נישט וואַרטן אויף מיר מיטן אַוועק־גיין פון דאַנען, וועל איך זיין אין נוב און זיך זען מיט דיר.

—גיי און שלאָף געזונט—האָט חפציבה געענטפערט—איך אייל זיך שטאַרק אַוועקצוגיין, ווי נאָר עס וועט אויפגיין דער מאָרגנ־שטערן, וואָרום אַלע מיינע נאָענטע וואַרטן אויף מיר. דו שלאָף זיך אויס, און ווען דו וועסט זיך אויפכאַפּן זאָלסטו זיך גיין רואיק דיין וועג, אפשר וועסטו מיך נאָך דעריאָגן, וועלן מיר גיין צוזאַמען.

און אליפלט, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ זיכער אָרט, נאָענט צו דער גרענעץ פון יהודה, האָט גאָרנישט געטראַכט, אַז ס׳איז דאָ פאַר וואָס זיך צו שרעקן—האָט ער זיך געלייגט און אַנ־שלאָפן געוואָרן. און חפציבה, איר אויפזעער און איר דינסט זיינען מיטן מאָרגנשטערן אַרויסגעגאַנגען פון גאַסטהויז און זיך געזעצן ריידנדיק אויף זייערע קעמלען. און איינער פון די גלעד־לייט, וואָס איז געבליבן, איז אויך מיט זיי געגאַנגען.

זיי האָבן זיך דערווייטערט פון גאַסטהויז און געגאַנגען פאַרביי אַ וועלדל, און פּלוצלונג קומען אַרויס פון צווישן די ביימער צוויי יונגען, איינער פון זיי איז אַ נעגער און ביידע זיינען באַוואָפנט מיט שווערדן און שפּיזן.

—לייג דו, צדקיהו, אַוועק דעם אויפזעער,—האָט דער נעגער געזאָגט—און איך וועל זיך נעמען צו דער פרוי.

און ס׳איז געווען, אַז חפציבה האָט דערזען דעם נעגער און איז שטאַרק דערציטערט געוואָרן און האָט אים באַגריסט מיט פרידן: גוט מאָרגן!

און ס׳האָט געענטפערט דער נעגער:

—גוט מאָרגן, גוט יאָר.

—אַזוי האָט ער געזאָגט, און געגעבן אַ שלעפּ אַרויס די שווערד פון שייד און זי אַריינגעזעצט אין אויפזעערס האַרצן. דער אויפזעער איז אַראָפּגעפאַלן פון קעמל, געפאַלן אויף דער ערד און זיך געבאָדן אין אייגענעם בלוט, און טויטשרעק איז באַפאַלן חפציבה און זי האָט געשריגן צום גלעדער און גערופן:

—העלף מיר, האַר מיינער!

—ווי אַזוי זאָל איך דיר העלפן—האָט דער גלעדער געענטפערט—ווי אַזוי זאָל איך זיך קעגנשטעלן קעגן צוויי?

—וויי געשריגן!—האָט חפציבה אויסגערופן, און אַראָפּגעקוילערט זיך פון קעמל. און דער נעגער האָט זי אָנגעכאַפּט און זי אַריינגעשלעפּט אין וועלדל, און זי האָט זיך געבעטן ביי צדקיהון און געזאָגט צו אים:

—דו ביזט דאָך אַ מענטש, נישט קיין ווילדע חיה. דערבאַרם זיך אויף מיין לעבן. וואָרום וואָס וועסטו האָבן פון מיין פאַרגאָסענעם בלוט?

—אומזיסט איז דאָס בעטן—האָט צדקיהו געענטפערט—וואָרום די אויערן פון דעם נעגער זיינען טויב צום הערן.

און דער נעגער האָט געשמייכלט און אַזוי געזאָגט:

—האָב נישט מורא נאַרישע פרוי. ציטער נישט, פאַרוויאַנעטער בלאַט, דאָס גאַנצע לעבן דיינס פאַרברענגסטו אין ווייטאָק, האָסט זיך אַ סך אָנגעליטן. ביזט געוועזן ביי די רופאים פון גלעד און זיי האָבן דיר נישט געגעבן מער, ווי האַרצווייטאָק, און איך, דיין אויסלייזער, האָב געזען אַז דו פּייניקסט זיך, דיין לעבן איז ווי אַ שאָטן, בין איך געקומען מאַכן אַ סוף צו דיינע ווייטאָקן און וועסט פאַרשפּאָרן צו גיין קיין גלעד צו די רופאים.

אַזוי ריידנדיק האָט ער איר מיט שטריק צוגעבונדן צו אַ בוים און געזאָגט:

—אַזוי וועכטו רוען אויף אייביק, אומגליקלעכע פרוי, און וועסט מער נישט ליידן. דאָ וועסטו רוען אין שאָטן, וועסט אָטעמען

מיט פרישע לופט און די הימלען וועלן אויף דיר טריפן מיט טוי און דאָס וועט זיין אַ דערקוויקונג צו דיינע ביינער.

און חפציבה, וואָס איז אויסגעגאַנגען פון שרעק און פאָרכט, האָט זיך דערוועקט, און אָנגעהויבן ביטער צו שרייען מיט די לעצטע כחות אירע, און צדקיהו האָט געזאָגט צום נעגער:

—פאַרשטופּ איר דאָס מויל מיט בלאָטע, אין זאָל מען איר שטים נישט הערן. ווער וואָלט געגעבן און אַזוי זאָלן מיר זען מרימן געבונדן, שרייען און קיינער זאָל איר העלפן נישט קענען.

—מיר וועלן עס נאָך דערלעבן צו זען אין איר, אויך אין איר פאָטער שמיר!—האָט דער נעגער געענטפערט,

חפציבה האָט שוין געמיינט, אַז זי איז אַ פאַרפאַלענע, און עס דערהערט זיך דאָס בילן פון אַ הונט פון צווישן די ביימער אין וואַלד. דער נעגער האָט זיך דערוועקט. אויסגעשטרעקט זיין שווערד און ער שטייט גרייט קעגן דעם וואָס קומט אָן. אַזוי האָט אויך געטאָן צדקיהו און דער גלעדער האָט זיך געפּריווט אַנטלויפן וואָרום ער האָט נישט געהאַט קיין געווער. ער האָט אָבער נישט געקענט אַנטרונען ווערן: וואָרום ער איז אַריינגעפאַלן צו אליפלטן און זיינע דינער און זייער שווערד איז אַריין אין זיין האַרצן. און אליפלט איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער שטים פון זיין הונט און זיינע צוויי יונגען נאָך אים. און זיי זיינען אָנגעקומען צום אָרט, וואו חפציבה איז געווען צום בוים צוגעבונדן, און דער נעגער מיט צדקיהון שטייען אַקעגן זיי. און אַז אליפלט האָט דערזען דעם נעגער, האָט ער זיך רעדמאָנט אין דעם נעגער, דעם רוצח, וואָס האָט געוואָלט אומברענגען חפציבה נאָך אין איר יוגנט. און זיין צאָרן האָט זיך ווי פייער אויפגעפלאַקערט, האָט ער אויף אים אַ שפּרונג געטאָן מיט אַן אויסגעצויגענער שווערד. דער נעגער מיט צדקיהון האָבן זיך קעגנגעשטעלט, אָבער אליפלט האָט אַריינגערוקט זיין שווערד אין נעגער, אַריינגעזעצט אַזוי שטאַרק, אַז ס׳איז אַריין דאָס הענטל נאָך דער קלינג און ער איז באַלד געפאַלן, און צדקיהו האָט זיך געלאָזט לויפן גיך ווי אַן אינד. אָבער די יונגען אליפלטס האָבן אים נאָכגעיאָגט און געכאַפּט, און האָבן

אים געשלאָגן און געהרגעט ביז צום טויט. און אליפלט האָט באַפוילן צו נעמען די טויטע און זיי באַהאַלטן אין זאַמד. האָבן זיי אַזוי געטאָן. דערנאָך האָט אליפלט געגעבן צו חפציבה און זי אָפּגעבונדן, און די אומגליקלעכע איז צו זיך געקומען און זי האָט אויפגעהויבן די הענט און גאָט געדאַנקט און זי האָט דערציילט אליפלטן די רייד פון דעם נעגער און צדקיהון, אַז זיי האָבן געטראַכט אומצוברענגען מרימן.
און אליפלט האָט געזאָגט: איך וועל דיך אָפּפירן אַהיים, וועל זיך דאָרט זיצן אין געהיים אין מיין צימער, פאַרהוילן פון די דאָרטיקע איינוואוינער, און וועל פון דאָרט שיקן מיינע פיילן אין האַרץ פון די פאַרשאָלטענע וואָס ווילן דיר שלעכטס טאָן.

און אליפלט האָט אַרויפגעזעצט חפציבה אויפן קעמל, און האָט אָנגעטאָן אויף זיין פּנים אַ מאַסקע, כּדי מען זאָל אים נישט דערקענען און מיטן זונאויפגאַנג זיינען זיי אַרויס פון דער גרענעץ פון אפרים און זיינען זיך געגאַנגען זיכער זייער וועג ביז זיי זיינען געקומען קיין נוב. דאָרט איז אליפלט געזעסן פאַרבאָרגן אין זיין געצעלט פּיפצן טאָג, ביז חפציבה איז צו זיך געקומען.

## ב.

שמיר איז געווען אַ האַרטער פֿאַרדאָרבענער מענטש. זײַן שלעכטקייט איז דאָך באַוואוסט פֿאַר אַלע, וואָס האָבן אים געקענט. און כאָטש ער האָט באַטריבט דאָס האַרץ פֿון מרימן, זײַן צאַרטע טאָכטער, האָט זי אים קיינמאָל נישט פֿאַר־ביטערט און נישט טרויריק געמאַכט זײַן געמיט, און אַז ער איז געשטאָרבן האָט זי אויף אים געטרויערט דרייסיק טעג. און וויינענדיק אויף איר פֿאָטער, האָט זי געוויינט אויף איר פֿאַרוואָגלטן מאַן.

איינאונצוואַנציק טאָג אין עלפֿטן חודש האָבן זיך געענדיקט די טרויער־טעג נאָך איר פֿאָטער און דערדאָזיקער טאָג איז גע־ווען דער געבורטסטאָג אירער. און זי האָט געשיקט רופֿן קציעהן, די טאָכטער פֿון שני למלך אלקנה און תּרצהן, דאָס ווײַב פֿון ידידיה, דעם שאַצהאַר פֿון קעניג, זיי זאָלן עסן און טרינקען מיט איר דעם טאָג, וואָס איז געווען מיט זײַן ליכטיקייט און וואַרעמקייט ווי אַ פֿרילינגסטאָג. דאָ און דאָרט האָט שוין אָנ־געהויבן שפּראָצן. די פֿענסטער זײַנען געשטאַנען אָפֿן, און אונ־

סעך דער ריינער וואַרימקייט און ליכטיקייט, האָבן זיך יונגלעך און מיידלעך געשפּילט אויף די גאַסן פון ירושלים, וואָרום די צייט פון שפּילפויגל איז געקומען.

און מרים האָט אָנגעקליידט אירע גלוסטיקע קליידער, און אירע דינסטן האָבן אויסגעשטעלט אויפן טיש אַלערליי שפּייזן און זיסע זאַכן, און דער יונג מגדיאל דער אדומער, האָט געגענגט צו איר און געזאָגט:

—ווען ס'איז אויפגעגאַנגען דער מאָרגנשטערן, איז אַהער אָפּגעטרעטן איינער אַ מאַן, אַ חברונער און האָט מיר געגעבן דעמדאָזיקן פאַרחתמעטן בריוו, איך זאָל אים איבערגעבן דיר, האַרינטע מיינע. און איינער פון אפרים איז געקומען און געבעטן דיר זאָגן, אַז אַ געהיימע זאַך האָט ער צו דיר. צי זאָל ער אַריינקומען אין שטוב?

—אַ געהיימע זאַך צו מיר?—האָט מרים געענטפערט מיט וואונדער—אָבער, זאָל ער אַריינקומען און לאָמיך הערן זיינע רייד. אפשר וויל ער זיין מיין הויזשפּייזער אויפן אָרט פון דעם, וואָס איך האָב פון מיר פאַרטריבן.

דאָס האָט זי געזאָגט און געעפנט דעם בריוו, און ער איז פון איר חברטע יהושבע, און איידער זי האָט אים גענומען לייענען—און אַ מענטש, וואָס האָט שוין גרויע האָר, האָט גענענגט צו מרימן און געזאָגט:

—אַ מאַן פון אפרים בין איך און איך האָב אַ געהיימע זאַך צו דיר, צאַרטע געשעצטע האַרינטע, נאָר איך האָב מורא צו עפּענען מיינע ליפּן.

האָט מרים צו אים געזאָגט:

—און אויב דו ביזט אַ שרעקעדיקער, וואָס זשע ביזטו געקומען מיר שטערן פון מיין אַרבעט?

און דער מאַן האָט אָפּגעזיפצט, האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן און האָט געזען אַז ס'איז נישטאָ קיינער פון די באַדינערס און דינסטן, האָט ער אויפגעהויבן זיין שטים און געזאָגט:

—די זין פון אפרים האָבן דאָך פיינט זייערע ברידער—די זין

פון יהודה, אָבער איך בין נישט אַזוי, גאָט, וואָס רוט אין ציון איז מיין עדות, אַז ערלעכקייט איז מיין וועג און אמת רעדט מיין מויל. אָבער דער, וואָס האָט מיך געשיקט, האָט מיר באַפוילן אַזוי צו זאָגן: היט דיין מויל פאַר אַ שטיין אין וואַנט און פאַר די ווענט פון הויז. און דער נאָמען פון דעם מענטש, וואָס האָט מיך געשיקט איז ביי דיר טייערער פון אַלע טייערקייטן. ווי באַחנט, צאַרטע האַרינטע, און ווי שיין ביזטו געוואָרן, און ווי פרייען וועט זיך דיין מאַן עוזיאל אויף דעם חן פון דיין שיינקייט, וואָרום פון אים בין איך אין געהיים געשיקט צו דיר, צו זאָגן דיר, אַז ער פאַרבאָרגט זיך אין אפרים און קיינער, אַחוץ מיר, ווייסט נישט זיין באַהעלטעניש וואָרום פון מיין ברויט טוט ער עסן, און פון מיין טרינקעכץ-טרינקען. און ער האָט מיר געזאָגט: גיי צו מרים מיין ווייב, מיין האַרצנסגעליבטע, און זאָג איר: אַזוי האָט געזאָגט דיין מאַן עוזיאל: אַ סך האָב איך זיך אָנגעליטן אין די יאָרן פון מיין וואָגלעניש און איצט, אַז איך האָב צוריקגעקערט פון ווייטן לאַנד, באַהאַלט איך זיך אין לאַנד אפרים, און איצט, געדענק מיר, טויב מיינע, אויך היינט דעם געגנאָד פון דיין יוגנט, דיין ליבע, געדענק דאָס צו דיין מאַן, וואָס דו ביזט זיין גאַנץ לעבן, און פאַרלאָז דיין נעסט, זיך צו פרייען מיט אים, דאָרט, וואו ער איז. קום צו פליען אויף די ליבע-פליגל, וואָרום צו דיר גייט אויס זיין האַרץ.

און מרים האָט געהערט דידאָזיקע רייד פון חן און געבעט אין נאָמען פון איר מאַן, און זי האָט געוויינט און געזאָגט:

—זאָלסט נישט מיינען, זון פון אפרים, אַז איך וועל גיין מיט דיר צו זען מיין מאַן, און זיי וויסן, אַז לויטן באַפעל פון קעניג קען איך נישט ארויסגיין ווייטער פון דער שטאָט-מויער, וואָרום איך שפיל מיטן לעבן. און איצט-ווען איך ווייס, אַז דיינע רייד זיינען ריכטיק, וואָלט איך זיך געטראַכט: איך וועל פליען ווי אַ טויב צו מיין מאן און זאָל זיין, וואָס עס וויל זיך. דעריבער גיב מיר אַ ריכטיקן צייכן, אַז דאָס אַלץ האָט ער דיר געזאָגט און איך וועל נישט קוקן אויף דער טויט-

שרעק. איך וועל אים זען און זאָגן: איצט קאָן איך שטאַרבן, אָבער גיב מיר אַ ריכטיקן צייכן, אַז ער האָט דאָס דיר געזאָגט, וואָרום איידער ער איז אַוועק פון מיר, האָט ער מיר איבערגעגעבן אַ צייכן איך זאָל וויסן, אַז דאָס רעדט ער צו מיר. און פאַרוואָס האָט ער דיר נישט געגעבן קיין בריוו צו מיר?

—צייכנס בעטסטו ביי מיר, צאַרטע—האָט דער אפרים־זון געענטפערט מיט אַ זיפץ—אָבער זייענדיק שטאַרק צורעשט, האָט ער מיר קיין שום צייכן נישט געגעבן. און ווער ווייסט: אפשר דורך די שווערע פּאַסירונגען, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען, האָט ער פאַרגעסן דעם צייכן, וואָס ער האָט דיר געגעבן. און קיין בריוו האָט ער דיר נישט געשריבן, וואָרום דאָרט וואו ער געפינט זיך, האָט ער נישט אויף וואָס צו שרייבן און געאיילט האָט ער, און איך האָב זיך געיאָגט אַוועקצוגיין. דעריבער האָב איך נישט מער גאָרנישט נייערט זיינע רייד, וואָס ער האָט מיר געהייסן זאָגן. ס'טוט מיר זייער לייד צוריקצוקערן צו אים מיט דעם ליידיקן. כ'האָב מורא עס זאָל אים נישט אויסגיין דאָס חיות זעענדיק, אַז זיין טויב איז נישט געקומען מיט מיר. וואָרום ווען דו וואָלסט געוואוסט, צאַרטע, ווי שטאַרק ס'איז זיין ליבע צו דיר, אַפילו קיין טויזנט חלק האָב איך דיר נישט געזאָגט.

—פון מיינע רייד וועל איך נישט פאַרענדערן—האָט מרים געענטפערט—אַזוי ווי מיין מאַן האָט מיך ליב, אַזוי האָט אויך מיין האַרץ אים ליב, דעריבער פאַרלאַנג איך פון אים אַ ריכטיקן צייכן.

אַזוי האָט זי געזאָגט און זיך אויסגעקערט אַריינצוגיין אין איר צימער. און דער אפרים־זון—דאָס איז דער אויסוואורף עמרי, איז אַרויס פון איר אַ דערשלאָגענער, וואָרום ס'האָט אים נישט געגליקט.

ער איז אַרויס און—עס קומען אָן תרצה, דאָס ווייב פון ידידיה מיט אירע צוויי קינדער און קציעה, די טאָכטער פון אלקנה. און מרים—אין איר צימער—לייענט דעם בריוו, וואָס דער חברונער

האָט איר געבראַכט, און עס קומט אַריין איר דינסט, איר צו זאָגן, אַז די פאַרבעטענע זיינען געקומען. האָט מרים געזאָגט צו איר דינסט:

—און פאַרוואָס האָסטו אַוועקגעלאָזט דעם חברונער?

—וואָרום דו ביזט געשלאָפן, האַרינטע מיינע—האָט די דינסט געזאָגט—דער חברונער האָט אויך געזאָגט: וועק זי נישט אויף. איך האָב איר נאָך איבערצוגעבן מיטן מויל, און וועל עס איר נאָך היינט זאָגן.

און מרים איז אַרויסגעקומען פון איר צימער אין זאַל אַריין, און זי האָט זיך געפרייט מיט תּרצהן און קציעהן און גע־זאָגט: געבענטשט זענט איר צו מיר, אין מיין הויז! און האָט זיי געקושט און אויך תּרצהס קינדער.

און תּרצה איז אַ שיינהייט צווישן פרויען, און אירע צוויי קינ־דער—דער נאָמען פון איר טאָכטער איז תּמר, אַ מיידל פון פופצן יאָר זייער אַ שיינע, און דער נאָמען פון איר זון, נאָך אַ קינד, איז תּימן, אויך זייער שיין. און מרים האָט זיי געקושט און געזאָגט:

—גאָט זאָל אייך לייטזעליקן, גלוסטיקע מיינע!

—און קציעה איז שטאַרק באַחנט, ליכטיק ווי די זון און שיין ווי די לבנה, ווען זי איז אין איר גאַנצער גרויס. איר פּנים איז פול מיט יוגנט און גרויס חן קוקט פון אירע אויגן. און מרים האָט זיי אַריינ־געפירט אין איר רייכן צימער און זיי דאָרט אַוועקגעזעצט. און תּרצה האָט געפרעגט:

—און ווער איז עס דער מאַן, וואָס איז נאָר וואָס אַרויסגעגאַנ־גען פון דאַנען, צי וועט ער דאָס זיין דער אויפזעער פון דיין הויז?

—דאָס איז אַ זון פון אפרים, וואָס יאָגט זיך נאָך פּוסטע זאַכן—האָט מרים געענטפערט—פאַלש און ליגן זיינען זיינע וועגן, זיין צונג האָט אים אויך געשטרויכלט, האָב איך אים אַוועקגעשיקט און ער איז אַוועק. אָבער הער אויס, קציעה, טאָכטער מיינע, אַזוי וועל איך דיך רופן, מיין שיינע קציעה, ווייל איך האָב שטאַרק ליב דיך און דיין מוטער, היינט האָב איך באַקומען

אַ בריוו פון דיין מוטער און וועל דיר זאָגן נייעס, איך ווייס נישט צי וועסט זיך דערמיט פרייען אָדער טרויריק ווערן: דיין מוטער האָט געפונען צו דיר אַ שוועסטער פון איין טאַטן, וואָס ס'האָט אים געווינען דעם וועבערס טאָכטער.

און קציעה איז שטאַרק פריילעך, און זי האָט געזאָגט:

—זאָל מיין שוועסטער קומען צו מיר און איך וועל זי באַזעצן אין מיינע זאַלן און מיט איר פאָרן אין רייטוואָגן פון שני למלך, וואָרום ווי איך איז זי די טאָכטער פון שני למלך.

—דאָס האָב איך געהאָפט צו הערן פון דיר—האָט מרים געענטפערט קושנדיק זי אין די ליפּן—באַלד וועל איך דעם בריוו איבערלייענען פאַר דיר און פאַר אונזער חברטע תרצה, וואָרום פון איר פאַרבאַהאַלט איך גאָרנישט.

—דעריבער—האָט קציעה געענטפערט און אַ ליכטיקייט האָט באַשטראַלט איר געזיכט—דעריבער וועל איך זיך פרייען מיט דער פרייד פון דיין האַרצן, געשעצטע מרים, זאָגנדיק דיר, אַז נאָך אין זיבן טעג אַרום וועט אליפלט קומען צו דיר אין הויז. אַזוי האָט מיר געזאָגט איינער אַן איינוואוינער פון נוב, וואָס וועט דיר היינט פאַרנאַכט ברענגען אַ בריוו. דער מענטש האָט מיר געזאָגט, אַז ס'איז פרידן צו אים און אַז ער קערט צוריק פון אַשור מיט אַ גרויס פאַרמעגן.

—דאָס האָסטו געוואוסט, קציעה, און האָסט געשוויגן!—האָט מרים געפרעגט.

—מרים, מיין געשעצטע האַרינטע!—האָט קציעה געענטפערט—ווער נאָך ווי דו, ווייסט מיין מוטערס געבאָט צו מיר, איך זאָל נישט דערמאָנען דעם נאָמען אליפלט מיט מיינע לעפצן און נישט טראָגן זיין אָנדענק אין מיין האַרצן. אָבער דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס איז אין מיין האַרצן און וועל נישט אָפּקערן פון דעם. אליפלט האָט מיך געפאַנגען באַלד ווי איך האָב אים געזען, ווער רעדט נאָך דעם ווי ער האָט פאַר מיר אַזוי פיל געטאָן אין טאָג פון אומגליק, ער איז געווען מיין באַשיצער. ער פאַנגט ווירקלעך הערצער און אַלע, וואָס זעען אים נייגן צו אים געבאָד. און ווער ווייט עס מיר רעכענען פאַר אַ

זינד, אַז איך ווייל אים אויס פאַר מיר? איך וועל זאָגן זיין רום פאַרן קעניג, וועל אים בעטן, און איך האָף, אַז ער וועט נישט פאַרמיידן פון מיר דאָס גלוסטונג פון מיין האַרץ.
און מרים האָט אַוועקגעלייקט דעם בריוו, וואָס יהושבע האָט איר געשיקט, פאַר קציעהן און האָט געזאָגט:
—ליין אים איבער פאַר מיר און פאַר אונזער חברטע תרצה.

און קציעה האָט פאַר זיי געליינט דעם בריוו.

## ג.

קציעה לייגט נאָך דעם בריוו און די טרערן אירע זיינען אויף אירע באַקן, און דער יונג מגדיאל דער אדומער קומט אַריין און זאָגט: מנוח דער חברונער האָט מיך געבעטן צו זאָגן דיר, האַרינטע מיינע, אַז ער איז דאָ.

ווי מרים האָט דערהערט, אַז מנוח איז געקומען, האָט זי געזאָגט צו קציעהן: לייג אַוועק, מיין שיינע, דעם בריוו, וואָרום מיר וועלן נאָך מער הערן פון מנוחן. און זי האָט זיך געווענדט צו מגדיאלן און געזאָגט צו אים: ברענג אַריין אַהער מנוחן.

מגדיאל איז אַרויסגעגאַנגען און מנוח איז אַריינגעקומען. און ער איז אָנגעטאָן אין שיינע רייכע קליידער. האָט זיך מרים געפרייט אַקעגן אים און געזאָגט צו אים:

—געבענטשט זאָל זיין דיין קומען, גוטער מענטש, אין מיין הויז אַריין. מיין חברטע יהושבע האַלט זייער שטאַרק פון דיר און אָט איז איר טאָכטער קציעה פאַר דיינע אויגן. און דידאָזיקע—די דריטע צו אונז, דאָס איז תרצה דאָס ווייב פון ידידיהן,

דער האַר פון קעניגס שאַצקאַמער. איצט זעץ זיך אַוועק מיט אונז און דערצייל אונז, וואָס עס מאַכט אונזער חברטע יהושבע, וואָס—ווי איך זע פון איר בריוו, איז זי שוין נישט אַזוי דער־שלאָגן און ס׳איז איר לייכטער געוואָרן און מיט דער צייט וועט זי פאַרגעסן יעדער טרויער.

—אַזוי איז עס, געשעצטע מרים—האָט מנוח געענטפערט—אויך אין לבנון איז זי נישט עלנט, וואָרום זי פרייד זיך מיטן גליק פון איר שוועסטער, אַלע ווייל‏ע טוט זי דערמאָנען איר טאָכטער קציעה, די פרייד פון איר האַרצן און איר צאַרטע חברטע מרים. אויך תרצהן, די וואוילטעטערין, דערמאָנט זי, קיין איין ווייל‏ע פאַרגעסט זי אייך נישט. עס טרעפט, אַז זי ווערט טרויריק און אַלידע, אַן אמתער וואוילער מאַן, מיין באַקאַנטער, קומט אָן, ער הייבט אָן ריידן און אַלע אויערן פאַרנעמען זיינע געלייטערטע קלוגע רייד. מיט איין וואָרט, שטאַרקייט און פרייד איז אויף אונזער אָרט. צי דען אויף אייביק וועט זיך דער מענטש פייניקן מיט זיינע ליידן, צי פעלט פאַר אים אַ טרייסט פון גאָט?

—וועסט דאָך מיר זאָגן—האָט קציעה געזאָגט—וואָס עס מאַכט די שוועסטער פון מיין מוטער, מיין מומע חנה, דיין געליבט ווייב, און וואָס עס מאַכט מיין שוועסטער שולמית. זאָג מיר, ווי זעט זי אויס, וואָרום איך גלוסט זי צו זען און האַלזן אין מיינע אָרעמס.

—דיין שוועסטער שולמית איז זייער אַ שיינע—האָט מנוח געענטפערט—איך זע דיך און דו ביזט כמעט ווי זי, מיט איר געשטאַלט און בילד. דיך אָבער זע איך ווי אַ ליליע וואָס בליט אויפן באַרג ציון, און זי—ווי אַ בלום פון לבנון. און ווי איר שיינהייט אַזוי איז איר רעכטפאַרטיקייט, זיבן מאָל אין טאָג דערמאָנט זי דיר, צאַרטע, פון דעם טאָג אָן, וואָס ס׳איז איר אַנטפּלעקט געוואָרן דער סוד פון איר אָפּשטאַמונג, און זי גלוסט דיר צו זען און זיך פרייען מיט דיר. אָבער ס׳איז נאָך צייט צו דעם, די צוויי שוועסטער זאָלן זיך באַגעגענען, און איצט, צו דיר, צאַרטע מרים, וויל איך ווענדן מיינע רייד, וואָרום

איך האָב צו ריידן צו דיר אַליין.
—צו מיר אַליין נאַר?—האָט מרים געענטפערט—קום זשע מיט מיר אין מיין גאָרטן אַריין און דאָרט וועסטו ריידן צו מיר דיינע רייד.
און מרים האָט געזאָגט צו תּרצהן און קציעהן:
—זיצט דאָ, חברטעס מיינע, און אַז מנוח וועט מיר זאָגן, וואָס ער האָט מיר צו זאָגן, וועל איך צוריקקערן צו אייך.
מרים האָט אַוועקגענומען מנוחן אין איר גאָרטן אַריין און תּרצה האָט געזאָגט צו קציעהן:
—נישט אַנדערש, אַז דאָס דאַרף ער איר איבערגעבן די רייד פון דיין מוטער וועגן דיר, נישט אַזוי?
—איך טראַכט אויך אַזוי—האָט קציעה געענטפערט מיט אַ זיפץ—מנוח, דער מאַן פון מיין מומע איז געשיקט געוואָרן אויף פאַרשטערן די ליבע צווישן מיר און אליפלטן, אָבער ס'וועט גאָרנישט העלפן, אויב אַפילו אַ שרעקלעכער שטורם וועט נישט אויסוואָרצלען זיין ליבע פון מיין האַרצן, וואָס זשע קענען שוין העלפן בלויזע רייד?
און מרים איז אַרויסגעגאַנגען מיט מנוחן אין גלוסטיקן גאָרטן אַריין, און וועלכן עס האָט שוין אָנגעהויבן שפּראָצן. זיינען זיי געגאַנגען צווישן די רייען פון די ביימער, און מנוח האָט אָנגעהויבן און געזאָגט:
—ערשטנס וועל איך דיר זאָגן, אַז דיין שוועסטער עדה איז פאַרהאַלטן אין פּאַלאַץ פון פרעמדע, אין וואוינונג פון אויס־וואורפן און איז אין האַנט פון דער שרעקלעכער רעומה, וואָס פאַרלאַנגט פאַר איר אַ סך אויסלייזגעלט און אויף דיר, מיין האַרינטע, ליגט אויסצולייזן איר; וואָרום וועֶר וועט זיך אויף איר דערבאַרמען אַחוץ דיר? איך וויל דיך אויך פרעגן וועגן אלידע: צי ווילסטו אים צונעמען פאַר אַן אויפזעער איבער דיינע פאַרמעגנס?
—דאָס זיינען די גרויסע זאַכן, וואָס דו האָס פאַרהוילן פאַר קציעהן און תּרצהן?—האָט מרים געפרעגט, און אויסגעשטעלט פאַרשנדע בליקן אויף מנוחן—אויך דער ענין וועגן אלידע, דיין

שכן, איז אַ גרויסער סוד ביי דיר, און דידאָזיקע אַלע זיינע רייד זיינען דאָך באַוואוסט געווען תּרצה און קציעהן איידער דו ביזט געקומען. ווי מיר שיינט האָסטו אין דיין האַרצן גרעס־סערע זאַכן און דו פאַרשווייגסט זיי.
—כ׳שוועך ביי מיין לעבן—האָט מנוח געענטפערט—און ביי דיין לעבן, מיין צאַרטע האַרינטע, אַז נאָר וועגן דידאָזיקע דריי מענטשן: עדה, שולמית און אַלידע, האָב איך געוואָלט מיט דיר ריידן, וואָרום אויך דער אַלידע איז מיר זייער נאָנט, און מיט דיין גענאָד וועסטו אים געבן אַן אָרט אין דיין הויז, כּדי איך זאָל דיך בענטשן.
—צי נאָר צוליב דעם האָסטו געמאַכט אַזאַ גערודער?—האָט מרים געפרעגט—אַלידע איז אַ פאַרשטענדיקער מענטש, אין אַן אָרענט־לעכער, נעם זשע אים אַהער און ער וועט ווערן דער אויפ־זעער אויף מיין פאַרמעגן, דאָס איז דאָך אַ קלייניקייט, וואָרום איך וועל אים דאָך נישט מאַכן פאַר קיין האַר צו מיר, וואָ־רום איך געהער צום האַר פון מיין יוגנט, און מיין האַרץ גייט אויס נאָך אים. ניין, מיין האַר, נישט קיין פוסטע זאַך האָט דיך געבראַכט אַהער!
—ווירקלעך—האָט מנוח געענטפערט—ווירקלעך, אַז דו ביזט אַ קלוגע פרוי און ווייסט וואָס עס טוט זיך טיף אין האַרצן. זיי וויסן, האַרינטע מיינע, אַז אין מיין מויל איז אַ קוואַל פון לעבן פאַר דיר און אויב איך וועל דיר זאָגן אַ זאַך, און אַלע דיינע זיפצן וועלן פאַרשטערט ווערן!
אַזוי האָט גערעדט מנוח און אַ ליכטיקייט האָט באַשיינט מרימס פּנים, און זי האָט געקוקט אויף אים און אירע ביינער האָבן געציטערט, און זי האָט געזאָגט צו מנוחן:
—ווי גרויס איז דיין גענאָד, האַר מיינער! צי טאַקע איז מיין לעבן אין דיין מויל און לעפצן? צי וועסטו מיר אומקערן מיין־מאַן—די פרייד פון מיין האַרצן? אויב דאָס מיינסטו, היט זשע דיין מויל און זאָלן דיינע רייד נישט הערן אויך קיין שטיין פון וואַנט, וואָרום די וואָס לאָקערן אויף אים—לעבן נאָך.
—זיי רואיק, צאַרטע—האָט מנוח געענטפערט—עלנט ביזטו געווען

ביז איצט, נאָך אַ ווײַלע און דער כבוד פון לבנון, וועט צו דיר קומען וואוינען און מיט דיינע אייגענע אויגן וועסטו זען דיין מאַן, וואָס איז שטאַרק ווי אַ צעדר פון לבנון, און וועסט זען און שיינען: דיין מאַן עוזיאל, וואָס רופט זיך אַלידע האָט מיך געשיקט צו דיר, און איך קען זיך באַרימען, אַז איך האָב אים דערקענט ווען ער איז געזעסן אויפן הויכן באַרג, אַ חוץ מיר ווייסט קיינער גאָרנישט פון אים, אויך יהושבע האָט אים נישט דערקענט און וועט אים נישט דערקענען.

און מרים איז דערשראָקן און צוטומלט געוואָרן פון מנוחס בשורה, זי האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן צו אַנטפּלעקן איר האַרץ און זי האָט געזאָגט צו אים:

—דיין בשורה מאַכט זינגען מיין האַרצן, אָבער נישט דער ערשטער ביזטו היינט מיט דיין בשורה, וואָרום אַ מאַן פון אפרים איז צו מיר היינט געקומען מיר צו זאָגן אַ סוד, אַז מיין מאַן האָט אים געשיקט צו מיר, ער זאָל מיך נעמען אין זיין וואוינונג וואָס געפינט זיך אין אַ פאַרבאָרגן אָרט אין אפרים. און איך האָב געבעטן פון אים אַ צייכן, אַז מיין מאַן האָט אים געשיקט און ער האָט נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן, דעמאָלט האָב איך געזען, אַז ער נאַרט אָפּ, האָב איך אים אַוועקגעשיקט און ער איז אַוועק. דיך ערוואַרט נישט דאָס, וואָס אים, ווייל דיינע רייד זיינען ריכטיק ווי דער מאָרגנשטערן.

—אויב דו גלייבסט מיר נישט—האָט מנוח געענטפערט—נאַ דיר אַ בריוו געשריבן און געחתמעט פון דיין מאַן, דאָס, וואָס אין אים איז געשריבן איז דאָך באַוואוסט נאָר אייך ביידע, און זאָל עס דיר זיין פאַר אַ צייכן ביז דיין מאַן וועט קומען צום סוף פון זיבן טעג. דעמאָלט וועסטו אַליין אים זען און דיינע אויערן וועלן אים הערן ריידן.

און דאָס ריידנדיק, האָט ער איר געגעבן דעם בריוו און מרים האָט אים געעפנט און געליינט אין אים צוויי דריי שורות און געזאָגט:

—דאָס איז דיין האַנט, מאַן מיינער, וואָס שרייבט צו מיר און

דאָס זיינען דיינע ווערטער. מיין האַרץ קערט צוריק צו דער־
רו, וואָרום די אַמאָליקע צייטן קערן זיך אום צו מיר. זיבן
טעג וועל איך וואַרטן און אויסקוקן די אויגן אויף מיין מאַן,
און זיי וועלן מיר זיין לאַנג ווי די שלעכטע יאָרן, וואָס זיי־
נען פאַרבייגעגאַנגען אָן האָפנונג. און דו, מיין האַר, זאָג מיין
מאַן וואָס איז מיר באַוואוסט מיטן נאָמען אַלידע, וואָס קומט
ווי אַן אויפזעער אויף מיין פאַרמעגן, האָסט דאָך געזען מיין
שאַצצימער, זיין טיר גייט אַרויס אין גאָרטן אַריין און דורך
דעם גאָרטן וועט מיין מאַן קומען צו מיר, ווען דער שלאָף
וועט באַפאַלן אויף די מענטשן. און דו, אייל און ברענג אים
אַהער און פאַר תּרצהן און קציעהן וועל איך געפונען אַן אויס־
רייד און וועל זיי זאָגן, אַז יהושבע האָט דיך געשיקט צו מיר,
מיך צו וואָרנען פון מיינע פיינט, וואָס ווילן מיך פאַנגען מיט
זייער ערמה און שפּיצלעך.
און אַזוי האָט מרים געזאָגט תּרצהן און קציעהן ווען זי האָט
צוריקגעקערט צו זיי. און מיט וויסן און קלוגשאַפט האָט זי
גערעדט אירע רייד און האָט זיי געזאָגט: ווען נישט, וואָס יהושבע
האָט איר געשיקט מנוחן צו אַנטפּלעקן אירע אויערן, וואָלט זי
אַריינגעפאַלן אין דער נעץ וואָס אירע פיינט האָבן פאַר איר
צוגעגרייט, און תּרצה מיט קציעהן, ביידע האָבן געראַטן מרימען,
זי זאָל זיך מער נישט צוהערן צו אַלע, וואָס וועלן קומען
ריידן צו איר וועגן איר מאַן. און מנוח איז דעם טאָג אַרויס־
געגאַנגען פון ירושלים און צוריק געאיילט אַהיים.

## ד.

אויף אַ שיינעם פּלאַץ, וואָס געפינט זיך צו צפון פון ירושלים דערהויבט זיך אַ הויך בערגל וואָס קוקט צו ציון פון דרום זייט. די דאָזיקע דערהויבונג איז אַ פעסטונג צו באַשיצן זיך פאַרן פיינט. אויף דער דערהויבונג שטייט אַ טורם פאַר אויסקוקער אַז עס וועלן אָנקומען מחנות פיינט צו באַלאַגערן אויף דער געטליכער שטאָט, גייען אויף די אויסקוקער אויפן שפּיץ טורם און אַז זיי זעען פון ווייטן גרויסע מאַסן מענטשן, הויבן זיי אויף אַ פאָן צו וואָרענען די וואָס היטן די מויערן פון ירושלים, און זיי זאָלן זיך שטעלן אַ קעגן באַלאַגערונג. צו דער פעסטונג, וואָס געפינט זיך אויפן באַרג זענען אַרויסגעגאַנגען די רייכע פרויען פון ציון: יהושבע מרים און קצועה, כדי דאָרט זיך צו באַשיצן און צו זען די מלחמה, וואָס קומט דאָרט פאָר, צו פוסנס פון דעם באַרג האָט אַליפלט מלחמה געהאַלטן מיט רעומהן, און איז איר בייגעקומען.

דער טאָג איז אַ וואַרימער, וואָרום ער איז דער לעצטער פון עלפטן חדש און מאָרגן הויבט זיך אָן דער צוועלפטער חדש, און

עמרי, וואָס האָט נ״שט געגליקט דאָס מאָל, איז נאָך געזעסן זיבן טעג אין ירושלים אין אַ פֿאַרבאָרגן ווינקל, דאָרט האָט ער געלאָזט צוויי מענטשן פון זיין חברה זיי זאָלן זיך פריוון נאָך אַמאָל רעדן צו מרימן און ער איז אַרויסגעגאַנגען פון דער שטאָט. ער גייט אַריין אין דעם גאַסטהויז, וואָס געפונט זיך דאָ, צו טרינ-קען וויין. און ער האָט געטרונקען, און געפרעגט דעם אייגנ־טימער פון גאַסטהויז וועגן דער פעסטונג און טורם וואָס שטייט דאָ. און דער אייגנטימער פון גאַסטהויז האָט אים דערציילט וועגן די צרות, וואָס זענען פאָרגעקומען אויף דעם אָרט דורך דעם אָנפאַל פון פקח דער זון פון רמליהו און רצין דער קעניג פון ארם. און דער דאָזיקער אייגנטימער פון גאַסטהויז, איז דער הי-טער פון דער פעסטונג אין שלום־צייט און זיין נאָמען איז אליצור. און ער האָט גערעט פון דעם סוף, וואָס עס האָט געהאַט רצין דער קעניג פון אַרם און פון דער שאַנד וואָס האָט געליטן הושע דער זון פון אלה דער יודישער קעניג, וואָס דער קעניג פון אַשור האָט אים איינגעזעצט אין תפוסה.

אַזוי ווי ער רעדט אַזוי און אַ שיינער בחור קומט אַריין אין גאַסטהויז און צוויי יונגען נאָך אים. און דער אייגנטימער, איז אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט און זיך דערפרייט מיט אים און געזאָגט:

—צו איז פרידן צו דיר העלדישער בחור? דו קומסט דאָך פון אַ וויטן לאַנד אַליפלט.

און אליפלט האָט אים געענטפערט „שלום" און געזאָגט:

—זאָג מיר, וואָס הערט זיך אין ירושלים.

—געלויבט צו גאָט, עס איז פרידן אין שטאָט—האָט אים דער אייגנטימער געענטפערט—מרים וואַרט אויף דיר מיט אומגעדולד, וואָרום אויך היינט, אויך נעכטן און אייערנעכטן האָט זי גע-שיקט אַ לויפער נאָך אַ לויפער זעען צי דו קומסט.

און עמרי האָט זיך דערוועקט הערענדיק דעם נאָמען אַליפלט, וואָרום צוליב אים דער עיקר איז ער דאָך אַ הער געגאַנגען לויטן באַפעל פון רעומה, און אַז ער האָט אויף אים אַ קוק געטאָן, האָט ער אים באַטראַכט און מיט אַ געבעט-קול געזאָגט:

—דאָס ביזטו אליפלט דער העלד, וואָס דיין נאָמען איז דער־הויבן ביי אַסך און ביי גרויסע לייט? איך האָב געהערט דיין רום פון רעומהן, די שיינהייט פון אפרים.

—און ס'איז מיר טייער דער אָנדענק פון מיינע ווערק—האָט אליפלט געזאָגט—דעריבער, אליצור, עפן מיר אויף די טויערן פון דער פעסטונג און צוזאַמען מיט דעם אפרים־זון וועל איך אַרויפגיין אויפן אויסקוקער־טורם, פון דאָרט וועלן מיר קוקן אויף דער גאַנצער שטאָט, איך וועל איר זען און עס וועט זיך פרייען מיין האַרץ, וואָרום אין איר איז מיין גאַנץ לעבן.

—איך בין גרייט, האַר מיינער, צו טאָן דיין פאַרלאַנג—האָט געענטפערט אליצור אַרויסגייענדיק פון גאַסטהויז, און אליפלט און עמרי זיינען געגאַנגען נאָך אים, און צוזאַמען זיינען זיי אויפגעגאַנגען אויפן שפיץ באַרג.

און אליפלט האָט פאַרשטאַנען, אַז דער אפרים־זון האָט עפּעס אַ געהיימע זאַך אין זיך, צוליב וועלכן ער איז, דורכן באַפעל פון רעומהן, געגאַנגען קיין ירושלים. דעריבער האָט ער זיך געטראַכט: לאָמיך פרובן ריידן צו אים, כדי צו וויסן, וואָס איך האָב מיט אים צו טאָן, און ער האָט נישט געוואָלט אליצור זאָל הערן זיינע רייד, און ער האָט געזאָגט צו אים.

—גיי אַראָפּ און מאַך עפּעס צו עסן פאַר מיר און מיינע יונגען, וואָרום מיר זיינען הונגעריק. און אליצור האָט אַראָפּגענידערט, און אליפלט האָט גענומען ריידן מיט עמרין, וועמען ער האָט אַריינגענאַרט מיט קלוגשאַפט: ער האָט אים דערציילט, אַז דניאל איז געשטאָרבן, און אַז ער האָט אויפן וועג קיין ירושלים אָנגעטראָפן איינעם עמיהוד און ער האָט מיך געבעטן, איך זאָל נישט דערמאָנען זיין נאָמען, ווייל דאָרט הייסט ער דניאל. און ער האָט מיר דערציילט, אַז ער ווערט געשיצט פון רעומהן. און אַז ער האָט דערציילט די גאַנצע געשיכטע, האָב איך אים געבעטן, ער זאָל מיר דערמאָנען פאַר איר צום גוטן.

און אַזוי האָט ער אַריינגעצויגן עמרין און עמרי האָט פאַר

אים דערציילט, אַז טאַקע נאָר צוליב אים איז ער געקומען קיין ירושלים און ער האָט דערנאָך געזאָגט:

—זיי וויסן, אליפלט, אַז רעומה איז אין דיר פאַרליבט, און זי האָט מיך געשיקט צו דיר זאָגן, אַז דיין אָנדענק וועט זיך נישט אָפּטאָן פון איר האַרצן און צו דיר גאַרט זי. און איצט, קום מיט מיר און דו וועסט זיין אַ פרייד צו דער, וואָס בענקט נאָך דיר.

—און אַזוי אויך בענק איך נאָך איר—האָט אליפלט געענטפערט—מיר איז אָבער אַ וואונדער איר ליבע צו מיר, וואָרום פון דער הויך פון שומרון טוט זי זיך דערנידעריקן צו קוקן אויף אַן אָרים יונגל, ווי איך בין.

—זיי נישט געפאַלן ביי זיך—האָט אים עמרי געענטפערט—די שיינהייט פון בחורים איז דאָך זייער קראַפט, ביזט אויך זייער אַ שיינער, דעריבער האָט דיך רעומה ליב, און איר איז מיאוס אַלע יונגעלייט פון אפרים. אָבער נאָך אַ זאַך וועל איך דיך פרעגן וועגן מרים דיין וואוילטעטערין, דו זעסט דאָך, אַז איך בין אַ מענטש, וואָס קאָן זאָגן בשורות, איך האָב געהערט, אַז מרים איז פאַרוואָגלט און טרויריק נאָך איר מאַן, וואָס איז נישטאָ, און ער איז ביי מיר פאַרבאָרגן, און ער האָט מיך געשיקט אין געהיים אָנצוזאָגן זיין געליבט ווייב מרימן, אַז ער וויל זי זייער זען. בין איך געקומען קיין ירושלים, כ'האָב איר דאָס אָנגעזאָגט, כ'האָב געמיינט: זי וועט לויפן נאָך מיר, פליען ווי אַ טויב. און זי האָט מיך אויסגעהערט און געבעטן צייכנס! צי האָב איך איר דען אָנגעזאָגט וועגן אַן אָקס אָדער אייזל, וואָס איז איר פאַרלוירן געוואָרן? אָט דאָס הייסט אַ פרוי? ס'טוט מיר לייד פאַר עוזיאלן, איר מאַן, וואָרום, אַז איך וועל צו אים צוריקקערן אַליין און מרים, זיין האַרצנסגעליבטע איז נישטאָ מיט מיר, וועט ער פאַרחלשן צום שטאַרבן. און איצט לאָמיך כאָטש באַגליקן מיט דעם, וועגן וועלכן רעומה האָט מיך געשיקט, מיט דעם וואָס איך וועל דיך ברענגען צו איר. און ווי גרויס עס וועט זיין איר פרייד.

—און ווי איז דיין נאָמען?—האָט אים אליפלט געפרעגט.

—מיין נאָמען איז טוב.—האָט עמרי געענטפערט, פאַרהוילנדיק זיין אמתן נאָמען.

—דעריבער ביזטו ווי דיין נאָמען (טוב—איז טייטש „גוט”) און איך וועל מיט דיר ריידן וועגן רעומהן, מיין האַרצנסגעליבטע. זיי וויסן, אַז מיט ליידיקן וועל איך צו איר נישט קומען. ביירעט—איך וועל איר ברענגען מרימס פאַרמעגן. אַ העלפט וועט זי מיר געבן און אַ העלפט—אויף אויסצולייזן איר שוועסטער עדה, און איך וועל דאָס געלט אויסשיטן פאַר די פיס פון דער שיינער רעומה און איך וועל איר זאָגן:

—פון דיין ליבהאָבער און דיין פאַרערער באַקומסטו דאָס און איך וועל דיך צו מיר פאַרקנסן אויף אייביק. און דו, אייל צו איר אויף אַ גרינג פערד, צו ברענגען איר די בשורה. זאָג איר, אַז צו איר גייט אויס מיין האַרץ זינט דעם טאָג, וואָס איך האָב איר געזען אין דער מלחמה און זיבן מאָל אין טאָג געדענק איך אָן איר. דער קעניג האָט מיך אָבער געשיקט קיין אַשור און איך בין אַהין געגאַנגען אָן חשק. געלויבט איז גאָט וואָס איך בין בשלום צוריקגעקומען אַהער. מיין ערשטע זאַך איז צו קומען קיין ירושלים און זען מרימן. מיין וואויל־טעטערין, וואָרום אַ סך גוטס איז פאַר מיר איצט אָנגעגרייט.

און עמרי האָט זיך געפרייט הערנדיק אליפלטס רייד און האָט פאַר אים אויסדערציילט דאָס גאַנצע האַרץ זיינס. ער האָט אים דערציילט וועגן דניאלן, אַז ער איז פאַרהאַלטן ביי רעומהן, כדי צו נעמען פאַר אים אויסלייזגעלט. און נאָך האָט ער געזאָגט:

—דעריבער, אויך דו, אליפלט, אַז דו וועסט קומען קיין ירושלים, זאָלסטו זאָגן די האַרן פון דער מלוכה, אַז דו האָסט געזען דניאלן געפאַנגען ביי רעומהן. האַלט אונטער דאָס אָפּנאַרעריי פון דיין געליבטער רעומה און מיט אַ סך קושן וועט זי דיר אָפּצאָלן. אויך דיין פלאַן פיר דורך מיט שכל, כדי דו זאָלסט ירשענען מרימס פאַרמעגן, גיב גוט אַכטונג אויף איר און זאָלסט נישט לאָזן, אַז אַן אַנדערער זאָל איבער איר געוועלטיקן. איך

שייד זיך שוין מיט דיר, כדי צו ברענגען די פרייל̇עכע בשורה צו ירעומהן, וואָס האָפט אויף מיין קומען.
און אליפלט האָט פאַרבאָרגן זיין צאָרן, הערנדיק ווי ער רעדט מיט לעסטערונג וועגן מרימן. און ער האָט געזאָגט:
—איך וועל שוין וויסן ווי זיך צו פירן און דו גיי מיט פרידן דיין וועג און טראָג מיין ליבע און מיין ברכה צו רעומהן.

און עמרי איז געפאַלן אליפלטן אויפן האַלז און האָט אים געקושט מיט ברענענדיקע ליפּן, וואָרום ער האָט זיך געפרייט, זעענדיק אַז ס'האָט אים געגליקט. און ער האָט אים געבענטשט און איז אַוועקגעגאַנגען.
און אליפלט האָט אים נאָכגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט:

—דאָס איז דער חלק פון אַלע, וואָס טראַכטן בייזעס, זיין ערמה טוט אים אומוואַרפן און פון זיין מיה וועט קיין שום תכלית נישט אַרויסקומען.
און אליפלט האָט אַראָפּגענידערט פון שפּיץ באַרג און איז אַריינגעקומען אין גאַסטהויז און ער זעט: דריי געסט קומען אָן. איינער—איז פריילעך און אויפגעלייגט, דער צווייטער—איז זייער אַ שיינער מיט זיין געשטאַלט און אָנגעטאָן אין פּרעכטיקע קליידער, נאָר דער טרויער פון זיין האַרצן איז אים געלעגן אויף זיין פּנים, און דער דריטער—איז פאַרזונקען אין טיפע געדאַנקען און שפּאַנט אַרום אַהין און צוריק. אים האָט אליפלט געקענט, און ער האָט גענענט צו אים און געזאָגט צו אים:
—וואָס מאַכסטו נתן? וואָס מאַכט די געשעצטע מרים, אונזער וואוילטעטערין? וואָס מאַכן די נביאים און די יונגע נביאים צווישן וועלכע דו קומסט? זאָג מיר אויך: ווער זיינען דידאָזיקע, וואָס זיינען אַהער אַריינגעקומען?
—נאָר גוטס און פרידן איז צו אונזעריקע—האָט נתן געענטפערט—מרים טוט גוטס מיטן גאַנצן האַרצן, און זי וואַרט אויף דיר מיט אומגעדולד, און ווער עס זיינען די צוויי מענטשן—וויים

איך אויב נישט. פרעג אליצורן, וועט ער דיר זאָגן.
און אליפלט האָט געגענט צו אליצורן און האָט אים געפרעגט:

—ווער זיינען דאָס די געשעצטע געסט, וואָס שטייען איין דאָ.

און אליצור האָט געזאָגט:
—דידאָזיקע מענטשן קומען פון אפרים און מיט זייערע נעמען האָבן זיי זיך געגעבן מיר צו דערקענען: איינער הייסט אלידע און דער אַנדערער—מנוח, זיי גייען קיין ירושלים.
און אליפלט האָט געגענט צו די געסט און געזאָגט צו זיי:

—גאָט איז מיט אייך, מיינע האַרן, איר גייט מיט מיר אין איין וועג—קיין ירושלים, לאָמיר זיך זשע באַקענען. טאָמער וועט איר עפּעס דאַרפן אין ציון, ווענדט זיך צו מיר, מיין וואוינונג איז אין די הויפן פון דער געשעצטער מרים, די טאָכטער פון שמיר און דאָס ווייב פון עוזיאל, דעם האַר פון יהודה, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן דורכן קעניגס צאָרן.
—גאָט זאָל דיר ליטזעליקן, טייערער בחור!—האָבן איםביידע געענטפערט און אים געדאַנקט פאַר זיין גוט האַרץ. און זיי האָבן אים געפרעגט ווי ער הייסט און ער האָט זיי געענטפערט:

—מיין נאָמען איז—אליפלט, און מיין וואוינונג איז—ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט—ביי מרימן.
—דאָרט וועט אויך פאַר אונז זיין אַ וואוינונג—האָט געענטפערט מנוח דער חברונער—וואָרום איך האָב אַן ענין צו מרימן און דער מענטש, וואָס גייט מיט מיר, וועט זיין דער אויפזעער איבער איר פאַרמעגן, נאָכדעם ווי איר פאָטער שמיר איז גע־שטאָרבן.
אַזוי האָט געזאָגט מנוח און אַלע דריי קוקן איינער אויפן אַנדערן. עוזיאלס האַרץ איז דערשראָקן געוואָרן, דערזעענדיק זיין זון—זיין פרייד און גליק, זיין טרייסט און טראַכטונג פון זיין האַרצן—שטייען פאַר אים. און אליפלט האָט געקוקט אויף

דעם מענטש וואָס איז שיין און גלוסטיק מיט זיין געשטאַלט, וואָס קומט צו זיין אויפזעער אויפן הויז פון מרים, וואָס זיצט עלנט נאָך איר מאַן. און צייכנס פון וואונדער האָבן זיך באַוויזן אויף זיין פנים, און מנוח האָט געזאָגט צו עוזיאלן:

—דערדאָזיקער בחורל, וואָס שטייט פאַר אונז, איז אַ העלדישער יונגל. ווען ער איז נאָך געווען אַ קלייגער, האָט אים געזען די גוטהערציקע מרים און זי האָט אים גענומען צו זיך אין שטוב אַריין און אים דערצויגן ווי אַן אייגענעם זון. זי ווייסט וועמען אויסצוקלייבן פאַר אירע שטוב־מענטשן.

און עוזיאל האָט מער נישט געקענט ריידן: וואָרום ווי געטאָן האָט אים דאָס האַרץ פון דער פאָטערליבע, וואָס האָט זיך דערוועקט אין אים, האָט ער זיך געפונען אַן אויסרייד אַרויסצוגיין פון אים. איז ער אַרויסגעגאַנגען און זיך געלאָזט גיין אויפן באַרג צו וויינען אין דער שטיל.

און מנוח האָט דערווייל דערציילט פאַר אליפלטן וועגן יהושבען, וואָס זי קער זיך אָן מיט אים און נאָך האָט ער געזאָגט: און דערדאָזיקער מענטש אלידע, וואָס גייט מיט מיר, איז אַ גלוסטיקער מאַן, באַגלייבט צו גאָט און צו זייבע הייליקע און אים האָב איך געפונען פאַר פאַסיק צו זיין דער אויפזעער אויפן פאַרמעגן פון מרים דיין וואוילטעטערין, אויך יהושבע האָט געשריבן אַ בריוו צו מרימן און אים גערומט פאַר איר, און אלידע האָט באַוויליקט צו גיין מיט מיר, וואָרום ער גלוסט צו זיצן אין ציון און דו וועסט אים ליב האָבן, וואָרום ער האַלט פון דיר, נאָכדעם ווי ער האָט געהערט דיין רום פון יהושבען.

און אליפלט האָט אים געענטפערט:

—עס פרייד מיך זייער, וואָס איך האָב דיך דאָ געטראָפן, נאָכדעם ווי איך האָב געהערט דיין לויב פון חפציבה, וואָס וואוינט אין נוב. דו ביזט דאָך אַ גוטער מענטש צו גוטע מענטשן, דעריבער בין איך זיכער אין דיין גענאָד, אַז דו וועסט נישט פאַרמיידן דיין טובה פון מיר, ווען איך וועל זיך נויטיקן אין

דעם. און דיין טובה איז נישט פאַר מיר אַליין—אָבער אַ סך טראַכטונגען זיינען אין מיין האַרצן און ס'איז איצט נישט די צייט צו ריידן פון דעם. איך וועל נעכטיקן אין דעם גאַסטהויז, דאָ וועל איך שרייבן אַ בריוו און אים אַוועקשיקן דורך מיין דינער צו מיין חבר, און מאָרגן אינדערפרי וועל איך זען מרימן. און ווען וועסטו קומען קיין ירושלים מיט דיין פריינט אַלידע?

—היינט פאַרנאַכט—האָט מנוח געענטפערט—מיר וועלן דאָך צוזאַמען עסן מיטאָגעסן, דעריבער וועל איך זאָגן דעם אייגנטימער און ער זאָל אונז גיכער צוגרייטן עסן.

## ה.

אויף עוזיאל איז אויפגעגאַנגען אויפן אויסקוקער־טורם, האָט געקוקט פון ווייטן אויף די הויפן פון די ציון־בערג און זיינע טרערן רינען ווי טוי. פון דער הויך האָט ער געקוקט אויף אַלע גלוסטיקייטן פון זיין יוגנט, זיינע געדאַנקען האָבן זיך דערוועקט, דאָס האַרץ האָט אין אים געשלאָגן און ער האָט אויסגערופן:

—„צי איז פרידן צו דיר, פרייליכע שטאָט, שיינע, הערליכע ציון? אין דיר האָט זיך מיין האַרץ געזעטיקט מיט פרייד און גליק. הייב אויף דיינע אויגן, ציון, און זע איינער פון דיינע זין, וואָס די אויסוואורפן האָבן פאַרשטויסן, און ער איז גע־טריבן געוואָרן ווי אַ ראָד פון אַ שטורמווינט־קערט זיך צוריק אונטער שרעק צו קומען אין דיינע טויערן, זיך צו זען מיט זיין טייערער, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין דיינע פּאַלאַצן. פאַרבאָרג אים און קיין אויג זאָל אים נישט זען. ציון, שטאָט פון מיין פרייד, אַ סך שלעכטס האָט דיך איינגעהילט פון דעם טאָג אָן, זינט אחז האָט זיך געזעצט אויפן טראָן. איצט בוק

איך זיך פון ווייטנס צום הייליקן הויז דיינעם. גאָט, מיין גאָט, וואָס האָסט מיך באַזעצט אין לבנון און וואָס קערסט מיך אום צו מיין געבורטסלאַנד און צו דער שטאָט וואָס מיין גאַנץ גליק איז אין איר. און פאַר מיין אַריינקומען אין אירע טויערן צו זען מרימן מיין גליק, האָסטו געגעבן פרייד מיין האַרץ און האָסט מיר געוויזן מיין זון, דאָס שוואַרצאַפּל פון מיין אויג און גלוסטונג פון מיין האַרצן. און מיט דיין ראַט זאָלסטו מיך פירן, פאַרבאָרג מיך פון אויסוואורפס צאָרן, וואָס וויל מיך אומ־ברענגען און דו זאָלסט מיך באַשיצן. שטאַרק מיין האַרץ, איך זאָל איבערטראָגן מיין פרייד, ווי דו האָסט מיך געשטאַרקט איבערצוטראָגן מיין פּיין, כּדי איך זאָל דיך שטענדיק לויבן און דאַנקען דער גאָט, מיין ליכט און אויסלייזער.״

אַז עוזיאל האָט פאַרלענדט צו אויסגיסן זיין האַרץ פאַר גאָט, האָט ער אַראָפּגענידערט פון באַרג און איז אַריינגעקומען אין גאַסטהויז. און דער טיש איז שוין געגרייט אויף אים—ברויט, פלייש און ווײַן, און ער האָט זיך געזעצט עסן מיט די געסט. אַז זיי האָבן געענדיקט עסן, האָבן זיי געבעטן אליצורן, ער זאָל זיי דערציילן פון אַלץ, וואָס ס׳האָט פּאַסירט אויף דעם אָרט אין טאָג פון מלחמה פון די פאַרבינדונג־קעניגן אויף יהודה, און אליצור האָט געזאָגט צו זיי: אָט איז דאָך צווישן אונז אליפלט, דער אויסדערוויילטער פון די מלחמה־העלדן.

—איר זאָלט נישט, מיינע האַרן—האָט אליפלט געענטפערט מיט אַ זיפץ—איר זאָלט מיך נישט צווינגען צו דערציילן פאַר אייך די מפּלה פון מיין פאָלק.

—אויך פון יהושבען האָב איך געהערט וועגן דיינע העלדיש־קייט און פיינקייט—האָט געענטפערט דער וואָס האָט זיך גע־רופן אלידע—און ווי איך האָב דיך דעמאָלט געבענטשט, אַזוי טו איך דיך בענטשן איצט ווען איך זע דיך. זאָל גאָט שטאַרקן דיין האַרץ און קרעפטיקן דיין האַנט צו באַווייזן וואונדער אין יהודה, און זאָלסט זיין אַן ערע און אַ קרוין פאַר דיין פאָלק, און פרייד פאַר געשעצטער מרים, און ווי פרייען וועט זיך מיין האַרץ, אַז איך וועל אויפגענומען ווערן פון איר צו

זיין דער אויפזעער איבער איר פאַרמעגן.
—געבענטש זאָל זיין דיין קומען קיין ירושלים, אַלידע, מיין האַר—האָט אליפלט געענטפערט—דער מענטש, מנוח אונזער פריינט, האָט מיר דערציילט וועגן דיר, אַז דו ביזט באַגלייבט צו גאָט און צו זיינע הייליקע. דעריבער האָט מרים דיך אויסגעוויילט צו זיין דער אויפזעער פון איר פאַרמעגן. זאָל גאָט געבן און זאָל קומען מיט דיר די ברכה אין איר הויז אַריין און דו זאָלסט זיך אויפשטעלן אַ זיכערע היים אין ירושלים.
און דער גאַסט, וואָס האָט צוריקגעקערט פון ירושלים האָט דערציילט:
—אַ געבוירענער פון שומרון בין איך און מיין נאָמען איז נתן. און לויט דעם ראַט פון עודד דעם נביא צו גאָט, וואָס זיצט אין שומרון, בין איך אויפגעגאַנגען קיין ירושלים זיך צו לער־נען פון גאָטס נביאים. און איך בין געווען אַן איינגייער צווישן די פרומע לייט און דער נאָמען מרים איז אויף זייערע לעפצן ווי טייערער בוימאייל, און אַז זיי דערמאָנען איר נאָמען—טוען זיי איר בענטשן און בעטן ביי גאָט, ער זאָל איר אומקערן איר מאַן דאָס גלוכטונג פון איר האַרצן, וואָס איז פאַרטריבן גע־וואָרן דורך אחזן, וואָס האָט געצאָרנט אויף אים. און וואָס זאָל איך לייקענען? אויך איך האָב זיך געזעטיקט פון פעטקייט פון איר הויז.
און עוזיאל האָט געפרעגט דעם גאַסט וואוהין ער גייט, און נתן האָט געענטפערט און געזאָגט:
—איך בין געשיקט צו אַ געמיין קעניגרייך, צו אַ געצנדינערישן קעניגרייך, צו זאָגן מיין פאָלק זיין זינד. איך וועל אויסגיסן מיין צאָרן אויף שומרון און אירע געצן, און אויף בית־אל און איר עבודה זרה. ווי אַ שופר וועל איך אויפהייבן מיין שטים און די שטרויכלונג פון זייערע זינד וועל איך זיי שמייסן אין פנים אַריין. און אַ ציטערניש וועט אָננעמען די זינדיקע. אפשר וועלן זיך דאָרט געפונען מענטשן, וואָס האָבן נאָך גאָט אין האַרצן, וועלן זיי צוריקקערן צו זייער גאָט און צו זייער קע־ניג דעם זון פון דוד, איך גיי פון דאַנען אין דער שטאָט

נוב, דאָרט וועל איך וואוינען אין הויז פון מיין מומעס טאָכטער, איר נאָמען איז חפציבה, און פון דאָרט וועל איך צוריקקערן קיין שומרון. און איצט וועל איך אייך בעטן, אַלידע און אליפלט, אַז איר וועט קומען אין מרימס הויז אַריין, זאָלט איר זי בענטשן אין גאָטס און אין מיין נאָמען, וואָרום פון איר געשאַנק בין אויך איך זאַט געווען, ווען איך בין געווען אין ציון.

—און גאָט זאָל היטן דיינע טריט—האָט געענטפערט עוזיאל און מנוח.

און אַז נתן איז פון זיי אַוועקגעגאַנגען איז אים אליפלט נאָכגעגאַנגען, און האָט אים געגעבן אַ געלט־געשאַנק און האָט געזאָגט:

—גיי מיט גאָט צו דיין ציל, און אַז דו וועסט דורכגיין די שטאָט נוב און וועסט אָפּטרעטן אין הויז פון דיין פאַרוואַנדטער חפציבה, וואָס קומט איצט צוריק פון גלעד, און זי וועט דיר דערציילן, וואָס איך האָב געטאָן פאַר איר, זאָלסטו די זאַכן באַהאַלטן אין דיין האַרצן און זיי שטאַרק אָפּהיטן, וואָרום איך האָב נאָך אין זינען אַ סך זאַכן, וואָס איך וועל דורכפירן אין דער ריכטיקער צייט. דעריבער פאַרבאָרג אַלץ און גיי מיט פרידן.

—און פרידן און ברכות אויף אייביק זאָל דיר גאָט מערן, אויסדערווײלטער פון די בחורים אין יהודה.—האָט נתן געענטפערט און איז אַוועקגעגאַנגען.

און אליפלט איז צוריק אַריינגעקומען און ס׳האָט געזאָגט צו אים מנוח:

—דו וועסט זיך דאָך באַהעפטן צו אונז צו קומען צוזאַמען קיין ירושלים.

—איך וועל נישט גיין מיט אייך—האָט אליפלט געענטפערט—וואָרום דאָ וועל איך נעכטיקן און וועל וואַרטן אויף דעם באַפעל פון מרימן. איך האָב געשריבן אַ בריוו אין נוב, און אים און מיין געשאַנק וועל איך פריער שיקן צו מרימן. כדי זאַ־ בערצובעטן זי אויף דעם טאַט, וואָס איך האָב אָפּגעטאָן. דאָס

וואָס איך האָב געטאָן איז אָנגעשריבן אין בריוו, און קיינער ווייסט נישט פון דעם, נאָר גאָט אין הימל, וועלכער האָט גע־שטאַרקט מיין געמיט איך זאָל עס קענען דורכפירן, כדי אויס־צוראָטן דאָס שלעכט, וואָס איז פאַר איר אָנגעגרייט. פאַר גאָט בין איך ריין, און איך האָף, אַז אויך מרים וועט מיך ריינ-וואַשן.

–פאַרגיב מיר און איך וועל דיך בעטן–האָט אַלידע געענט־פערט–אויב דער טאַט וועט ברענגען טרויער אין מרימס האַרצן, פאַרהויל עס פון איר.

–זאָלסט נישט, האַר מיינער–האָט אליפלט געענטפערט–זאָלסט נישט טראַכטן אויף מיר אַזוינס. מרים איז דאָך צו מיר ווי אַ געטרייע מאַמע און זי דאַרף וויסן פון אַלע מיינע טאַטן און אויב איך וועל פון איר עפּעס אַ זאַך פאַרהוילן, וועל איך זיין זינדיק צו איר שטענדיק און וועל נישט קענען ווייזן מיין פּנים צו איר. דעריבער האָב איך עס איר געשריבן אין אַ בריוו, צו אים וועל איך נאָך צוגעבן מיטן מויל און וועל דורך אייך שיקן דעם בריוו מיט דער מתּנה, דאָס זאָל אָנקומען פאַר מיר און דאָ וועל איך וואַרטן אויף איר ענטפער, אויב זי וועט זאָגן: גיי אויף צו מיר קיין ירושלים–וועל איך אַהין אויפגיין מיט גרויס פרייד און זיך באַזעצן אין אירע הויפן ווי אַמאָל, און אויב זי וועט מיר גאָרנישט ענטפערן, וועל איך וויסן, אַז זי צערנט אויף מיר פאַר מיין טאַט. מאָרגן וועל איך עס וויסן און איך גיי איצט דערשרייבן דעם בריוו און ברענגען מיינע מתּנות פאַר איר.

אַזוי האָט ער געזאָגט און איז אַוועקגעגאַנגען. און ער האָט צוריקגעקערט און אין האַנט האָט ער געטראָגן אַ בינטל מיט פרויען־צירונג: האַלבע לבנות, האַלזבאַנדן, פינגערלעך און אוי־רינגלעך, און ער האָט זיי איבערגעגעבן מנוחן און ער האָט זיי איבערגעגעבן צו אַלידען ער זאָל זיי באַטראַכטן. און אליפלט האָט געזאָגט:

–אָט וואָס איך שרייב צו מרימן אין בריוו: דו דאַרפסט נישט מרים, קיין שום צירונג, וואָרום די שיינקייט פון דיין האַרצן

איז העכער פון דעם אַלעם, דאָס איז דיר נאָר אַ געשאַנק צום אָנדענק, וואָרום דורך דיין גרויס גענאָד צו מיר, האָסטו גע־געבן אין מיין האַרץ שטאַרקייט און העלדישקייט צו באַזיגן שטאַרקע און מיט שטאַרקע זיך צו טיילן אין רויב.

— און דיינע ווערטער זיינען טייערער פון דידאָזיקע טייערע זאַכן — האָט אַלידע געענטפערט — און אַזוי וועל איך זאָגן צו דער געשעצטער מרים.

— קום — האָט מנוח געענטפערט — קום, אַלידע, מיין האַר, לאָמיר גיין, וואָרום די זון נייגט שוין צום אונטערגיין; לאָמיר נישט פאַרשפּעטיקן: וואָרום מיר קענען טרעפן די טויערן פון שטאָט פאַרשלאָסן. דו וועסט דאָך קומען, אליפלט, פריינט אונזערער, מאָרגן אין שטאָט אַריין און דאָרט וועלן מיר זיך זען מיט פרייד.

— ריכטיק מנוח מיין האַר — האָט אליפלט געענטפערט — דער טאָג האָט שטאַרק זיך אַראָפּגעלאָזט און איר האָט נאָך אַ שיין שטיקל וועג אין שטאָט אַריין, דעריבער גייט מיט פרידן און גריסט אין מיין נאָמען די געשעצטע, צאַרטע מרים.

און מנוח און עוזיאל האָבן זיך געזעצט אויף זייערע מויל־אייזלען, האָבן זיך געגריסט צו אליפלטן און אַוועקגעריטן זייער וועג. און עוזיאל האָט געהאַט ביי זיך די מתנות און דעם פאַרחתמעטן בריוו, וואָס אליפלט האָט געשיקט צו מרימן.

און מנוח האָט געזאָגט צו עוזיאלן:

— אַז מיר וועלן קומען קיין ירושלים און די פינסטערניש וועט אונז פאַרבאָרגן, וועסטו קומען דורכן גאָרטן אין מרימס הויז, וואו זי וואַרט אויף דיר מיט גרויס אומגעדולט.

און מנוח האָט געגעבן עוזיאלן דעם שליסל צו פאַרשליסן מיט אים די טיר פון גאָרטן, וואָס איז איצט אָפן, נאָכדעם ווי ער וועט אַריין אינעווייניק, און זיי גייען און דערנענטערן זיך צו קומען אין שטאָט אַריין. און דאָס האַרץ פון עוזיאלן שרעקט זיך און פרייד זיך.

## ו.

אָון מרים, וואָס האָט זיך געפירט באַשיידן מיט מאַנסבילן, האָט כסדר אין זינען געהאַט און געבענקט נאָך איר מאַן עוזיאל: אין די זעכצן יאָר, האָט זי פאַר אים גאָט געבעטן פאַרנאַכט, אינדערפרי און בייטאָג. זיבן מאָל אין טאָג האָט זי זיין נאָמען דערמאָנט און אויך איבער די נעכט האָט זי פון אים געטראַכט, און ווער קען פילן איר האַרץ אין די זיבן טעג, וואָס זי האָט געוואַרט אויף דער גליקלעכער נאַכט, ווען זי וועט זען איר מאַן עוזיאל?

און דידאָזיקע נאַכט איז געקומען, און זי איז דורכגעגאַנגען די צימערן און זיי פאַרשלאָסן נאָך זיך און אַריינגעקומען אין איר שאַך-צימער וואָס האָט געהאַט אַ טיר אין גאָרטן אַריין, וועלכע איז שטענדיק פאַרשלאָסן געשטאַנען און געווען אויפגעשלאָסן די נאַכט. אין דעמדאָזיקן צימער האָט אַמאָל קטורה געוואוינט און האָט אים פאַרשוועכט מיט איר זינדיק האַרץ. מרים האָט דאָס צימער אויסגערוימט באַצירט מיט אַלע טייערע זאַכן. דאָרט איז געשטאַנען אַ בעט, וואָס איז געווען פאַרשפרייט

מיט טייערע טעפּיכער און אַ געגרייטער טיש איז געשטאַנען. אויפן טיש — אַלע גליסטיקע עסנוואַרגן, קאָסטבאַרקייטן, זיסע זאַכן, דער טייערסטער ווייַן מיט די טייערסטע בוימלען און שמעקעדיקע זאַכן; אויף אים איז געשטאַנען אַ גאָלדענע מנורה און מרים האָט אָנגעצונדן די ליכט און האָט זיך אָנגעקלייד אין פּרעכטיקע קליידער, זיך אַוועקגעזעצט אויפן טייערן בעט און דאָס האַרץ קלאַפּט אין איר ווי מיט האַמער.

באַרמיטן איז דאָס ברומעריי פון שטאָט. די פינסטערניש האָט צוגעדעקט די וועלט, אָבער ליכט און פרייד איז צו מרימן אין איר רוזיקן שאַך־צימער. אַ סך מאָל איז זי צוגעגאַנגען צו דער טיר, זיך איינגעהערט און ס'איז שטיל, נאָר דער ווינט טרייבט די צווייגן פון די ביימער.

אַזוי ווי זי הערט זיך אַזוי איין, און זי דערהערט טריט, איז דאָס האַרץ אין איר אַנטפאַלן און באַלד — מען קלאַפּט שטיל אין טיר און זיסע ווערטער פאַרנעמען אירע אויערן אַזוי צו זאָגן:

— עפן מיר, מרים, מיין שטילע טויב, עפן דיין אויסדערוויילטן עוזיאלן, וואָס קומט שטיל, ווי שטיל עס פליסט די וואַסער פון טייך שלוח.

דידאָזיקע ווערטער האָט מרים געדענקט נאָך פון זייער חתונה־נאַכט, ווארום אַזוי האָט זי צו אים דעמאָלט געזאָגט און קיי־נער האָט די רייד נישט געהערט, און דאָס איז געווען פאַר איר אַ צייכן, אַז איר אויסדערוויילטער רעדט צו איר.

און מרים האָט געגעבנט, אָנגענומען די קליאַמקע און די טיר געעפנט, און אַ גליסטיקער מאַן, שיין מיט זיין געשטאַלט און אויסגעצירט אין שיינע קליידער איז אַריינגעקומען אין צימער און געבליבן שטיין פאַר איר. שטייט און קוקט אויף מרימן, וואָס איז דערשראָקן און קען קיין וואָרט נישט אַרויסריידן. אָן צוזאָגן אַ וואָרט, איז זי געפאַלן עוזיאלן אויפן האַלז, ער האָט זי געהאַלזט צווישן זיינע אָרעמס און אַ ווילע האָבן ביי־דע געוויינט פון גרויס צעשטרויאונג ביז זיי האָבן שוין קיין

כח נישט געהאַט צו וויינען, דאַן האָט עוזיאל געעפּנט זיינע לעפצן און געזאָגט:

—וואָס זשע מאַכסטו מרים, טויב מיינע, צי איז פרידן צו דיר, גאַרונג פון מיין האַרצן, זיי מיר פון איצט אָן דער קוואַל פון מיין לעבן!

—אָך, מיין ליכט און מיין גליק!—האָט מרים אויסגערופן—עוזיאל, מאַן מיינער, שוואַרצאַפּל פון מיין אויג! צי וועל איך נאָך פילן דיין אָטעם און עס וועט מיך האַלזן דיין רעכטע האנט? גאָט האָט דיך גערופן פון עק וועלט און דיך געבראַכט בשלום צו דיין געטרייע טויב, וואָס גייט אויס נאָך דיר אַזוי פיל יאָרן.

דאָס האָט זי געזאָגט און געקניט פאַר גאָט, האָט געווענדט איר פּנים צו דער זייט וואו עס שטייט דאָס בית־המקדש און אויפ־געהויבן די הענט צו דאַנקען גאָט פאַר זיין גענאָד.

און עוזיאל האָט געזאָגט:

—טייערע מיינע, מיט דעם גאַנצן האַרצן דאַנק גאָט וואָס האָט אונז באַוויזן זיין חסד, לאָמיר פאַר אים פאַרגיסן פרייד־טרערן, אפשר וועט ער צוזען אונזער פּיין און וועט אונז שוין מער נישט צושיידן.

אַז מרים האָט פאַרלענדט אויסצוגיסן איר האַרץ פאַר גאָט, איז זי אויפגעשטאַנען און גענענט צו עוזיאלן, וואָס האָט זיך גע־האַט איינגעהילט דאָס פּנים און געוויינט, איז אים ווידער גע־פאַלן אויפן האַלז, און זי האָט געזאָגט:

—מיין פאַרשטויסענער און טייערער. איצט בין איך דיינע און דו ביזט מיין. איצט זעץ זיך מיט מיר און מיר וועלן ביידע שמועסן. וויפיל מאָל האָב איך דיך געזען אין חלום ביינאַכט און גערעדט מיט דיר, איצט וועל איך זיך זעטיקן אויף דער וואָך מיט דיין געשטאַלט און עס וועלן אַוועק ליידן און פּיין, עס וועלן זיך אויסלאָזן די שלעכטע יאָרן און פרייד און גליק וועט אונז גרייכן פון איצט אָן אויף אייביק.

און עוזיאל האָט זיך געזעצט נעבן מרימן און זי געהאַלזט און געזאָגט:

—צי וועט מיר מיין אָרט מיט דיר נאָך דערקענען, טייערע מיינע? צי איז בישטאָ קיין שרעק אַרום? איך בין געקומען אַהער דורכן גאָרטן און די טיר האָב איך פאַרשלאָסן.

—באַרואיק זיך, מאַן מיינער, פרייד מיינע—האָט מרים געענט־פערט—דו ביזט אין צימער פון דיין טייערער טויב, ביזט אָפּ־געהיט ביי מיר, שרעק זיך נישט מאַן מיינער! דיינע פיינט האָבן דיך שוין לאַנג פאַרגעסן און די הויז־מענטשן און דינסטן מיינע קענען דיך נישט. ווי דער אויפזעער פון מיין הויז וועסטו ביי זיי זיין.

דאָס ריידנדיק, האָט זי אים געקושט און געזאָגט:

—איינער ביזטו דאָך ביי מיר און איינע בין איך דיר אין לייד און פרייד. זע נאָר, מאַן מיינער, דאָס קלייד, וואָס איך האָב אָנגעטאָן, דאָס זעלבע האָב איך געטראָגן אין אונזער גלוסטונג־נאַכט, אין דער חתונה־נאַכט. ווי מיין ערע איז עס נאָך ניי, די מילבן האָבן עס נישט אויפגעפרעסן.

—ווי דיין יוגנט־חסד אויף דיין ליכטיק פנים—האָט עוזיאל געע־ענטפערט קושנדיק זי מיט ליבע און זאַנפט.

—און ווי גיט איז צו רוען אין דייגע אָרעמס! פאַרזוך, מאַן מיינער, פון דעם וואָס איז אָנגעגרייט אויף מיין טיש.

—איך בין זאַט פון פרייד וואָס איך פריי זיך מיט דיר מיין טייערע קרוין—האָט עוזיאל געענטפערט—און מיט אַ האַרץ פול גוטס קום איך קיין ירושלים, וואָרום אַ גרויסע פרייד האָט מיר גאָט צוגעשיקט אויפן וועג, אונזער זון אליפלט. איך האָב אים געזען אין גאַסטהויז, וואָס געפינט זיך צופוסנס פון דער פעס־טונג. מיר האָבן אויך געשמועסט, איך האָב געהערט זיין לויב פון יהושבען איך האָב אָבער אין אים געזען אַ סך מער ווי איך האָב געהערט וועגן אים. ער איז טאַקע אַ טייער קינד, מיט וועמען גאָט האָט געבענטשט זיינע עלטערן. וויפיל מאָל, אַז איך האָב אים געוואָלט פאַלן אויפן האַלז און אויסרופן: זון מיינער, שוואַרצאַפל פון מיין אויג! אָבער איך האָב גע־שוויגן, וואָרום ס'איז נאָך נישט געקומען די צייט, אַראָפּצונעע־מען די מאַסקע אין וועלכער ער איז איינגעהילט. איך האָב אים

גערופן ביים נאָמען און ער האָט נישט געוואוסט, אַז איך בין זיין פאָטער. ער האָט דאָך דיר געשיקט, דיר זיין וואוילטעטערין, מתּנות פון רויב פון דמשק מיט אַ פאַרמאַכטן בריוו, איך האָב דאָס אַלץ מיט זיך. צי ביזטו נאָר זיין וואוילטעטערין?

דאָס זאָגנדיק האָט ער אַרויסגענומען פון קעשענע די טייערע זאַכן און זיי געגעבן מרימן, וואָס האָט זיי באַטראַכט און גע־זאָגט: קענסט זיך רימען מיט מיר, מאַן מיינער, אַז אַ זון האָב איך דיר דערצויגן און ער וועט דיר גרויס פאַרגניגן פאַרשאַפן, איך האָב אים דערצויגן מיט מיין געמיט און ער איז איצט דער רום פון די בחורים: פאָטערס שטעלן אים אַלס ביישפּיל פאַר זייערע קינדער און בענטשן זיך מיט אים. אָבער זע נאָר, מאַן מיינער, פרייד מיינע, מיר האָבן זיך אַזוי צערעדט וועגן אונזער זון, אַז מיר לייענען דערווייל נישט דעם בריוו, וואָס ער האָט מיר געשיקט דורך דיר.
און אַזוי ריידנדיק האָט זי גענומען דעם בריוו און געלייענט פאַר איר מאַן, אַזוי:
–געשעצטע צאַרטע מרים!
צוזאַמען מיט שטאַרקע האָב איך געטיילט דאָס מלחמה־רויב. איך האָב אויך באַפרייט פון תּפיסה דניאלן. אויך פון אַרם האָט מיך גאָט געפירט אין אַ גוטן וועג. הער עס אויס מרים און שטוין: וואָרום גאָט האָט געבראַכט דורך מיר אַזאַ טאַט, ווי עס האָט געטאָן דיין מאַן עוזיאל. און אַזוי ווי ער האָט גע־ראַטעוועט חפציבה פון טויט פון נעגערס האַנט, אַזוי אויך האָב איך זי מציל געווען פון דער האַנט פון נעגערס זון, און פון די אויסוואורפן, וואָס זיינען געווען באַהעפט צו אים, און וואָס האָבן אויך אויף דיר, צאַרטע, געלאָקערט און דיך געוואָלט אומברענגען. דאָס זיינען געווען טויט־שלוחים געשיקט פון קטורה און רעומה איר טאָכטער, פון דידאָזיקע פאַרשאָלטענע פרויען. איך האָב פון זיי אַרויסגעקריגן דעם אמת, דערנאָך האָב איך זיי באַהאַלטן אונטער דער ערד און קיינער ווייסט נישט דערפון, אַחוץ חפציבה, וואָס וועט דיר דערציילן אַלץ,

וואָס איך פֿאַרבאָרג ביז דער ריכֿטיקער צייט, וואָרום מיט דער צייט וועט זיך אויסגיסן מיין צאָרן צו קטורהן און צו איר טאָכֿטער רעומה. מיט גלאַטיקע ריידעלעך וועל איך פֿאַרנאַרן איר טאָכֿטער רעומה, וואָס איז אין מיר פֿאַרליבט און איך וועל איר אָפּצאָלן ווי זי האָט זיך פֿאַרדינט. און זאָל דאָס זיין פֿאַרבאָרגן ביז דער ריכֿטיקער צייט.

און דו, געאַכֿטעטע מרים, זיץ רואיק און גאָט וועט דיר צו־ריקקערן דיין פֿאַרשטויסענעם, דיין מאַן עוזיאל. דיינע אויגן וועלן אים נאָך זען ביי דיר אין שטוב און וועסט זיך פֿרייען מיט אים. און מיינע אויגן וועלן נאָך צוזען דיין פֿרייד און מיינע אויערן וועלן נאָך הערן ווי דו וועסט זאָגן צו אים: דעמדאָזיקן יונגל האָב איך אַריינגענומען צו מיר אין שטוב און רוף אים זון מיינער. אויך דו, מיין מאַן, באַקען זיך מיט אים און רוף אים: מיין זון אליפֿלט.

איך געפֿין זיך איצט אין גאַסטהויז, ביי דער פֿעסטונג און ס'איז איצט מיט מיר אַן אַנדער געמיט. ביז אַהער האָט גאָט געמאַכט פֿרייען מיין האַרץ, איצט איז מיר ביטער: וואָרום גע־הערט האָב איך אַ הערונג און איך בין דערשראָקן. איך בין אַרויפֿגעגאַנגען אויפֿן אויסקוקער־טורם, פֿון דאָרט האָב איך גע־זען ירושלים, וואָס איז נאָענט צו מיר, און מיין האָפֿנונג איז ווייט פֿון מיר. און איך האָב געשיקט מיינע רייד און מיינע מתנות דורך דעם חברונער מנוח און אַלידע, וועמען דו האָסט גערופֿן צו זיין דער אויפֿזעער איבער דיין פֿאַרמעגן, זאָל גאָט געבן און עס זאָל קומען מיט אים די ברכֿה, וואָרום ער איז אַ גלוסטיקער און פֿרומער מאַן; און איך וועל וואַרטן אויף דיי־נע רייד און דיין ראַט, כּדי צו וויסן: צי זאָל איך קומען אין שטאָט אַריין אָדער נישט, וואָרום איך האָב מורא איצט צו זען קציעהן, וואָס איז באַשטימט דורכֿן באַפֿעל פֿון קעניג צו אַן אַנדערן. וואָרום צו יואָס זאָל איך זיין ווי משוגע זעענדיק מיט מיינע אויגן דאָס, צו וועלכֿן איך קען נישט קומען און זיין אַ שטערונג פֿאַר איר? שיק מיר, צאַרטע מרים, דיין ענטפֿער דורך איינעם פֿון דיינע הויזבאַדינער און איך זאָל וויסן, וואָס

איך דאַרף טאָן.

דעם בריוו האָט מרים געלייענט פאַר איר מאַן עוזיאל און זייערע הערצער האָבן געברומט מיט גרויס דערבאַרמונג אויף זייער גלוסטונג—אויף זייער זינד. און מרים האָט געזאָגט:

—און וואָס וועסטו ענטפערן, מאַן מיינער, צו אונזער טייער קינד.

—ווי טייער עס זיינען מיר זיינע ווערטער—האָט עוזיאל געזאָגט—וואָרום דיין געמיט, מיין טייערע, רעדט פון אים. אָבער וואָס ווילסטו מיין טייערע מרים?

—ווי אַזוי זאָל איך נישט וויינען—האָט מרים געזאָגט—וואָרום ווען ער איז נאָך אַ קינד געווען, האָבן מיר אים צוגענומען זיין שיינהייט, האָבן מיר אומגעבראַכט זיין יוגנט־האָפנונג, וואָרום געפאַלן איז ער ביי זיך און זיין גלוסטונג איז הויך פון אים. קציעה—ווען אונזער זון האָט ליב מיטן גאַנצן לעבן—איז אַ ליבע אינדיק, ווער עס זעט זי וועט זי זאָגן, אַז זי איז אָנגעמאָסטן פאַר אונזער זון מיט איר חן און שיינקייט, און אויך זי—אין אים זעט זי דאָס גרעסטע גליק און צו אים דורשט איר האַרץ, בענקט אים צו זען און זיך זעטיקן מיט זיין זיס געשטאַלט. ווען זי וואָלט געווען ביי זיך אין רשות, וואָלט זי קיינעם נישט אַוועקגעגעבן איר שיינקייט, אחוז אָבער וועט זי אַוועקגעבן צו וועמען ער וועט וועלן. און די אויגן פון אונזער זון וועלן דאָס צוזען.

—לאָז צורו—מיין ליבע, לאָז צורו די ליבע, וואָרום זי באַווייזט וואונדער, ווייזט דעם ריכטיקן וועג צו די פאַרליבטע. אָבער הער זיך נאָר צו, מיין טייערע, הער נאָר די שטים פון די ווערטער, וואָס גייען אַרום איבער דער שטאָט. די שטים לאָזט הערן, אַז עס איז שוין נאָך האַלבע נאַכט און איך וועל דאָ נישט נעכטיקן ביזן טאָג אַריין, וואָרום איך וועל אויפשטיין מיטן מאָרגנשטערן צוגלייך איידער עס וועלן אויפשטיין דיינע הויז־מענטשן.

און מרים האָט אָפּגעזיפֿצט און געזאָגט:

—ריכטיק אַזוי, מיין האַרצנסגעליבטער, אונזער פֿאַרגעניגן גנבע־נען מיר דאָך, דעריבער לאָמיר מאַכן אַ סוף צום ריידן און זיך פֿאַרלאָזן אויף גאָט, אַז ער וועט נישט צושיידן די צוויי הערצער, וואָס זיינען באַהעפֿט צוזאַמען.

ז.

אין דער צייט וואָס עוזיאל און מרים פרייען זיך אין ליב־שאַפט און די, וואָס יאָגן זיך צו טאָן אומרעכט שלאָפן נישט.

אַוועק איז שוין האַלבע נאַכט, עס הערן זיך שוין נישט אויך די לידער פון די וויינהייזער און אין דער צייט זיינען גע־גאַנגען צוויי מענטשן אין איינע פון די שמאָלע גאַסן אין ירושלים. איינער איז געווען אַ גלעדער פון דער בית־אלער כהנים־חברה און דער אַנדערער—איז געווען אַ מאַן פון אפרים און ער איז אַן איינוואוינער פון ציון נאָך פון דער צייט ווען עס האָט געקעניגט עוזיהו און זיין נאָמען איז פשחור. אַ מענטש אַ געמיינער אויסוואורף און אַ פינסטערער פאַרשוין, וואָס האָט געוואוסט אַלע הייזער אין ירושלים און וואָס עס טוט זיך אין זיי.

—און וואוהין פירסטו מיך, פשחור—האָט דער גלעדער געפרעגט.

—איך האָב דיר דאָך געזאָגט—האָט פשחור געענטפערט—אַז מיר

וועלן גיין אין ווייַנהויז, ווײַל ס׳הייסט כּרמי. דאָ נישט לאַנג האָט ער פון דאָסניי אויפגעבויט זיין הויז פאַר אַזעלכע מענטשן ווי מיר זיינען. דאָרט זיצט מען איבער די נעכט, וואָרום דאָרט ביים ווײַן ווערן אַלע פּלענער געבוירן.

און דאָס ווייַנהויז פון כּרמי, איז געווען אָפן אַ גאַנצע נאַכט, אהין האָבן זיך צונויפגעקליבן אַלע אויסוואורפן און די, וואָס באַהאַלטן זיך מיט זייערע מעשים, אַלע זינדיקע לייט זיינען דאָרט געזעסן און אַהין איז אויך געקומען פשחור מיט זיין חבר, דעם גלעדער.

—גיב כּרמי—האָט פשחור געזאָגט—גיב ווײַן פאַר פאַרביטערטע, ווײַן פאַרטרייבט דעם טרויער און גיט וויסן, קלוגשאַפט און פאַרטלען.

און כּרמי האָט זיי דערלאַנגט ווײַן און ביער און האָט געזאָגט:

—דערדאָזיקער ווײַן איז אַ טייך פון וואַנען עס פליסט גוטע איינפאַלן. טרינק, פשחור, פון דער משקה און דיינע אויגן וועלן זיך דיר עפענען.

דאָס האָט כּרמי געזאָגט און איז זיך אַוועק און פשחור און דער גלעדער האָבן געטרינקען. און עס האָט געזאָגט דער גלעדער:

—עמרי האָט מיר געגעבן געלט, ווען איך האָב אים געטראָפן נאָך דעם גאַסטהויז וואָס געפינט זיך ביים פעסטונג, ער האָט מיר געגעבן געלט פאַר דער בייזער בשורה, וואָס איך האָב אים אָנגעזאָגט וועגן אומקומען פון דעם נעגערזון, צדקיהון און נאָך אַ דריטער צו זיי פון אונזער חברה. און עמרי האָט מיר געזאָגט, אַז אַ סך גוטס איז געווען אָנגעגרייט פאַר צדקיהון. און ער האָט מיר באַפוילן, איך זאָל דיר דערציילן וועגן די אומגעקומענע, כּדי דו זאָלסט נאָכפאָרשן, ווער דאָס האָט געטאָן און מאָנען זייער בלוט. און אויך צו באַראַטן זיך מיט דיר וועגן מרימן, ווײַל מאַן עס פאַרבאָרגט זיך אויף דעם געוויסן אָרט, וואָס איז באַוואוסט עמרין. ער האָט דאָך דערציילט

מרימן וועגן דעם און זי האָט אים נישט געגלייבט: וואָרום צייכנס פאַרלאַנגט זי. און דו, פשחור מיין פריינט, דו ביזט דאָך אַ חכם און ווייסט וואָס צו טאָן און עמרי איז זיכער מיט דיר, אַז דו וועסט נאָכפאָרשן און זיך דערוויסן וואו זיינען אַהינגעקומען די דריי מענטשן, וואָס זיינען פון אים געשיקט געוועןן און וואָס פאַר אַ צייכנס איך זאָל געבן מרימן. און דאַן וועל איך קומען צו מרימן צו ריידן איר וועגן איר מאַן. דו קענסט דאָך אליפלטן, וואָס וועט דערצויגן ביי איר און ווייסט אַלץ, וואָס עס טוט זיך דאָרט, פרעג אים אין עמריס נאָמען און ער וועט דיר זאָגן, וואָס נאָר דו וועסט וועלן וויסן, וואָרום פון אים וועט מרים גאָרנישט באַהאַלטן.

אַז דער גלעדער האָט געענדיקט ריידן און פשחור האָט גע־געבן אַ הייבאויף זיין בעכער און אויסגערופן:

—זאָל לעבן פשחור און זאָלן לעבן אַלע, וואָס פאַרלאָזן זיך אויף אים! האָסט היינט גערעדט צו מיר און די רייד זיינען מיר דורך איין אויער אַריין און דורך דעם אַנדערן אַרויס. ביז מיר זיינען געקומען אין ווייןהויז, איצט פאַרשטיי איך וואָס דו מיינסט צו זאָגן, וואָרום דיינע דריי מענטשן האָבן נאָכגע־יאָגט חפציבה און זיינען אומגעקומען. אָבער דאָ געפינט זיך איינער אַ קרוב צו חפציבה און ער וועט מיר זיין אַן אָפּענער קוואַל. ער איז אָבער אַזאַ פויגל, וואָס האָט ליב ציון און פיינט אפרים, דעריבער וועל איך אויסזוכן אַ פּאָרטל אים צו ברענגען אין אפרים, דאָרט וועלן מיר אים אויספאָרשן און אפשר וועלן מיר פון אים עפּעס דערגיין דורך דעם, וואָס מיר וועלן אים פייניקן.

—דאָס איז דאָך אַ קלייניקייט—האָט דער גלעדער געענטפערט—מאַך דיין שטיקל אַרבעט מיט שכל און דו וועסט נעמען גוט געלט פון עמרין אַחוץ דו וואָס דו וועסט באַקומען פון עוזיאלן, מרימס מאַן, דער שכר וועט גרויס זיין.

און עוזיאל און מרים האָבן זיך אויפגעכאַפּט באַלד באַגינען. און עוזיאל האָט געזאָגט צו זיין ווייב:

—איצט, מיין טייערע, וועל איך אויפשטיין, וואָרום ס'איז נאָך

פאַר אונז נישט געקומען די צייט פון רו. איך וועל אַוועק פון דאַנען איידער עס גייט אויף דער מאָרגנשטערן און וועל גיין צו מנוחן אין צימער, און באַלד אינדערפרי שיק אַ לויפער ער זאָל אַהערברענגען אונזער זון אליפלט. ווען ער קומען מיטאָג־צייט, און דעמאָלט וועל אויך איך קומען אין דיין הויז, וועל זיך צו דיר דערקענען מיטן נאָמען אַלידע און וועסט מיך מאַכן פאַרן אויפזעער איבער דיין פאַרמעגן און דו וועסט זיין צו מיר ווי אַ צאַרטע האַרינטע.

—איך וועל דיר זיין אַ צאַרטע האַרינטע—האָט מרים געענטפערט—און דו וועסט זיין מיין האַר. אָבער לאָמיר איבערלאָזן אונזער־רע רייד אויף מאָרגן אין דער צייט, וואָס דו וועסט קומען אין מיין שאַצצימער, און איצט גיי פון דאַנען מיט פרידן און גיי אַוועק אין דיין געצעלט אין מנוחס וואוינונג.

אַזוי האָט זי געזאָגט און עוזיאל האָט אָנגעטאָן זיינע קליידער, האָט געקושט זיין ווייב מרים און איז אַרויסגעגאַנגען, און מרים איז געבליבן ווי אין חלום.

און ווי דער מאָרגנשטערן איז אויפגעגאַנגען, און מרים האָט אָנגעקליידט אירע קליידער און זי האָט באַפוילן מגדיאל דעם אדומער, ער זאָל רייטן אויף אַ גרינג פערד און ברענגען אליפלטן פון גאַסטהויז. און מגדיאל האָט געאיילט צו טאָן ווי זיין האַרינטע האָט אים באַפוילן.

און דערדאָזיקער מגדיאל איז געפאַנגען געוואָרן דורך אליפלטן, און ער האָט שוין נישט געוואָלט צוריקקערן אין זיין געבורטס־לאַנד, וואָרום ער האָט זיך פאַרליבט אין עכסה, מרימס דינסט. ער האָט אויך געהאַט אַ ווייטע האָפנונג, אַז מרים וועט אים מאַכן פאַרן אויפזעער איבער איר פאַרמעגן. און עס האָט אים שטאַרק לייד געטאָן, הערנדיק, אַז זי איז גרייט צו ברענגען צו זיך אַן אַנדער אויפזעער.

דער מאָרגן איז געוואָרן אַלץ ליכטיקער און ליכטיקער, ביז ס'איז געוואָרן גרויסער טאָג. און מרים האָט באַפוילן צו שחטן אַ שחטונג און צוגרייטן מיטאָגעסן: וואָרום ס'איז היינט ראש חודש, און ס'וועלן מיט איר עסן די אַלטע און נייע געסט,

דאָס זיינען: אליפלט, מנוח און אַלידע. און עכסהן האָט זי געשיקט זאָגן קציעהן, אַז מנוח האָט צוריקגעקערט פון לבנון, וואו איר מוטער געפינט זיך און געבראַכט אַ גאַסט מיט זיך, דאָס איז אַלידע, וואָס קומט אַלס נייער אויפזעער אויף מרימס הויז. און אויך אליפלט האָט צוריקגעקערט פון אַשור. און קציעה האָט אָנגעקליידט אירע טייערע קליידער, האָט זיך אַריינגעזעצט אין דער גרויסאַרטיקער קאָטש און געקומען צו־פאָרן צו מרימס הויז.

אַז קציעה איז אַריינגעקומען אין שטוב, האָט זיך מרים דער־פרייט מיט איר און האָט געזאָגט צו איר:

—זיי געבענטשט, מיין טייערע, וואָס ביזט געקומען צו מיר אויף ראש חודש, און מיט מיר וועסטו עסן מיטאָגעסן, וואָרום באַלד וועלן געסט צו מיר קומען, דאָס זיינען: מנוח און אַלידע פון לבנון, און אליפלט, וואָס קערט צוריק פון אַשור און אַרם.

דערהערנדיק דעם נאָמען אליפלט, האָט אַ ליכטיקייט באַשיינט קציעהס פנים און זי האָט געזאָגט צו מרימן: און אויך דו, צאַרטע, ווי שיין דו ביזט היינט ווי אַ יונג שיין מיידל אין ציון.

און אַזוי ווי זיי זיצן אַזוי און ריידן איז עכסה אַריינגעקומען זאָגן, אַז מנוח מיט זיין חבר זיינען אין זאַל. און מרים האָט געזאָגט:

—זאָלן זיי אַהער אַריינקומען.

עכסה איז אַרויסגעגאַנגען און מנוח און אַלידע זיינען אַריינ־געקומען אין צימער, וואו מרים און קציעה האָבן זיך געפונען. פאַר זיי זיינען ביידע פרויען אויפגעשטאַנען. און עוזיאל, וואָס האָט געהייסן אַלידע, איז אָנגעטאָן אין שיינע קליידער און איז פרעכטיק מיט זיין אויסזען, וואָרום די פרייד פון זיין האַרצן האָט אים צוגעגעבן שיינקייט און פראַכט.

—איז פרידן צו דיר, מנוח?—האָט מרים געפרעגט—איז פרידן צו יהושבען מיין חברטע, די מוטער פון קציעה דיין פאַרוואַנדע־טע, איז פרידן צו דיין צאַרטער פרוי. און געבענטשט זאָל זיין

אויך דיין חבר, וואָס איז געקומען אין מיין הויז!
—ס׳איז פרידן צו מיר און אַלע וואָס געפונען זיך ביי מיר—
האָט מנוח געענטפערט, און אָט איז מיין חבר אַלידע וועגן
וועלכן יהושבע האָט גוטס געזאָגט. ער קומט היינט זיך צו
באַזעצן אין דיין הויז, צאַרטע, און זיין דער אויפזעער איבער
דיין פאַרמעגן: דיינע פּאַלאַצן, פעלדער, וויינגערטנער און
סטאַדעס.
—מיט פרידן זאָל זיין דיין קומען, אַלידע—האָט מרים זאַנפט
געענטפערט—זאָל גאָט געבן און מיט דיר זאָל קומען די ברכה
אין מיין הויז. דאָס גוטס זאָגן פון יהושבע איז מיר טייער
און איך בין זיכער אין דיין איבערגעגעבנקייט און טרייקייט,
אַז וועסט וויסן ווי אַזוי אַלץ צו פירן איך זאָל צופרידן זיין.

—גענאָד און פרידן צו דיר, צאַרטע האַרינטע—האָט אַלידע גע־
ענטפערט—מיט ערלעכקייט לעב איך שטענדיק, און מיט ער־
לעכקייט און פאַרשטאַנד טו איך שטענדיק אַלץ.
און מנוח האָט זיך געווענדט צו קציעהן און געזאָגט:
—אַלידע, מיין געשעצטער חבר קען דיר אָפּגעבן אַ גרוס פון
דיין מוטער. אַ טרויריקע איז זי געקומען אין מיינע געצעלטן. און
דאַרפסט דאַנקען אַלידען, וואָרום זיינע זיסע רייד האָבן איר
געטרייסט און מיט יעדן טאָג קומט זי אַלץ מער צו זיך. דעם
ערשטן טאָג פון פרילינגס־חודש וועסטו איר זען אין איר פּאַ־
לאַץ. אויך דיין שוועסטער שולמית וועט זי מיט זיך ברענגען,
וועסטו זי זען און דיין האַרץ וועט זיך פרייען, וואָרום
זעט אויס פּונקט ווי דו, און דיין מוטער איז צו איר ווי אַ
געטרייע מאַמע.
קציעה האָט נאָר וואָס געעפנט דאָס מויל צו דאַנקען אַלידען
פאַר זיין חסד, וואָס ער האָט געטאָן צו איר מוטער—און דער
אדום־יונג מגדיאל איז אַריינגעקומען מיט אַ שטראַלנדיק געזיכט
אָנצוזאָגן מרימן, אַז אליפלט איז נאָר וואָס געקומען. און אַז
מגדיאל האָט דערזען מנוחן און זיין חבר מיט אים, איז זיין
פּנים שטאַרק געפאַלן, און ער האָט געאיילט אַריינצופירן אליפלטן.

און אליפלט איז אַרייננעקומען אויסגעצירט אין העלדן־קלייד און מיט דער שווערד ביי דער זייט. און ער האָט זיך געשטעלט פאַר מרימן, וואָס האָט אים געגריסט און געזאָגט צו אים: גאָט איז מיט דיר העלדישער בחור!

—צי איז פרידן צו דיר, מרים, געשעצטע און צאַרטע האַרינטע? —האָט אליפלט געענטפערט און זיין צונג איז אים באַהעפט געוואָרן צום גימען, אַז ער האָט דערזען קציעהן, די גאַרונג פון זיין האַרצן אין איר גאַנצער פראַכט און גלאַנץ, זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן און דאָס האַרץ האָט אין אים שטאַרק געקלאַפּט. אויך אין קציעהס אויגן האָבן געגלאַנצט טראָפּנס טרערן, וואָס זי האָט אָפּגעווישט מיט איר טיכל. אָבער תיכף איז אליפלט צו זיך געקומען און האָט געשטאַרקט זיין האַרץ און געזאָגט:

—צי איז פרידן אויך צו דיר, צאַרטע קציעה, שיינהייט פון ציונס טעכטער! פריי זיך, טאָכטער פון גרויסע גוטע לייט, וואָרום גאָט האָט זיך נוקם געוועזן אין אַרם, וואָרום דמשק איז אויס שטאָט געוואָרן, איר קעניג רצין איז געפאַלן פון אַשורס שווערד און זיין פאָלק איז פאַרטריבן געוואָרן.

און קציעה איז זייער איבערראַשט געוועזן און נישט געקענט אַרויסברענגען קיין וואָרט פון מויל. און מרים האָט איר פאַרשטאַנען, האָט זי זיך אַריינגעמישט, זיך געווענדט צו אליפלטן און געזאָגט:

—געלויבט ביזט, אליפלט זון מיינער און געלויבט איז גאָט, וואָס האָט דיך צוריקגעבראַכט אַהער בשלום אונז אָנצוזאָגן די הילף. אַזוי זאָל אונז גאָט ווייטער העלפן און אומברענגען די פיינט פון יהודה.

און קציעה איז דערוויייל צו זיך געקומען, און זי האָט זיך געווענדט צו אליפלטן און האָט געזאָגט:

—דו קומסט אַהער, אליפלט, ווי אַ מלאך פון שלום און בשורה אָנזאָגער פאַר ירושלים. מיין פעסטונג ביזטו דאָך געוועזן אין טאָג פון לייד, און ווען די טעכטער פון ציון זיינען אַריינגעפאַלן געפאַנגענע צום פיינט, האָסטו מיך געראַטעוועט פון

שאַנד און מיך צוריקגעבראַכט קיין ציון און מיט וואָס זאָל איך דיר אָפּדאַנקען, אויסדערוויילטער פון יהודהס בחורים און קרוין פון ציונס זין?

—אמת, צאַרטע—האָט אליפלט געזאָגט—איך האָב דיך אויסגעלייזט פון שאַנד פון פיינט, אָבער באַשיצן און רעטן איז מחויב יעדער מלחמה־מאַן און פאַר דעם האָסטו מיר נישט צו לויבן קיין סך!

און מרים האָט געזאָגט צו אליפלטן:

—גענען צו מיר, זון מיינער, און איך וועל דיך האַלזן אין מיינע אָרעמס. מיין דערבאַרמונג ווערט גרויס צו דיר, אַז איך דערמאָן זיך דעם וייטן וועג, וואָס דו ביזט געגאַנגען. בעט פון מיר, זון מיינער, וואָס דו פאַרלאַנגסט נאָר און עס וועט דיר געגעבן ווערן.

און אליפלט האָט גענענט צו מרימן, וואָס האָט אים געהאַלזט און געקושט אין שטערן און ער האָט געענטפערט און געזאָגט:

—דערבאַרמיקע מוטער, צי איז ווייניק פאַר מיר די אַלע הסדים, וואָס האָסט געטאָן צום זון פון דיין דינסט און וואָס נאָך זאָלסטו מיר טאָן? אַ סך האָסטו מיר גוטס געטאָן: וואָרום דו האָסט מיך דערצויגן ווי אַן אייגענעם זון, האָסט מיך געבראַכט אין דיינע פּאַלאַצן און האָסט מיך גערופן: זון מיינער, און האָסט מיך גוט דערצויגן און מיר געגעבן אַ נאָמען צווישן די האַרנזין!

און מרים האָט געזאָגט:

—שטאַרק זיך, זון מיינער, און זיי אַ מענטש מיט אַ שטאַרק האַרץ און שטאַרקער האַנט. גערעכטיקייט זאָל זיין אין דיין האַרצן און גאָטספראָכטיקייט אויף דיין פּנים. אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ שווערד, וואָס דו האָסט אָנגעגאָרט, ס'איז אַ נייע שווערד?

—דידאָזיקע שווערד איז מיר געשענקט פון תּגלת פלאסר, דער קעניג פון אַשור—האָט אליפלט געענטפערט—און וועגן איר וועל איך דערציילן: אויף דעם שטח וואָס ליגט נאָענט צו דער

שטאָט נינוה האָבן זיך אַריינגעבראָכן ווילדע חיות. אַ לייב און אַ לייביכע און האָבן דאָרט פאַרצוקט. זיי האָבן אויפגעפרעסן מענטשן און האָבן אָנגעמאַכט גרויס פאַרדאַרבונג. האָבן זיך דערוועקט די פאַנגער־העלדן, האָבן געקלאָקערט אויף זיי און געפונען זייער נאָרע, און איך האָב זיך געפונען צווישן די דאָזיקע פאַנגער. מיט פייל און בויגן זיינען מיר געקומען אין וואַלד אַריין, און מיר האָבן געגענט צו דער הייל פון די ווילדע חיות, און איינער האָט געבלאָזן מיט אַ שופר כדי זיי איבערצושרעקן און אַרויסטרייבן פון זייער הייל. האָט זיך דערוועקט דער בייזער לייב און האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר פון הייל, און זיינע צוויי אויגן בלישטשען ווי פייערדיקע פלאַקערס און מיט צאָרן שאַרפט ער זיי אויפן מענטש, וואָס האָט געוואַגט אים אויפצורודערן. און ער האָט אָנגעהויבן קריכן מיט שטאַרקע טריט, און ער האָט זיך צעברומט, זיך צעליאַרעמט, האָט אַ שפרונג געטאָן אויף אים און אים אומגעוואָרפן. אַזוי ווי ער פאַרצוקט אים אַזוי מיט גרויס צאָרן, און איינער פון די פאַנגער האָט אויף אים געוואָרפן פון ווייטן אַ פייל און אַריינגעקלאַפט זי אין זיין בויך. דערהערנדיק זיין ברומען איז מיט גרויס צאָרן אַרויס די לייביכע, וואָרום זי האָט זיך דערשראָקן פאַר אירע קינדער, און זי האָט געברומט און געליאַרעמט, און זי האָט אַריינגעבראָכן צווישן די פאַנגער און צעקלאַפּט און צעריסן פיר פאַנגער־העלדן איידער זיי האָבן זיך רעכט אומגעקוקט. און ס'איז געוואָרן אַ גרויסע מהומה, צווישן די איבעריקע פאַנגער, און אַלע זיינען זיך צעלאָפן ווי נאָר זיי האָבן געקענט און זיך אַרויפגעכאַפּט אויף ביימער כדי צו ראַטעווען זייער לעבן. דאַן האָב איך געשאָסן און געטראָפן אַ שאַרפע פייל דער לייביכע אין אויג אַריין, האָט זי גערייטשעט, זיך געוואָרפן און געברומט פון גרויס ווייטאָק און דערווייל האָב איך געוואָרפן אַ צווייטע פייל און איר דעם בויך צעריסן. און מען האָט דערציילט מיין העלדישקייט און שטאַרקעמיט פאַר תגלת פלאסר, דעם קעניג פון אַשור און ער האָט מיר געזאָגט: מיין לאַנד איז אָפן פאַר דיר, וואו דו ווילסט

קענסטו זיך באַזעצן.

האָב איך זיך געבוקט צו אים און געזאָגט:

—איך וועל צוריקקערן קיין ירושלים וואָרום צו איר איז מיין האַרץ פאַרבונדן.

האָט דער קעניג באַפוילן און מען האָט מיר אַרויסגעגעבן פון זיין געווערהויז דידאָזיקע שווערד פון וועלכער די קלינג איז פון טייער שטאָל און דאָס הענטל—געלייטערט גאָלד און איר שייד—פון זילבער. און האָט מיר נאָך געגעבן אַ צענטנער זילבער.

—ווי העלדיש דו ביזט—האָט מרים געענטפערט—אָבער ווי ציטערט אין מיר מיין האַרץ דערמאָנענדיק זיך, אַז דו שטעלסט איין דיין לעבן. דעריבער וועל איך פון היינט אָן און ווייטער נישט לאָזן דו זאָלסט זיך דאָס לעבן איינשטעלן.

—ריכטיק זאָגט די געשעצטע מרים—האָט קציעה געענטפערט—האָסט געוויזן דיין גבורה אין דער מלחמה, דערפאַר טוען אַ סך דיך ליבן און גיבן דיר אָפּ כבוד און דו וועסט זיין אַ ביישפּיל פאַר העלדן, אָבער וואָס קומט דיר אַרויס דערפון, אַז דו שטעלסט איין דאָס לעבן בייצוקומען ווילדע חיות?

—און וואָס האָב איך פון דעם העלדן־כבוד—האָט אליפלט געענטפערט מיט אַ זיפץ.

און עוזיאל האָט געזאָגט צו אליפלטן:

—ווי באַחנט און אָנגענעם דו ביזט יונגער און קרעפטיקער! אַזוי בין איך אויך; אַזוי האָב איך זיך געפירט, ווען איך בין געזעסן אין לבנון צו באַזיגן ווילדע חיות. פרעג עס מנוחן, וועט ער דיר דערציילן—אָבער איך האָב דאָס געטאָן זיצנדיק צווישן פאַרצוקונגס־בערג, נישט אַזוי וועל איך מיך אָבער פירן צווישן ווילדע מענטשן, איך וועל זיך היטן פון זיי, אָבער איך וועל נישט זיין קיין אכזר איך זאָל מיט זיי מלחמה האַלטן.

—הער זיך צו, זון מיינער צו די רייד פון אויפזעער—האָט מרים געזאָגט—וואָרום ער לערנט דיך גוט. אַז האָבן צו טאָן מיט שלעכטע לייט איז נישט גוט. דעריבער, גענוג דיר אליפלט

צו וואַנדערן. זיך אין ציון רואיק און זיכער. פאַרטרייב פון זיך יעדער טרויריקן געדאַנק און שלעכט געמיט און דערמיט וועסטו זיך ברענגען אַ טובה. עס וועט דיר ברענגען אַזאַ טובה, אויף וועלכער דו האָסט גאָרנישט געהאָפט.

דידאָזיקע לעצטע רייד האָבן נישט געשמעקט אליפלטן און קציעהן, נאָר ס'איז דערווייל געקומען מיטאָגצייט און מרים האָט באַפוילן צו גרייטן דעם טיש. און זיי האָבן זיך געזעצט עסן און טרינקען.

## ח.

דעם זעלבן טאָג, נאָך מיטאָגצייט, האָט מרים צענויפגערופן אירע קנעכט אין אַרבעטמענטשן, וואָס געפינען זיך אין שטאָט און האָט געזאָגט צו זיי:

—אָט דער מענטש, אַלידע, וועט פון איצט אָן זיין דער אויפזעער איבער מיין גאַנץ פאַרמעגן און איבער מיין הויז, זאָלט איר אים אַלץ פאָלגן און אים נישט ווידערשפעניגן.

און מגדיאַל דער אַדומער, האָט געטראַכט פאָרטלען ווי אַזוי צו ווערן דער אויפזעער פון מרימס פאַרמעגן און נעמען פאַר אַ ווייב איר דינסט עֶכסה, וועלכע ער האָט ליב. און אַז ער האָט געזען, ווי מרים האָט צו זיך געבראַכט דעם נייעם אויפזעער, האָט עס אים שטאַרק פאַדראָסן און דער אויפזעער איז אים געווען ווי אַ דאָרן אין די אויגן. און אין דעם טאָג איז צו אים געקומען פשחור און האָט מיט אים לאַנג גערעדט און אים אַזוי צוגעזאָגט:

—אַצענטנער זילבער וועסטו פון מיר באַקומען און אויך עכסה, מרימס דינסט, וועסטו האָבן פאַר אַ ווייב אויב דו וועסט

מיר אויסשטרעקן דיין האַנט דורכצופירן מיין פּלאַן וועגן דיין האַרינטע מרים. דעריבער גיב גוט אַכטונג אויף איר פּיראַכץ און וואָס דו וועסט זעען, זאָלסטו מיר דערציילן.
—איך בין גרייט צו טאָן אַלץ, וואָס דו וועסט מיר באַפעלן וואָרום אויך מיר געפעלט נישט איר פּיראַכץ.
אַזוי האָט מגדיאַל געענטפערט און פשחור איז זיך אַוועקגעגאַנגען. און פון דעמאָלט אָן האָט מגדיאַל געלאָקערט אין הויז פון מרימן, וואָס זי איז געוועַן זיכער אין איר פּיראַכץ מיט איר מאַן עוזיאַל, וואָרום זי האָט זיך מיט אים געפירט זייער באַשיידן פאַר די אויגן פון אירע הויזאיינוואוינער.
אַזוי זענען פאַרביי זעקס טעג. מרים איז געווען פריילעך מיט איר מאַן און געווען שטאַרק גליקלעך און מגדיאַל טוט זיך זיין אַרבעט און קיינער ווייסט נישט, וואָס ער האָט אין זינען.
און נאָך זעקס טעג איז נתן געקומען פון נוב און געבראַכט אַ בריוו פון חפציבה צו מרימן. און דעם בריוו האָט זי געלויבט אַליפלטן פאַר זיינע חסדים, וואָס ער האָט מיט איר געטאָן, און מרים וואָס האָט זיך געפרייד מיט איר זון און מיט איר מאַן האָט באַפוילן צו שחטן אַ שעחטונג אויף דעם זיבעטן טאָג פון לעצטן חודש, דאָס איז עוזיאַלס געבורטטאָג. אין דעם טאָג פלעגט זי אַלע יאָר צדקה טאָן און גאָט בעטן פאַר איר מאַן, און דאָס מאָל איז דער טאָג פאַר איר געווען אַ דאַנק-טאָג צו גאָט, וואָס האָט איר צוריקגעקערט איר פאַרשטויסונג און אים באַשערט מיט איר אין אַ רואיק וואוינונג. ער האָט אויך צוריקגעקערט דאָס האַרץ פון זון צו זיין פאָטער: וואָרום אַליפלט האָט פאַרנומען די לערע פון עוזיאַלן און אים געפאָלגט אַזוי אַז אין די לעצטע צייטן איז ער געוועַן צו אים שטאַרק צוגעבונדן.
און איינמאָל אין אַ טאָג, און מגדיאַל איז אַריינגעקומען און האָט געזאָגט:
—נייעס וועל איך אייך דערציילן, מיינע האַרן, דער קעגיג אָחז איז קראַנק געוואָרן, ליגט צובעט, איז זער קראַנק און מען האָט געשיקט לויפער צו ברענגען צו אים רופאים פון גלעד.

דאָס דערהערענדיק, זענען צוטומלט און דעשראָקן געוואָרן אַלע וואָס זענען דאָרט געווען. איינער צום אַנדערן האָט געקוקט מיט פאַרוואונדערונג און מען האָט זיך געשושקעט. און מרים האָט געפרעגט מגדיאַלן ער זאָל איר זאָגן, ווער עס האָט אים געזאָגט.

—פון פשחורן האָב איך עס געהערט — האָט מגדיאַל גע-ענטפערט—און ער האָט עס געהערט פון איינעם אַ מלוכה־האַר. אַזוי ווי ער רעדט, און אַ קאָטש פאָרט צו און בלייבט שטיין פאַר מרימס הויז. נאָך אַ ווײַלע—און תרצה מיט קציעהן קומען אַריין. און מרים האָט געפרעגט תרצהן:

—צי טאַקע איז דער קעניג שלאַף געוואָרן? האָסט דאָך מסתּם געהערט וועגן דעם פון דיין מאַן ידידיה?

—אמת—האָט תרצה געענטפערט—דער קעניג איז זער קראַנק און דאָס לאַנד יהודה איז נאָך נישט רואיק אַרום. ווארום די אַדומער האָבן זיך אַריינגעריסן אין אירע גרענעצן. און אַז דער קעניג איז קראַנק געוואָרן, האָט ער איבערגעגעבן זיין מאַכט זיין זון חזקיה ביז ער וועט געזונד ווערן.

מרים האָט תרצהן און קציעהן אַריינגעפירט אין אירע צימערן און די וואָס זענען געזעסן אַרום טיש, האָבן גערעדט וועגן דעם בייעס און נתן האָט זיך אויפגעכאַפּט און געזאָגט:

—די געטליכע נביאים זאָגן פאָר דעם סוף פון פּיין וואָס איז שוין נאָענט, און עס וועט מיט גרעכטיקייט פאַרפעסטיקט ווערן דער טראָן צום הויז פון דוד, און עס וועט ווידערקערן דאָס אַ מאָליקע קעניגרייך צו ירושלים, אין די אויגן פון אַלע פרומע לייט זענען געווענדט צו חזקיה וואָס איז נאָענט צו גאָט. וואָרום ער וועט רוען זיכער. אין זיין שאָטן וועלן מיר מיט אים לעבען רואיק און פאַרזיכערט. זאָל נאָר קומען דער דאָזיקער טאָג און איך וועל גיין קיין שומרון אָנצוזאָגן די גרעכטיקייט פאַר אַלעמען אין עס וועלן צוריקקערן די פאַרבלאָנזשעטע צו גאָט און זיינע הייליקע.

## ט.

דער טאָג איז אַוועק און די נאַכט איז געקומען, און אליפלט איז אַריין אין זיינע צימערן, וואָס ער האָט געהאַט אויפן הויף און מגדיאל איז אַריין און האָט געזאָגט:

—דיין קנעכט בין איך דאָך, וואָרום דו מיט דיין שטאַרקער האַנט האָסט מיך דאָך געפאַנגען, זאָל אָבער נישט קומען אַהער קיין פרעמדער צו הערשן איבער מיר און אָנמאַכן אומגליקן אין הויז. היינט איז דאָך אַ גוטער טאָג פאַר מרימן, ס'איז דער געבורטסטאָג פון איר מאַן עוזיאל, וואָס איז פון איר האַרצן פאַרטריבן געוואָרן, ווי ער איז פון לאַנד פאַרשטויסן געוואָרן. איין לויפער נאָכן אַנדערן, איין אָנזאָגער נאָכן צווייטן זיינען געקומען איר צו דערציילן בסוד, אַז איר מאַן עוזיאל פאַרבאָרגט זיך אין אפרים און וואַרט אויף איר מיט גרויס אומגעדולד, ער וועט קראַנק ווערן פון צער, אויב ער וועט זי נישט זען און מרים האָט די לויפער אַוועקגעשיקט מיט גאָרנישט. און איך ווייס, אַז זי מאַכט רעכטפערטיק אירע מעשים מיט דעם, וואָס זי זאָגט, אַז דער קעניג האָט זי פאַרבאָטן

אַרויסצוגיין ווייטער פון די שטאָט־מויערן, זאָל אָבער אַצינד עוזיאל קומען אַהער און מרים וועט אים פאַרלייקענען און זאָגן: איך קען דיך נישט און ווייס דיך נישט! פאַרוואָס אַזוי? דאָס איז, ווייל זי איז די געליבטע פון אויפזעער, וועמען זי מאַכט פאַר דיין לערער. אמת, אַז מיט זיינע שיינע רייד און מיט זיין גלאַטיק ריידן, האָט ער געפאַנגען דאָס האַרץ פון מרימן, וואָס האָט זיך געפירט באַשיידן ביז אַהער. און איך זע וואָס פאר אַן אויסגעלאַסנקייטן עס טוען זיך אָפּ אין דעם הויז.

און אליפלט איז דערשיטערט און דערשראָקן געוואָרן, און ער האָט געזאָגט צו מגדיאלן:

—איך ווייס דאָך, אַז דיך פאַרדריסט אויפן אויפזעער, ווייל ער פירט אַלץ אין דער בעסטער אָרדנונג. און אויב דו האָסט אין אים באַמערקט אַ זינד—צי וועסטו אים דאָס זאָגן אין די אויגן? געדענק, אַז דו טראַכסט אויס פאַלשקייטן אויף מרימן און רעדסט אויף איר בייזעס אין די אויערן פון איר זון. און וואָס וועסטו טאָן, אַז ס׳וועט זיך אַרויסווייזן איר אומשולד? צי וועסטו דעמאָלט פאַרנעמען מיין צאָרן? מיט צוואַנגען וועל איך דאָך דיין צונג פון דיין מויל אַרויסשלעפן און רערנאָך דיר דעם קאָפּ אָפּהאַקן.

—אַזוי זאָלסטו מיר טאָן, אויב איך האָב ליגנט געזאָגט—האָט מגדיאל געענטפערט—אָבער אויך דיינע אויגן וועלן זען די שרעקלעכע זאַך און דאַן וועסטו וויסן, אַז איך האָב גאָר אין זינען דיין טובה און איר טובה. איך האָב געזען ווי זי פירט זיך נישט גוט, האָב איך נישט פאַרלייקט די הענט אין די קעשענעס, ווען יעדער איז שוין געשלאָפן האָב איך געלאָקערט אויף דער טיר פון איר צימער, פון דאַן אַראָפּ האָב איך גע־קוקט און איך האָב געזען ווי דער אויפזעער גייט זיך שטיל דורך דורכן גאָרטן, וואָס איז שטענדיק פאַרשלאָסן און גייט אַריין צו איר אין שלאָפצימער. איך האָב דאָס געזען און מיין האַרץ איז אין מיר דערציטערט געוואָרן. און ס׳איז געווען אין דער צווייטער נאַכט, און איך האָב אָפּגעוואַרט ביז האַלבע נאַכט,

בין אַרויף אויפן דאַך, האָב דאָרט אָפּגעשאַרט דאָס מיסט, און מיט אַן עגבער דורכגעבויערט אַ לאָך און האָב דאָס מאָל גאַר־נישט געזען, און אין דער דריטער נאַכט בין איך אַהין אַרויף און בין דערציטערט געוואָרן פון דעם, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען: וואָרום מרים די געשעצטע, די שיינהייט צווישן פרויען, איז די געליבטע פון אויפזעער. נו, ווי געפעלט עס דיר? דאָס וועסטו אַליין זען מיט דיינע אויגן, וועסטו מיר נאָך שלעפּן די צונג? וועסטו מיר אויסשטעכן די אויגן?

אליפלט האָט אָנגעהויבן אַרומלויפן ווי אַ משוגענער, פּלוצלונג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, זיך איינגעקוקט אין מגדיאלן און געזאָגט:

—ווי איז צו דיר, אויב איך וועל נישט געפינען דיינע רייד אמת, וואָרום ביז מאָרגן וועסטו נישט דערלעבן און ווי איז צו מיר, אויב ס'איז ריכטיק ווי דו זאָגסט. קום!—האָט אליפלט אָנגעכאַפּט מגדיאלן—קום לאָמיר אַרויפגיין און אַריינקוקן דורך דעם לאָך, זאָל גאָט געבן און מיינע אויגן זאָלן גאָרנישט זען און דו וועסט מער די ליכטיקע וועלט נישט אָנקוקן.

—לאָז מיך אָפּ, האַר מיינער—האָט מגדיאל געזאָגט, גייענדיק מיט אליפלטן, וואָס האָט אים שטאַרק געהאַלטן—לאָז מיך אָפּ, וואָרום דו ביזט איצט ווי אַ שטורמדיקער ים און וואָס וועסטו טאָן, אַז דו וועסט זען, אַז איך האָב געזאָגט ריכטיק! דו וועסט דאָך פון מיר אַ תל מאַכן.

—שווייג!—האָט אליפלט אויף אים אויסגעשריגן—צי האָסטו אַ לייטער אַרויפצוגיין אויפן דאַך?

—אָט שטייט דאָך אַ לייטער—האָט מגדיאל געענטפערט מיט אַ פּאַרקלעמטן האַרץ, און ביידע זיינען אַרויף אויפן דאַך.

—איצט עפן דיינע אויגן, מיין האַר, און גיב אַ קוק.—האָט מגדיאל געזאָגט, ווייזנדיק מיטן פינגער אויפן לאָך.

אליפלט האָט זיך אַראָפּגעבויגן צום פענסטערל, האָט אַריינגע־קוקט און געזען: און דער אויפזעער מיט מרימן זיצן צווישן די פאָרהאַנגען פון שלאָפצימער, דער טיש איז געגרייט פאַר זיי, מרים איז אָנגעטאָן אין אַ טייער קלייד, ווייס ווי שניי,

זיצט ביי זיין רעכטער זייט, איר פנים איז פאַרויטלט, זי רעדט צו איר געליבטן און ער ענטפערט איר, אָבער עס הערט זיך נישט זייער שטים, מרים גלעט מיט דער האַנט זיינע האָר און ער קושט זי און ביידע זיינען גליקלעך און פאַר־ברענגען אין גרויס לוסט.

—אוי, אומווירדיקע!—האָט אליפלט שטיל אויסגערופן—ווי דו ביזט געזונקען און געפאַלן, גיסט אַוועק דיין ערע צו אַן אויס־וואורף און וואו וועסטו אַהינטאָן דיין שאַנד? דער אויפזעער טוט אויס זיין מאַנטל!... העלף מיר, מגדיאל, אויפצושטיין, דאָס וואָס איך האָב נישט געגלויבט, האָבן מיינע אויגן געזען.

מיט אַ צעבראָכן האַרץ איז אליפלט אַראָפּ צו זיך אין צימער, האָט זיך געלייגט און זיין שלאָף אַז פון אים אַוועקגערויבט. איז ער אויפגעשטאַנען און האָט גענומען אַ בלאַט פאַפּיר און אַ פען און האָט אָנגעשריבן אַ בריוו, פול מיט שטראָפרייד און פאָרוואורפן, איבערצולאָזן פאַר מרימן. און ווי דער מאָרגנשטערן איז אויפגעגאַנגען, האָט ער אויפגעוועקט מגדיאלן און האָט אים געגעבן אַ געלט־געשאַנק און דעם בריוו, וואָס איז געשריבן צו מרימן, ער זאָל אים איר אָפּגעבן אויף דעם דריטן טאָג, נאָך דעם ווי ער וועט האָבן פאַרלאָזט די שטאָט. און ער האָט אָנגעגאָרט זיין שווערד און זיך געזעצט אויף זיין פערד און געריטן איבער די גאַסן פון ירושלים, וועלכע ער האָט שוין נישט מער געהאָפט צו זען, וואָרום ער האָט זיך געלאָזט אַוועק צום זאַלץ־טאָל, דאָרט ווי די זין פון יהודה האַלטן מלחמה מיט די לייט פון אדום, און ער גלוסט צו זען קציעהן, די גאַרונג פון זיין האַרצן, איידער ער פאַרלאָזט די שטאָט און אויסגיסן פאַר איר זיין האַרץ, נישט באַדעקנדיק מיט קיין שאַנד מרימן, וואָס האָט מיט אים געטאָן נאָר גוטס.

די הימלען זיינען ריין געוואָרן און אַ פרילינגס־ליכטיקייט האָט זיי באַשיינט, עס גייט אויף אַ רעש פון שטאָט. אַ טומל פון די גאַסן, גרויסע מאַסן מענטשן לויפן צום קעניגלעכן הויף זיך צו דערוויסן וואָס דער קעניג מאַכט, און קציעה, וואָס האָט

נישט געהאָפּט צו לעבן צוזאַמען מיט אליפלטן כל־זמן דער קעניג אחז לעבט, האָט געהאָפּט אין האַרצן, אַז ווען עס וועט אויפשטיין אַ נייער קעניג, וועט געשען איר פאַרלאַנג. נאָר זי האָט עס נישט אַרויסגעזאָגט. און זי איז אויפגעשטאַנען באַלד אינדערפרי און האָט זיך אויסגעפּוצט אין די שיינע קליידער און זיך צוגעגרייט צו באַגעגענען אליפלטן, וואָס האָט איר נעכטן צוגעזאָגט, אַז ער וועט זי היינט באַזוכן אין איר פּאַלאַץ. זי זיצט און קוקט דורכן פענצטער אויף דער גאַס אַרויס, און אליפלט קומט צורייטן אויף זיין פערד און שטייגט אָפּ אין איר הויף, נאָך אַ ווייל און ער קומט אַריין אין הויז, און קציעה באַגעגנט אים מיט פרייד און פרעגט אים, וואָס ער מאַכט און אליפלט האָט געזאָגט:

—אַ דאַנק, און זע, צאַרטע, אַז איך האַלט וואָרט און פאַרלייקן נישט פאַר דיר דעם אמת, אַז אָן חשק קום איך צו דיר, וואָ-רום וואָס איז מיין האָפנונג, אַז איך זע דיין ליכטיק פּנים?

—זעץ זיך נאָר, מיין האַרצנספריינט, מיט מיר—האָט קציעה געענטפערט—און רייד נישט צו מיר פאַרשטעלט, ווי דו האָסט עס נעכטן געטאָן, דער קעניג אחז איז דאָך זייער קראַנק, און איך מיט תּרצהן זיינען נעכטן געקומען צו זיין פרוי, די האַ-רינטע, האָבן איר געפרעגט וואָס עס מאַכט איר מאַן, דער קעניג, און זי האָט אונז געענטפערט מיט אַ זיפץ און שאָק-לענדיק מיטן קאָפּ, אַז זיין קראַנקהייט איז אַ געפערלעכע, און אַז עס וועט פאַרביטן ווערן דער קעניג פון לאַנד, וועט זיך פאַר אונז עפענען אַ טיר פון האָפנונג.

און אליפלט האָט געזאָגט צו קציעהן:

—פאַר דיר, צאַרטע, איז גרייט געוועזן אַ שיינע קרוין, און ווי שיין זי פּאַסט צו דיין קאָפּ! און דו האָסט פאַרמיאוסט די קעניגלעכע קרוין און האָסט זיך געקערט צו אַזאַ נידעריקן ווי איך בין און צו מיר געניגט דיין גענאָד, און דיין גענאָד איז פאַר מיר געוואָרן אַ זינד, וואָרום ער האָט מיך פאַרפירט, עס איז אָבער שוין צייט צו מאַכן אַ סוף צו די שפּאַסן און

פאַלשע טרייסטן און אויך דו, צאַרטע, שיינהייט פון ציונס טעכטער, פייניק מיך נישט מער.

—וואָס איז דיר, אליפלט מיין ליבער?—האָט קציעָה געענטפערט מיט וואונדער, אָנכאַפנדיק אים מיט דער האַנט.

—וואָס מיר איז?—האָט אליפלט געענטפערט מיט אַ זיפץ—מיר איז פיין און טרויער. מיר איז וויסט און פינסטער, גאָט אַליין ווייסט דאָס און איך ווייס דאָס אויך זייער גוט.

—אליפלט, מיין ליבער!—האָט קציעה אויסגערופן איינקוקנדיק זיך אין אים—דו האָסט עפּעס אַ באַהאַלטענע זאַך, רעדט דיר אַראָפּ פון האַרצן, און זאָל דיר זיין אַ טרייסט דאָס, וואָס איך לייד מיט מיט דיין ווייטאָק.

—נישט אויף דיר געזאָגט, צאַרטע, מיין ווייטאָק—האָט אליפלט געענטפערט—ווען דו וואָלסט געוואוסט מיין פיין, וואָלסטו פאַרשטאַנען פאַר וואָס מיר איז מיאוס געוואָרן דאָס לעבן און פאַרוואָס איך בעט אויף זיך דעם טויט.

—ווי אַ פאַרמאַכטער בריוו—ביזטו פאַר מיר, פריינט מיינער—האָט קציעה געענטפערט—איך זע אין דיר, אַז דו האָסט זיך פאַרלאָזט אויף איינעם און אים געגלויבט און יענער האָט דיך פאַרראַטן. זאָג זשע מיר, ווער איז ער און איך וועל אים אויך שטאַרק פיינט האָבן, וואָרום דיינע פיינט זיינען אויך מיינע פיינט. אָבער טו אָפּ פון זיך דיין שלעכט געמיט, און ווייס אַז דו האָסט אַ האָפנונג, וואָרום דו ביזט ביי מיר טייער און איך האָב דיך ליב. איך ווייס אויך, אויב דו וועסט אַוועק און וועסט וואָגלען איבער לענדער און שטעט, ימים און בערג, וועסט זיצן אין מואב, וועסט אויסמעסטן מיט דיינע טריט דאָס פלשתים-לאַנד, וועסט אויפגיין קיין אַשור, וועסט נידערן קיין מצרים—און ירושלים וועט דיר שטענדיק ציען צו זיך, וואָרום דאָרט בין איך פאַראַן פאַר דיר. איך קציעה דיין ליבהאָבערין און דיין געליבטע!

—און דאָס איז דער ווייטאָק פון מיין האַרץ!—האָט אליפלט געענטפערט,—וואָרום מיין האַרץ טוט גאַרן קיין ציון, דאָרט וואו איך האָב קיין אָרט נישט, און דאָס אומווירדיקע פאַר

מיין האַרצן טוט מיך אַראָפּטרייבן אין די טיפענישן פון אָפּ־גרונט דעריבער בין איך ווי צעמישט. איך האָב געזען אַזוינס, וואָס האָט מיך צעמישט, דערשלאָגן, צי קען גרינגער ווערן מיין ווייטאָק פון דעם געזאָד, וואָס דו האָסט געבייגט צו מיר? ביידע, דאָס שרעקלעכע, וואָס איך האָב געזען, און דיין גוטס־קייט צו מיר, זיינען גלייך געקומען אויף מיר, וואָרום ביז צום הימל טוט מיך דערהויבן דיין געזאָד, און ביז אין אָפּ־גרונט טוט מיך אַראָפּשליידערן מיין ווייטאָק.

—שוויג, מיין האַרצנסגעליבטער!—האָט קציעה געזאָגט, אָננע־מענדיק אים מיט דער האַנט—מיין פאַרבלאָנדזשעניש איז געקו־מען, וואָרום אָט קומט אָן חמוטל מיט איר זון דעם האַר, וואָס אויב דניאל וועט נישט קומען צו דער צייט, וועט ער זיין אָנשטאָט אים, לויטן באַפעל פון קעניג. און דו, אליפלט מיין טייערער, דו ווייסט דאָך, אַז צו דיר איז מיין גלוסטונג. קום צו מיר אין גאָרטן פאַרנאַכט און מיר וועלן ווייטער ריידן.

דאָס האָט זי געזאָגט, האָט אים געקושט אויף די ליפּן און געזאָגט:—דאָס איז דיר דער ערשטער צייכן, אַז דאָס וואָס איך האָב געזאָגט, דאָס וועט געשען!

און אליפלט, וואָס איז צעטומלט געוואָרן, האָט גאָרנישט גע־קענט ענטפערן.

און קציעה האָט אים באַגלייט און אים געבענטשט און ער איז אַוועק. און זי האָט צוריקגעקערט אין איר זאַל אָן חשק, און אליפלט, דער פאַרביטערטער, וואָס האָט שוין נישט געגלויבט אין קיין שום האָפנונג און אין דער גערעכטיקייט פון מענטשן, האָט זיך אָפּגעשיידט פון קציעהן, און ער האָט שוין נישט גע־וואָלט צוריקקערן אין שטאָט, און ער איז געריטן אויף זיין פערד און אַרויס פון שטאָט, דורכגעגאַנגען פאַרדרייטע וועגן און שטעגן וואָס זיינען שוין פאַרלאָזט פון מענטשלעכע טריט, און ער רייט צו קומען צום זאַלץ־טאָל, וואו ס'האָבן זיך צע־נויפגעזאַמלט די זין פון יהודה מלחמה צו האַלטן מיט אדום.

## 9

און עוזיאל, וואָס איז זיך געזעסן רואיק אַלס אויפזעער אויפן פאַרמעגן פון זיין געשעצט ווייב מרים, האָט שוין נישט געזען קיין שום שרעק. האָט ער געגלויבט צו גאָט אַלע פאַרנאַכט און אינדערפרי פאַר דעם גוטס, וואָס ער האָט מיט אים געטאָן: וואָרום ער האָט אים אומגעקערט אַהיים זיך צו פרייען מיט זיין ווייב און זון, און עס שטאַרקט אים זיין האָפנונג, אַז נאָך אַ ביסל און זיין פרייד וועט אַנטפּלעקט ווערן פאַר אַלע איינוואוינער פון דער שטאָט און ס׳וועט זיך אָפּטאָן יע־דער שרעק.

אָבער אַ פּלוצלונגע שרעק האָט אים דערשראָקן, ווען פשחור איז צו אים בעקומען אום צו וואָרענען פון אַן אומגליק, וואָס איז נאָענט, זאָגנדיק אים:

—אייל און ווער אַנטרונען, וואָרום נעצן האָבן אויסגעשפּרייט פאַר דיר דיינע פיינט, וואָס לאָקערן אויף דיין לעבן.

ווי אַ פּלוצלונגע פייל איז דאָס פאַר אים געווען, און ער האָט

מורא געקריגן און זיך געטראַכט: נישט אַנדערש, אַז מיין סוד איז אַנטפּלעקט געוואָרן און מען ווייסט ווער איך בין. האָט ער דערציילט מרימן וועגן דעם, און זי איז שטאַרק דערציטערט געוואָרן און האָט געזאָגט: צוריקגעקערט האָבן די אַמאָליקע אומגליקן! אייל זשע זיך, מאַן מיינער, ווער אַנטרונען. און זי איז אים געפאַלן אויפן האַלז און האָט געוויינט, אָבער זי האָט אים נישט פאַרהאַלטן, וואָרום זי האָט אויפגעציטערט יעדע רגע, און פאַרנאַכט איז עוזיאל אַוועק פון שטאָט.

און ווי גרויס איז געווען מרימס צוטומלעניש, זעענדיק, אַז אויך אליפלט איז היינט נישט געקומען צום מאָלצייט. און זי האָט געשיקט אים זוכן אין אַלע הייזער פון זיינע פריינט און אין הויז פון קציעה און קיינער ווייסט נישט וואו ער איז אַהינגעקומען.

און מגדיאל האָט געזאָגט מרימן, אַז ער האָט געהערט רייד, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט וועגן רעומהן, וואָס איז אין אים פאַרליבט. און מרים האָט עס פאַרשטאַנען; אַז ער האָט געזען אַז פון זיין האָפנונג אויף קציעהן, האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזט, איז ער געגאַנגען קיין שומרון צו נעמען רעומהן. און מרימן האָט שטאַרק באַנג געטאָן אויף דעם, וואָס זי האָט אים נישט אויסגעזאָגט וועגן זיין אָפּשטאַמונג. און אַז זי האָט שוין נישט געהאַט קיין ראַט־געבער—האָט זי געפרעגט מגדיאלן:

—וועמען זאָל איך שיקן קיין שומרון?

און מגדיאל האָט געטראַכט און געזאָגט:

—נישטאָ קיין בעסערער פון נתן דעם שומרונער: וואָרום ער וועט וויסן נאָכצופאָרשן אין זיין שטאָט וועגן אליפלטן און זיך אַלץ דערוויסן.

און די עצה איז מרימן געפעלן, האָט זי געשיקט רופן נתנען, און זי האָט אים דערציילט וועגן איר צערודערונג און האָט אים געגעבן געלט און אים אַוועקגעשיקט זוכן אליפלטן.

באָר אויפן וועג האָבן זיך צו נתנען באַהעפט פשחור און נאָך עטלעכע פון זיינע לייט, האָבן זיי אים אין אפרים פאַרנאַרט אין וואַלד, דאָרט האָט מען אים שטאַרק געשלאָגן, און עמרי — וואָס איז דערבײַ געווען האָט באַפוילן, מען זאָל אים ברענגען אין פּאַלאַץ פון זכרי.

## יא.

אן אויסלייזונג־נאַכט איז געקומען אויף יהודה און ירושלים,
ווארום אחז איז געשטארבן און מיט זיין טויט האבן אויפ־
געהערט די ווילדקייטן זיינע, האבן זיך אויסגעלאזט די ליידן
און קיין כבוד האט מען אים נישט אפגעגעבן נאך זיין טויט
און נישט געקלאגט אויף אים. און ווי נאר ער האט צוריקגע־
קערט צו דער ערד און יעדער טרויער איז אפגעווישט געווארן.
אַוועק איז ווייטאק און זיפצעניש פון ציון, און פרייד און יובל
זיינען געקומען אין אירע פאַרוויסטע טויערן און דאס פאלק
האט געהאפט צו זיסער רואיקייט און צו פרידן אן אַ ברעג.
און ס'האבן געזונגען די הימלען, און עס האט געיובלט די
ערד און ירושלים וואס איז ביז אַהער געווען געשטרויכלט,
האט איצט אויפגעהויבן דעם קאפ. און געקומען זיינען צו איר־
די עלטסטע פון פאלק צו זען ווי דער קעניג ווערט געקרוינט
און די געטלעכע שטאט איז געפאַקט מיט מענטשן. הארן,
עדללייט און שרים שוועבן אַרום אין בריטשקעס, קאטשן און
רייטוועגענער איבער די גאַסן פון ציון.

—ווער איז דאָ?—האָט אויסגערופן איינער פון די וועכטער, וואָס פאַרן הויף פון אלקנה צו צווי, וואָס רייטן אויף אייזלען.

—פון די הויזמענטשן פון דער האַרינטע יהושבע זיינען מיר—האָט איין שטים געענטפערט. און ריידנדיק אַזוי, האָט ער אַראָפּגענידערט פון זיין אייזל און געהאָלפן אַראָפּגיין פון אַנדערן אייזל אַ מיידל איינגעהילט אין אַ שלייער. און ער האָט געזאָגט צו איר:

—דידאָזיקע פרייליכע נאַכט איז אויך די נאַכט פון פרייד און יובל פאַר דיין האַרינטע קציעה. לאָז הערן, אבישג, דיין שטים און עס וועלן זיך עפענען פאַר דיר די פאַרשלאָסענע טויערן, און איך וועל זיך גיין זוכן אין שטאָט אַן אָרט צום גענעטיקן. נאָר האָב אין זינען צו דערוועקן דערבאַרמונג אין האַרץ פון קציעה צו דניאלן, כדי זי זאָל בעטן דעם קעניג: מען זאָל פאַר אים געבן אויסלייזגעלט, וויפיל זיינע פיינט וועלן פאַרלאַנגען. און אויך מרימס האַרץ זאָלסטו דערוועקן, זי זאָל זיך איילן אויסצולייזן איר שוועסטער עדה, ווייל נאָר אויף איר האָפט זי, און ווייס, אַז מיט דעם ווערסטו זיך אַליין גוטס טאָן, און ווי זיס וועט זיין דיין מזל, אַז דו וועסט קומען אין הויז פון דיין מאַן מיט אַלעם גוטן. פריער פאַר אַלץ—ווער גוט געוואָר וועגן אליפלטן.

—גיי דיר, מיין האַר, ווי דו דאַרפסט—האָט אבישג געענטפערט—דאַרפסט מיר נישט דערמאָנען, וואָרום איך געדענק אַלץ אַליין אויך גאַנץ גוט. אַלואי וואָלט איך נאָר געפונען אליפלטן וואָלט מיר שוין רעומה באַדאַנקט. אָבער גיי אַוועק, עמרי מיין האַר, פון דאַנען און איך וועל אָנקלאַפּן אין טיר פון טויער.

עמרי איז זיך אַוועקגעגאַנגען און זיך געלאָזט גיין אין הויז פון זיין באַקאַנטן כרמי. אבישג האָט אָנגעקלאַפּט און געשריגן הויך:

—עפנט מיר דעם טויער, עפנט אבישגן!

האָט מען איר געעפנט.

און אבישג האָט געאיילט און געקומען צו קציעהן און זי טרעפט—

ווי איר פּנים איז שטאַרק פאַרווײנט און זי איז אָנגעטאָן אין שוואַרצן וועב, און אַז זי האָט דערזען אבישגן האָט זי איר געפרעגט:

—צי איז פרידן צו מיין מוטער? צי איז פרידן צו ש׳למיתן מיין שוועסטער פון מיין טאַטן? און ווען וועל איך זיי ביידע זען? ווי געשריגן! אַן עלנטע בין איך אין ציון, אָן אַ טאַטן, אָן אַ מאַמען, אָן אַ צאַרטע ליבע שוועסטער. ווי ווי, דערוויי־טערט זיינען געוואָרן פון מיר מיינע אַלע ליבע און טייערע!

און אבישג האָט איר געזאָגט:

—ס׳איז פרידן צו דיין מוטער, די האַרינטע און זי בענקט און גייט אויס צו זען איר צאַרטע טאָכטער. ס׳איז פרידן אויך צו שולמית דיין שיינע שוועסטער, וואָס בליט ווי אַ ליליע אין לבנון. ווי אָבער איז צו די וואָס ווערן געפייניקט, צו דניאלן און צו עדהן, וואָס ווערן אויפגעהאַלטן אין תפיסה און וואַרטן אויף דער שווערד, אויב מען וועט נישט איילן זיי אויסצולייזן.

—אויף עדהן האָב איך גרויס דערבאַרמונג—האָט קציעה געענט־פערט—און מרים וויל דאָך פאַר איר באַצאָלן אויסלייזגעלט, נאָר אַז אירע פאַנגער זאָלן איר שיקן ביז יריחו. און וואָס זאָל איך רחמנות האָבן אויף דניאלן דעם נישט באַטראַכטן, וואָס איז געקראָכן אין נעץ אַריין ווי אַ נאַרישע טויב? פונדעסטוועגן, מאָרגן נאָכדעם ווי עס וועט געזאַלבט ווערן דער נייער קעניג, וועל איך אַריבערגיין צו איינעם פון די מלוכה־האַרן, צום אויפ־זעער שבנא, וואָס האָט צו שאַפן איבער דעם קעניגלעכן הויז, און וועל אים דערוועקן זיין געמיט, ער זאָל איילן אויסצולייזן דניאלן. ווארום דער שבנא האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון זיין פאָטער עזריקם און איך האָף, אַז ער וועט מיר נישט אָפּזאָגן. און איצט, לאָז מיך אַליין און מאָרגן וועסטו קומען און מיר זאָגן אַלץ, וואָס איך וועל ביי דיר פרעגן.

אבישג איז אַרויסגעגאַנגען פון קציעהן און האָט זיך נישט אונ־טערגעשטעלט זי צו פרעגן וועגן אליפלטן.

און עמרי איז אָפּגעטרעטן איינצושטיין אין גאַסטהויז, אין וועלכן עס שטייען איין די לייט פון אפרים, ווען זיי גייען אויף קיין ירושלים. און מען האָט אים דאָרט אָפּגעגעבן אַ צימער אין וועלכן ס'איז געשלאָפן איינער פון אפרים. און אַז ער האָט אָנגעצונדן פייער, האָט ער גענענט צום מענטש, וואָס איז דאָרט געשלאָפן אויפן בעט. און ווי דערשראָקן און איבערראַשט איז עמרי געוואָרן דערזעענדיק, אַז דאָס איז זמרי! און ער האָט אים געוועקט און פון שלאָף אויפגעוועקט. און זמרי האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערזען–עמרי שטייט פאַר אים, און ער האָט אויסגערופן:

–אַך, וועמען זע איך, אַ חבר!

–אַך–האָט אויך עמרי אויסגערופן פאַלנדיק אים אויפן האַלז– צי איז פרידן צו דיר, זמרי מיין האַר און חבר? צי איז פרידן צו אייך אַלע? צי האָט איר באַגליקט אין אייער וועג? צי איז פרידן צו קטורה דיין ווייב? צי איז זי מיט דיר צוריקגעקו־מען? עפן דאָס מויל און זאָג מיר, וואָס קטורה מאַכט.

–צי איז פרידן צו איר טאָכטער רעומה?–האָט אויך זמרי גע־פרעגט–און וואָס מאַכט דער יונג, וואָס רופט זיך דניאל? ענט־פער, עמרי, רייד אויב דו ווילסט הערן דאָפּלט פון מיר. אָבער קום נאָר, לאָמיר גיין אין שענק אַריין, וואָרום ווי עס זעט מיר אויס, זיינען מיר ביידע פאַרביטערטע מענטשן און ס'וועט גוט זיין פאַר אונז צו טרינקען וויין.

–ביזט גערעכט, זמרי מיין האַר און חבר–האָט עמרי געענט־פערט אָננעמענדיק זיין האַנט–קום לאָמיר גיין אין שענק פון מיין באַקאַנטן כרמי, לאָמיר גיין צו אים, איך וועל אים עפּעס פרעגן און ער וועט מיר דערציילן.

און זמרי איז אויפגעשטאַנען און אַרויסגעגאַנגען מיט עמרין צו גיין אין שענק אַריין. די פינסטערניש האָט באַדעקט די ערד, אָבער ס'איז ליכטיק פאַר אַלע איינוואוינער אין ירושלים און געזאַנג און אַ שאַל הערט זיך פון אַלע פרייד־הייזער אין דער פרייליכער שטאָט. און אַזוי ווי דער שאָטן אַנטקעגן איבער דער ליכטיקייט, אַזוי זיינען געווען די צוויי לייט פון אפרים אַנטקעגן

די זין פון ציון. און גייענדיק אין די גאַסן האָט עמרי געזאָגט צו זמרין מיט אַ זיפץ:

—ווערסט גאָרנישט גלייבן, אויב איך וועל דיר דערציילן, אַז עמיהוד האָט אונז געגאַרט און ער איז טאַקע דניאל, דער זון פון עזריקם דער קעניגלעכער אויפזעער. אויך אליפלט איז פאַרלוירן געוואָרן, און מען ווייסט נישט, וואו ער איז אַהינ־געקומען. און איך בין היינט פאַרנאַכט געקומען מיט אבישגן, וואָס איז אַן אונזעריקע, איך האָב איר געלערנט אויסצופאָרשן קציעהן וועגן אליפלטן. און אונזער חברה האָבן געפּאַקט און צושלאָגן נתנען, וואָס איז אַ פאַרוואַנדעטער פון חפציבה און ער איז אינגאַנצן אומשולדיק, וואָרום דניאל האָט אונטערגעשטעלט מען זאָל הרגענען די דריי חברים, וואָס האָבן אָפּגעוואַרט חפציבה. ער האָט עס געטאָן דערפאַר, וואָס חפציבה האָט דער־וועקט ליבע צו אים אין האַרץ פון שולמית, אָבער דניאל געפינט זיך איצט אין תפיסה ביי רעומה, און איצט זאָג מיר, וואָס מאַכט קטורה.

זיי זיינען אַריין צו כרמון אין שענק אַריין און דאָרט האָט זמרי דערציילט מיט אַ פאַרביטערט האַרץ און האָט געזאָגט:

—ווייניק צייט האָב איך געלעבט מיט קטורהן און דיך זיבן מאָל אין טאָג געבענטשט, וואָרום דו האָסט אונז צוגויפגעבראַכט. צוזאַמען האָבן מיר געגידערט קיין מצרים, דאָרט האָב איך מיך דערנענטערט צו די כהנים און אויך זיי האָבן מיך דער־נענטערט צו זיך און מיך געלערנט זייער חכמה. דאָרט זיינען געעפנט געוואָרן מיינע אויגן צו זען דאָס, וואָס איך האָב פריער נישט געזען און מיין האַרץ האָט גענומען פאַרשטיין דאָס, וואָס איך האָב ביז דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען. און פלוצלונג האָט זיך מיר געשטעלט אַ שטן אויפן וועג: זכרי דער שטאַרקער העלד האָט דערזען קטורהן אין מצרים, און האָט זי געוואָלט אַריינ־ציען אין ליבשאַפט און זי האָט געקוקט אויף אים מיט חוזק און אויסגעגאָסן אויף אים עקל און שאַנד, האָט זכריס צאָרן זיך צעפלאַקערט אויף איר, און ער האָט פאַר די האַרן דער־

ציילט אויף איר אַזוי צו זאָגן:

—אַ פרוי אַן אויסוואורף, וואָס פאַרראַט איר פאָלק און לאַנד,
איז אַהער געקומען פון לאַנד, ישראל געשיקט פון די קעניגן
פון אַשור אויסצושפירן דאָס לאַנד מצרים.

און אַז די האַרן האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי געשיקט שוטרים ביינאַכט אין מיין וואוינונג, און מען האָט זי צוגענומען פון מיינע אָרימס אַרויס און זי אַריינגעוואָרפן אין טייך. אויך מיך האָט מען איינגעזעצט און מיך אויסגעפאָרשט און איך האָב זיי אַלץ דערציילט וועגן זיך, האָב פאַר זיי אויך באַוויזן די גערעכטיקייט פון מיין ווייב קטורה, און די כהנים האָבן עדות געזאָגט אויף מיין רעכטפאַרטיקייט, און זיי האָבן מיך אַרויסגעלאָזט פריי און געשאַנקען האָט מען מיר געגעבן, כדי מיך איבערצובעטן פאַר דעם, וואָס זיי האָבן געהרגעט מיין ווייב אָן אַ שום זינד. און איך האָב פאַרלאָזט דאָס לאַנד מצרים מיט אַ ביטער האַרץ, האָב אָפּגעטרעטן קיין ירושלים צו זוכן אַ פיינט און אַ נקמה נעמער פון זכרין, וואָס האָט געהרגעט דעם שני למלך און עזריקם דעם הויז־אויפזעער. און ווי האָט אין מיר געפרייד מיין האַרץ הערנדיק, אַז דניאל, דער נקמה־נעמער פאַר דעם בלוט פון זיין פאָטער עזריקם איז איצט אין אונזער האַנט. נאָר פון גרויס ווייטאָק און צער האָב איך פאַרגעסן דיר צו זאָגן, אַז ווען קטורה האָט זיך אויסגעלאַכט פון זכרין, האָט ער געענטפערט און געזאָגט: „דיין פאַרשוועכטע טאָכטער איז דאָך ביי מיר אין האַנט און זי וועט אויסטרינקען דעם בעכער פון מיין צאָרן. איך וועל איר טאָן דאָס, וואָס איך האָב אַמאָל געוואָלט דיר טאָן, איך וועל זי טויטן מיט דורשט”. און אַז זיין כעס איז אויפגעבראַכט געוואָרן, איז שוין זיין צאָרן גרייט פאַר אַלע אונזערע כהנים און נביאים, דעריבער באַהאַלט איך מיך פון אים, וואָרום אויך מיין לעבן וויל ער אומברענגען. און איצט עמרי, מיין חבר, גיב אַן עצה ווי אַזוי בייצוקומען אונזער פיינט און זיך נוקם זיין אין אים, די נקמה פאַר קטורה מיין ווייב, וועלכע איך האָב זייער ליב געהאַט.

—אָט דאָס האָט זכרי געטאָן!—האָט עמרי אויסגערופן קריצנדיק מיט די ציין—קטורהן האָט ער געוואָרפן צו די הייפיש, זיי זאָלן איר אויפפרעסן, אויף רעומה וויל ער אַרויפוואַרפן די זינד פון איר מוטער, און בית־אל וויל ער צושטערן! נאָר אינגיכן וועט קומען זיין טאָג, איך וועל אָנרייצן אָן אים זיינע פיינט, און איצט לאָמיר זיך נעמען צו טראַכטן אַ פּלאַן ווי אַזוי צים בייצוקומען.

# יב.

דער מאָרגנשטערן איז אויפגעגאַנגען און מרים איז אָנגעקומען אין איר קאָטש און זיך אָפּגעשטעלט אין הויף פון אלקנה דעם שני למלך. און זי האָט געפרעגט ביי קציעהס דינסטן, וואָס עס מאַכט זייער האַרינטע און איינע האָט געענטפערט:

—ס׳איז איר זייער ביטער. אַ גאַנצע נאַכט האָט זי געוויינט און געקלאָגט און געבעטן צו גאָט. כ׳ווייס נישט צי זי האָט איצט איינגעדרימלט, אָדער זי איז נאָך וואַך.

—דעריבער—האָט מרים געזאָגט—דעריבער זאָלסטו איר זאָגן, אַז איך בין דאָ געוועזן און האָב זי נישט געוואָלט אויפוועקן, איך פאָר פון דאַנען צו איינעם פון די קעניגלעכע האַרן, צו וועלכן איך דאַרף נייטיק און שפּעטער אַ ביסל וועל איך אַהער צוריקקומען. איך אייל זיך צו קומען צום האַר, וואָרום שפּעטער וועל איך אים נישט טרעפן אינדערהיים, ווען עס וועלן זיך צענויפזאַמלען די האַרן אין קעניגלעכן הויף.

מרים איז אַוועק און אַ צווייטע קאָטש איז אָנגעקומען אין הו־

פון איר האָט אויסגעשטייגט אַ יונגע שיינע פרוי אָנגעטאָן אין פּרעכטיקע קליידער, און דאָס איז געווען תּרצה דאָס ווייב פון ידידיה דער האַר פון קעניגס שאַץ־קאַמער. און זי איז אַריין אין הויז און געפרעגט ביי קציעהס דינסטן: צי זייער האַרינטע איז שוין אויפגעשטאַנען, אָדער זי שלאָפט נאָך?

—ס׳איז נישטאָ קיין שלאָף צו אירע אויגן און קיין דרימל צו אירע וויעס—האָט געענטפערט דאָס מיידל, וואָס האָט איר באַדינט—און זי איז נאָך וואַך.

—אַזוי גאָר?—האָט תּרצה געפרעגט. און זי איז געגאַנגען און אַריינגעקומען צו קציעהן אין צימער און זי זעט ווי איר פּנים איז שטאַרק פאַרוויינט.

—וואָס מאַכסטו, שוועסטער קציעה—האָט זי איר געפרעגט קוקנ־דיק אויף איר פּנים—צי האָסטו טאַקע געוויינט? שטיי אויף, מיין שיינע, טו אָפּ דעם טרויער פון דיין האַרצן, קלייד אָן דיינע שיינע קליידער, ווי עס פּאַסט פאַר אַ טאָכטער פון שני למלך, און לאָמיר גיין זען דעם קעניג אין זיין פּראַכט, וואָרום באַלד וועט ער רייטן אויף זיין פערד און זיינע האַרן און איידללייט און זיינע נאָענטע—מיט אים, זיי וועלן אים אַראָפּ־פירן צום טייך גיחון און דאָרט וועט מען אים זאַלבן פאַרן קעניג פון יהודה און ירושלים. און ווי גרויס וועט זיין די פרייד, יובל און שאַלן ווען זיי וועלן צוריקקערן: וואָרום מיט טראָמייטערס און שופרות וועט מען שאַלן פאַרן קעניג. איי־זשע זיך, קציעה, טו אָן דיין צירונג, וואָרום פאַר דיר פּאַסט איצט צו זיין ביי דער קרוינונג.

אָבער אומזיסט זיינען געווען תּרצהס רייד, קציעה האָט זיך נישט געקענט טרייסטן נאָך אליפלטן, וואָס איז נישטאָ און זי האָט געענטפערט און געזאָגט:

—קער מיר אום מיין פרייד און גליק—אליפלטן, דאַן וועל איך זיך פרייען.

אַזוי ווי זיי ריידן אַזוי און מרים קומט אָן, און זי האָט גע־בענט צו קציעהן, איז איר געפאַלן אויפן האַלז און געוויינט און געזאָגט:

—דו ווייסט נאָך, טאָכטער מיינע, אויכן פֿאַרלוירענעם און פֿאַרשטויסענעם, אָבער איך האָב אַ דאָפּלטע בראָך, און פֿונדעסטוועגן האָב איך נישט פֿאַרלוירן מיין האָפֿנונג און פֿאַרזיכערונג אויף גאָט.

—וואָס איז דער באַשייד פֿון דעם רעטעניש, וואָס איך הער דאָ?—האָט תּרצה געפֿרעגט.

און מרים איז אַרויסגעגאַנגען אין גרויסן זאַל אַריין, האָט אַרויסגעשיקט פֿון הויז קציעהס דינסטן און האָט פֿאַרשלאָסן די טירן, און זי האָט צוריקגעקערט אין קציעהס צימער אַריין און זי האָט זיך געווענדט צו תּרצהן און געזאָגט צו איר:

—דו ביזט דאָך שטענדיק אונזער באַגליבטע און געטרייע און איך וועל פֿון דיר גאָרנישט באַהאַלטן. צי קען איך פֿאַרבאָרגן היינט מיין בראָך? דעריבער פֿאַרנעמט חברטעס מיינע, און איך וועל אייך אַנטפּלעקן מיין באַהאַלטענעם סוד. הערט און שטוינט: וואָרום דער גליקלעכער אליפלט, וואָס איז ביי מיר דערצויגן געוואָרן איז מיין זון, וואָס איך האָב געווינען צו מיין מאַן עוזיאל, דאָס איז דער וואָס רופט זיך אַ לידע, ווען איך האָב געמאַכט פֿאַרן אויפזעער אויף מיין פֿאַרמעגן. ער איז דער פֿאָטער פֿון מיין זון אליפלט. און ווער קאָן אויסדערציילן די פֿרייד מיינע, ווען איך האָב דערזען מיין מאַן, נאָך די יאָרן פֿון זיין וואָגלונג, און ער איז שיין ווי אַ ציפּריסבוים אין לבנון און מיין זון, די שיינע צווייג, וואָס בליט ביי זיין רעכטער האַנט. איך האָב שוין זינען אין געהאַט אַלץ צו אַנטפּלעקן פֿאַר מיין זון אליפלט, וואָס איך געהער אים אָן און ווער עס איז דער אויפזעער פֿון מיין פֿאַרמעגן און מיין מאַן האָט מיך אָפּגעהאַלטן און געזאָגט צו מיר: זאָלסט נישט, מיין האַרצנסגעליבטע, זאָלסט נישט זיין געאיילט צו עפֿענען די אויגן פֿון אונזער זון פֿאַר דער צייט. און איך האָב געפֿאָלגט מיין מאַן, ווען מענס רייד עס זיינען מיר טייער געווען ווי די רייד פֿון גאָט, איך האָב אָבער דערמיט שטאַרק געגרייזט! וואָרום מגדיאל דער אדומער, וואָס איז געפֿאַנגען געוואָרן דורך מיין זון אין

דער מלחמה, מגדיאל האָט געברענט מיט פייער פון קנאה, דערפאַר, וואָס איך האָב געבראַכט אַ פרעמדן מענטש, ווי ער האָט געמיינט, צו זיין אויפזעער אויף מיין פאַרמעגן, און אים האָב איך נישט געוואָלט; און ער האָט געגרייזט און אויך מיין זון פאַרפירט צו זען אומרעכט אין מיר און אין מיין אויס־דערוויילטן, וואָרום דורך אַ לאָך האָבן זיי אַריינגעקוקט און געזען אונז זיין אַליין אין שטוב און קיין פרעמדער איז צווישן אונז נישט געווען, און מיין זון האָט מיך פאַררעכנט ווי איינע פון די אויסגעלאַסנסטע און מיין מאַן־פאַר אַ פאַרפירער. אָך, ווי פיינט ער האָט אונז איצט נאָכדעם ווי ער האָט דאָס צו־געקוקט!

און תרצה, וואָס האָט געשטוינט פון דעם אַלעם האָט אַ פליעסק געטאָן מיט די הענט און געזאָגט:

—וואונדערט זיך הימלען! און ווען וואָלט עס געקענט איינ־פאַלן, אַז דער שיינער אויפזעער איז דיין מאַן און אליפלט—דיין זון, וואָס דו האָסט צו אים געוויינען? אָבער וואָס איז געשען, וואָס זיי זיינען אַנטלאָפן פון ציון?

—קענסט דאָך לייכט פאַרשטיין, מיין טייערע תרצה—האָט מרים געענטפערט—מיין זון האָט געזען די אויסגעלאַסנקייט אין מיין הויז, און ער האָט נישט אויסגערעדט עוזיאלן, נייערט ער האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן שרעק דורך אַן אַנדערן, וואָס איז געקומען צו מיין מאַן אים צו וואָרענען און געזאָגט צו אים: אַנטלויף פון דאַנען, וואָרום דיינע פיינט לאָקערן אויף דיין לעבן און שרעק איז אַרום דיר. איז מיין מאַן אַ דערציטערטער געקומען צו מיר און געזאָגט צו מיר: זע, מיין האַרצנסגעליבטע, אַז עס קומט אַ שרעקלעך אומגליק, מען האָט זיך דערוואוסט מיין געהיימניש. און ער האָט מער נישט געוואָלט פאַרזוימען אין ציון און ער האָט מיך געהאַלזט און געקושט און געוויינט, און ער איז אַוועק ווי די אויגן טראָגן. און אויך אליפלט איז דעם טאָג פאַרשווינדן. אַזוי האָבן זיי זיך דערשראָקן כאָטש ס'איז נישט געווען פאַר וואָס זיך צו דערשרעקן און די גאַנ־צע פראַכט איז אַוועק פון מיין הויז.

—גאָט, מיין גרויסער גאָט!—האָט קציעה אויסגערופן—ווער האָט געקענט פאַרשטיין דאָס געמיט פון אליפלטן, ווען ער איז מיך געקומען באַזוכן אין מיין פּאַלאַץ? זיין פּנים איז געווען ווי אַ פאַרחתמעטער בריוו, און ער האָט גערעדט מיט די לעפּצן ווערטער, וואָס האָבן זיך נישט געקלעפּט. מיט טרערן האָט ער אויסגעגאָסן זיין האַרץ פאַר מיר, און האָט מיר נישט אויסגעגאָסן זיין סוד. און גאָט האָט מיר נישט געגעבן קיין האַרץ צו פאַרשטיין, אַז ער טראָגט אין זיין האַרצן אַ שרעקלעכן ווייטאָק. איצט פאַרשטיי איך וואָס מיט אים איז געווען.

—איך—האָט מרים געענטפערט—איך בין שולדיק, וואָס איך האָב אים נישט דערציילט, אַז ער איז מיין זון! ווי ווייי! איך האָב אָפּגעקערט זיין האַרץ פון מיר. ערשט נאָכדעם ווי ער איז פאַרשוואונדן פון ציון און נאָכדעם ווי עוזיאל איז אַנטלאָפן פון מיר, האָב איך געשיקט נתנען קיין שומרון, ער זאָל אומקערן מיין פאַרשטויסענעם, נאָכדעם ווי איך האָב זיך דערוואוסט, אַז רעומה די טאָכטער פון זכרי איז פאַרליבט אין אים. עס האָט אים אויך געטריבן אויסצולייזן מיין שוועסטער עדה פון איר האַנט. נאָר פון נתנען הערט מען גאָרנישט. איך האָב אויך מגדיאלן געשיקט אים זוכן, געזאָגט האָב איך צו אים: אויב דו וועסט אומקערן מיין זון צו מיר, וועל איך דיר געבן דיין געליבטע, צו וועלכער דו גאַרסט. און וועמען זאָל איך נאָך שיקן און וואו זאָל איך שיקן אויף אומצוקערן מיין פאַרשטויסענע? ווייי געשריגן! מיר זיינען פאַראָרימט און אומגליקלעך, וואָרום דאָס גלוסטונג פון אונזערע אויגן איז פון אונז פאַרטריבן געוואָרן.

—פאַרלירט זיך נישט, צאַרטע—האָט תרצה געענטפערט—האָף מרים צו גאָט, דער מלך האָט דאָך באַפוילן צו שיקן שליחים אין אַלע טויערן פון אפרים, און צו אַלע אַנדערע יידישע שבטים, זיי אומצוקערן צו זייער גאָט און צו זייער קעניג וואָס שטאַמט פון דוד המלך, און אויך דיין מאַן וועט הערן די גוטע בשורה און וועט צו דיר צוריקקערן און קומען אויף אָדלערפליגל. און אויך דו—קציעה מיין חברטע, האָף צו גאָט, וואָרום ס'איז

דאָ אַ האָפֿנונג און דו ווּעסט זען דאָס גוטס פֿון דיין אויסדער־ווײַלטן. און איצט, אויב דו ווילסט גיין מיט מיר, קציעה, שטייט מיין קאָטש גרייט געשפּאַנט. אויב נישט, וועל איך אַליין גיין און זיך אומקערן אַהיים צו נעמען מיט זיך תּמרן און תּימנען מיינע טייערע קינדער, צו זען די קרוינונג פֿון קעניג.

אַזוי ווי זי רעדט און דורכן פענסטער דערזעט מען, ווי עס קומט אָן אַ גרויס פֿאָלק, גרויסע מאַסן באַוועגן זיך, מען פֿאַר־פֿולט די גאַס, מען איז פֿול אויף די דעכער און אויף די מויערן, מען קלעטערט אויף פּלויטן, מען קריכט אויף די בערגלעך, איינער איבערן אַנדערן, קעפּ איבער קעפּ, אַלע שטרענגען זיך אָן צו זען דאָס בילד. און די קעניגלעכע האַרן, די שטאַרקע פֿון פֿאָלק, רייטערס אויף פֿערד און מוילאייזלען, און דער קעניג רייט אויף זיין פֿערד און רייט פֿאַר זיי אָנ־געטאָן אין קעניגלעכן קלייד, און נאָך זיי: כּהנים, נביאים, האַרן פֿון בית־המקדש און מיליטער האַרן מיט זייערע פֿאַנצערס און נאָך זיי די איידללייט פֿון יהודה און די געאַכטעטע פֿון ציון. די אייבערשטע פֿון פֿאָלק פֿאָרן אין ברישקעס, קאָטשן און רייטוועגענער און נידערן צום טייך גיחון צו זען, ווי דער קעניג ווערט געזאַלבט, און נאָך זיי—די פֿרומע לייט, גייען מיט פֿרומע פּנימער צו זען דאָס פּרעכטיקע בילד און צו הערן גאָטס וואָרט פֿון כּהן און נביא, וואָס וועלן דאָרט ריידן.
און תּרצה איז אַרויסגעפֿאָרן אין איר קאָטש פֿון אלקנהס הויף, צו נעמען מיט זיך אירע קינדער, און מרים און קציעה קוקן אַרויס דורכן פענסטער, קוקן אויף דעם גרויסן געזעמל מענטשן און זיפֿצן אָפּ אַלע ווײַלע דערמאָנענדיק זיך אין זייערע ליבע, וואָס זען נישט דעמדאָזיקן גרויסן פֿייערטאָג.
און חזקיהו מיט זיינע אַלע פֿאַרערער, האָבן געניִדערט צום טייך גיחון, און דער כּהן־גדול וואָס קומט אַרויס פֿון צדוקן, האָט גענומען דעם האָרן מיטן בוימאייל און געגאָסן אויף חזקיהוס קאָפּ און אים געזאַלבט און אים אַ קוש געטאָן און געזאָגט:

—גערעכטיקייט און פרידן האָבן זיך באַהעפט! און דער געטרייער גאָט, וואָס האָט געגלוסט און שטאַם פון ישו, וואָס היט אָפּ דעם בונד און גענאָד צו די קינדער פון דוד זיין אויסדערוויילטן, ער איז דיין לויב און דיין גאָט, וואָס האָט דיך דערהויבן צו זיין דער פאָטער פון יהודה און איינוואוינער פון ירושלים. און דיך דערהייבן העכער איבער אַלע קעניגן—דיינע שכנים אַרום דיר. וואָרום ווען זייערע לענדער וועלן צערודערט ווערן, וועסטו ליבער צו גאָט, רועק זיכער. דער וואָס העלפט קעניגן, ער זאָל דיר העלפן און דיר שטאַרקן. דער וואָס האָט געבייגט די הימלען דער זאָל בייגן צו דיר גענאָד, און ווי דער בוימאייל איז געגאָסן אויף דיין קאָפּ, אַזוי זאָל ער גיכן זיין געמיט אויף דיינע קינדער, און עס זאָל רוען אויף דיר גאָטס גייסט, דער גייסט פון חכמה און פאַרשטאַנד, פון ראַט און גבורה, וויסן און גאָטספאָרכטיקייט. געוועלטיק, אונזער קעניג אויף דיינע פיינט ווי דוד, געוועלטיק איבער די וואַסערן ביזן ים ווי שלומה, דיין שטול איז פעסט, זאָל זיך צו דיר נישט באַהעפטן די אומווירדיקע שטול, די שטול פון דמשק און שומרון. געוועלטיק אין גאָטס נאָמען.

און ישעיהו דער זון פון אמוץ איז געוואָרן באַגייסטערט מיט געטלעך געמיט, האָט ער געגענט צום קעניג און האָט געזאָגט:

—ווער איז דער וואָס שיינט אין זיין קלייד, שיינקייט און פראַכט איז פאַר אים און גאָטס כבוד רוט אויף אים? דאָס ביזטו דאָך מיין הייליקער קעניג, דו, חזקיהו נאָענטער צו גאָט, נייג דיינע אויערן און הער אויס מיינע רייד: נישט אין גרויסקייט, רייכקייט און גליק, וואָס רינגלט דיך אַרום, נישט אין דעם דערקענט זיך דער כבוד פון דיין קעניגרייך. הייב אויף דיינע אויגן און זע די צענדליקער טויזנטער פון פאָלק, וואָס גיבן דיר אָפּ כבוד. קוק אויף דיין גאַנץ פאָלק, אַלע זייַנען זיי געקומען זיך צו באַשיצן אונטער דער ריט פון רעכטפאָרטיקייט—די ריט פון דעם קעניגרייך: וואָרום זייערע אויגן זען דעם דעם כבוד פון גאָט, וואָס שיינט אויף דיר, און ווי דער

פראַכט פון גאָטס גרויסקייט, וואָס שיינט פון איין עק הימל צום צווייטן, אַזוי זאָל שיינען דער פראַכט אויף דיין פאָלק אינגאַנצן. דעמאָלט וועט קיינער נישט וואַגן קיין שלעכטס צו טאָן, ווארום דו וועסט זיין דער גייסט פון געזעצלעכקייט פאַר די וואָס זיצן און משפטן. דער אמת, וואָס מאַכט ליכטיק אין די אויגן וועט שיינען פאַר דיר און די אַמונה—וועט אַרומגאַרטלען דיינע לענדן. און פאַר דיר וועט שוין מער נישט קומען די פאַלשקייט געדעכט. צו מאַכן דעם רשע און צו באַשולדיקן דעם אומשולדיקן. ווארום דו וועסט צוטרעטן די לייבן און שלאַנגען און פאַר זייער שלעכטיקייט וועסטו זיי צוברעכן, כדי צו פאַרשניידן פון גאָטס שטאָט אַלע וואָס טוען שלעכטס און איינפעסטיקן דעם גערעכטן.

און דער קעניג חזקיהו, נאָכדעם ווי מען האָט אים געזאַלבט, האָט אויפגעהויבן זיינע הענט צו גאָט און האָט געענטפערט און געזאָגט:

געלויבט איז גאָט וואָס האָט אויפגעריכט דאָס ליכט צו מיין פאָטער דוד, און מיט זיין הייליקן בוימאייל האָט ער מיך געזאַלבט. גרויסער גאָט, וואָס זיצט אויף די הימלען באַפעסטיק מיין שטול מיט חסד און גערעכטיקייט. געדענק מיר, גאָט מיינער, די חסדים פון מיין פאָטער דוד, און שענק מיר די רו פון זיין זון שלמה און זיין חכמה צו משפטן דיין פאָלק מיט וואָרהאַפטיקייט. די באַגלייבטע און ערלעכע פון לאַנד וועלן זיין מיינע האַרן און די פאַלשע האַרן וועלן פאַר מיר נישט שטיין. זיי וועלן זיך ביי מיר נישט האַלטן: ווי מען בייט דאָס מלבוש אַלע טאָג, אַזוי וועל איך זיי בייטן און זיי וועלן אַוועקקומען און זייער אָרט וועט זיי נישט דערקענען. און רעכטפאַרטיקע וועלן זיך פרייען און גליקלעך זיין און וועלן זיין מיינע ראַטגעבער. איך האָב נאָר מענטשלעכע אויגן, איך זע נישט, וואָס עס טוט זיך טיף אין האַרצן, אָבער דו, מיין הייליקער גאָט, זאָלסט מיר שיקן דיין ליכט און אמת און מיך פירן אין גלייכן וועג און איך וועל זיין אַ כבוד פאַרן הויזגעזונד פון מיין פאָטער דוד. דאָס איז מיין צוזאָג צום גאָט

פון יעקב און דערויף בעט איך אויפהייבנדיק די הענט צום בית־המקדש.
און די הארן און די געאַכטעטע פון פאָלק, וואָס האָבן געהערט די רייד פון קעניג האָבן געענטפערט מיט ליאַרם און געשריי:

—זאָל לעבן דער קעניג חזקיהו! זאָל לעבן!
און דער קעניג איז אויפגעשטאַנען אויפצוגיין פון טייך גיחון, זיינען נאָך אים אויפגעגאַנגען די האַרן און דאָס פאָלק. און מען האָט געבלאָזן אין שופרות. און מען האָט געשאַלט מיט טראַמפּייטן. און ס'האָבן געשפּילט די שפּילער מיט זייערע פידלען און צימבלען. דער עלטסטער פון די כהנים, וואָס קומט אַרויס פון צדוק־הכהן גייט פאָראויס די כהנים אין לוים, און ישעיהו דער זון פון עמוץ—פאַר די יונגע נביאים און די קע־ניגלעכע האַרן, און די מיליטער האַרן, און נאָך זיי—די העלדן פון יהודה און די אייבערשטע פון פאָלק.
און דער קעניג אין זיין גאַנצער פּראַכט איז דורכגעגאַנגען אי־בער די גאַסן צו קומען אין זיינע פּאַלאַצן, און די בחורים פון יהודה און די מיידלעך האָבן געשאַלט און געזונגען אויף די בערג פון ציון. די גאַנצע שטאָט ברומט, די האַרן זינגען לי־דער און דאָס פאָלק ענטפערט נאָך זיי מיט אַ געריש פון פויקן און צימבלען; שטאַרקע פעסטע קולות און גרויס שאַלן, אַז די ערד האָט זיך געשפּאָלטן פון זייערע געשרייען.
דער קעניג איז געקומען אין זיין פּאַלאַץ און די קעניגלעכע האַרן—נאָך אים, און די בתולות פון ציון האָבן אָנגעהויבן זינ־גען אַ לויבגעזאַנג צום קעניג און זיין מוטער אַביה, וואָס האָט אים געבוירן.

## יג.

דער פרילינג האָט פאַרשפּרייט זיין הערליכן צודעק איבער דעם לבנון: אויף זיינע שלאַנקע צעדערביימער און אויף די הויכע בערג, און פון וואַרימקייט איז צוגאַנגען דער שניי און אייז, וואָס ליגט ווי אַ קרוין אויף זייערע קעפּ. זענען צוגאַנגען און ס'זענען געוואָרן טייכלעך וואָס האָבן געריזלט אויף אָנצוטרינקען די הויכע שלאַנקע צעדערביימער! אַלע פייגל, וואָס ווייסן זייער צייט, האָבן צוריקגעקערט פון ווייטע אינזלען צו זייערע נעסטן. דער בושל האָט געפונען די היים אויף די ציפּריסביימער. ס'איז געקומען די צייט פון געזאַנג און שאַלונג אין לבנון.

דער מאָרגנשטערן האָט אויפגעשיינט און שולמית האָט זיך געפעדערט און געקומען צום פּעלז, וואו זי האָט אַלע אינדערפרי צו גאָט געבעטן, דאָרט האָט זי אויך איצט, אין ערשטן טאָג פון פּסח, אויסגעגאָסן איר האַרץ פאַר גאָט. און איר זייגערין איז אָנגעקומען און געזאָגט:

—וואָס איז דיר, שולמית מיין כאָטער, וואָס דו וויינסט אין טאָג פון יום טוב?

—ווייל ס'איז פאַרשטערט די פרייד מיינע—האָט שולמית געענטפערט—
איך האָב טאַקע געהאָפט אויף פרייד אין דעם טאָג, אָבער
געקומען איז עגמת נפש: מנוח איז נישט מער מיין פאָטער. זיין
ווייב חנה און מיין ברודער צפניה זענען אויפגעגאַנגען קיין
גלעד צו יהושבען, וואָס האָט מיר צוגעזאָגט צו זיין צו מיר ווי
אַ געטרייע מוטער, אָבער נישט אַזוי זעט זי מיר אויס צו זיין,
נאָכדעם ווי זי האָט צו מיר געשיקט איר שטוב־אויפזעער, מיר
צו ברענגען צו איר, כדי מיר צו שיידן פון מיין אויסדערוויילטן
דניאל, וואָס האָט מיר צוגעזאָגט צו קומען אַהער אין פרילינג-
חודש און מיר נעמען קיין ירושלים, די שטאָט פון זיין פרייד.
און וואו איז ער? ווער וואָלט געבן און איך וואָלט איצט געווען
אין ירושלים: וואָלט איך געפאַלן דעם קעניג צו די פיס און אים
געבעטן ער זאָל נישט אָפשיידן פין מיר מיין יוגנט-האַר, וואָרום
אויך איך בין די טאָכטער פון אלקנה, און פאַר וואָס זאָל ער
מיר פאַרמיידן פון דניאלן, וואָס האָט מיך אויסגעוויילט?
און איר זייגערין האָט זי געטרייסט און געזאָגט:
—פאַרלאָז זיך אויף גאָט און ער זאָל מאַכן ווי אים וועט וואויל-
געפעלן. שטיי אויף, טאָכטער מיינע, און קום אין שטוב אַריין.
און שולמית איז אָן חשק אַוועקגעגאַנגען פון דעם אָרט. וואָס
האָט איר דערמאָנט ליבשאַפט און גלוסטונג, און זי האָט מיט
דער זייגערין צוריקגעקערט אין שטוב אַריין, און אַ נייע זעאונג
האָט זיך באַוויזן אַשטיקל ווייטער פון דעם אָרט: עמרי האָט פון
ווייטנס אַוועקגעשטעלט אַ חברה פאַלשע כהנים, וואָס לאָקערן
אויף מנוחס וואוינונג, און דאָרט איז אויך אַבישג, וואָס קומט
פון ירושלים אין שליחות פון קציעהן, וואָס האָט איר געשיקט
צו ברענגען שולמיתן קיין ירושלים. און רעומה האָט געשיקט
עמרין זי צו ברענגען צו זיך, וואָרום זי דאַרף איר צוליב אירע
פלענער. און אַבישג האָט מיט זיך אַ בינטל יום־טוב-קליידער,
טייערן וועב און טייערע צירונגען איינגעפאַקט אין אַ זאַק פון
פעל. דאָס האָט געשיקט קצורה פאַר איר שוועסטער שולמית.
און עמרי האָט געזאָגט צו אַבישגן אַזוי צו זאָגן:
—נאָך אַמאָל דערמאַן איך דיר, אַז צדקיהו דיין ליבער, לעבט

נאָך. און שולמית וועט זיין דאָס אויסלייזגעלד פאַר אים. זעסט דאָך מיט דיינע אויגן, אַז מיט אונז איז פאַראַן אַסך פון אונזערע כהנים און מיר קענען זי נעמען מיט געוואַלד. אָבער אומזיסט וועט זיין מיין אַרבעט, אויב איך וועל זי ברענגען אַ דערשלאָגענע פון גרויס געוויין און שרייען. דעריבער זיי קלוג און פאַרנאַר איר קיין ירושלים דורך ליבע-שטריק און צדקיהו וועט זיין דיין פאַרדינסט: דו וועסט אים אויסלייזן פון דער האַנט פון זכרי וואָס צאָרנט אויף אים צוליב זיין פאָטער שמיר, און דו קענסט אָפּראַטעווען דיין אויסדערוויילטן צדקיהו פון זיין צאָרן, ווען דו וועסט אים ברענגען פאַר אים שולמיתן מיט איר שיינקייט און פראַכט. און אויב דו וועסט רחמנות האָבן אויף איר, זיי וויסן אַז דו ברענגסט אים צדקיהוס האָפנונג.

—באַרואיק זיך, האַר מיינער,—האָט אבישג געענטפערט—און זאָרג נישט פאַר דער שיינער שולמית. זי האָט מיין אויסדערוויילטן צדקיהון פאַרנאַרט מיטן כשוף פון שיינע אויגן און איך וועל זי פאַרנאַרן מיטן כשוף פון מיינע לעפצן און ווי זי שיינט מיט איר פּראַכט וועל איך זי ברענגען צו זכרין אין פּאַלאַץ. אַזוי האָט זי געזאָגט, גענומען דאָס פּעקל זאַכן אין די הענט און זיך געלאָזט גיין צו מנוחס וואוינונג. און זי איז געקומען אַהין, און אַז שולמית האָט זי דערזען אַריבערשפּאַנען די שוועל, איז זי צוטומלט און איבעראַשט געוואָרן און געזאָגט:

—פון וואַנען קומסטו אין יום-טוב-טאָג און ווער האָט דיך געבראַכט אַהער?

—צום ערשטן—האָט אבישג געענטפערט—פיר מיר אַריין אין דיין צימער און דאָרט וועל איך דיר זאָגן וואָס איך האָב דיר צו זאָגן. און שולמית האָט איר אָנגענומען ביי דער האַנט און מיט אַפּריילעך האַרץ זי אַריינגעפירט אין איר באַזונדער צימער, און האָט פאַרשלאָסן די טיר און געזאָגט:

—איצט זאָג וואָס דו האָסט צו זאָגן, דו ביזט דאָך אַ גוט מיידל און נאָר גוטס וועסטו אָנזאָגן; און ערשטנס זאָג מיר: פון וואַנען קומסטו.

—פון ציון קום איך—האָט אבישג געענטפערט—און געשיקט בין

איך צו דיר פון דיין צאַרטער שוועסטער קציעה, וועלכע בענקט שטאַרק נאָך דיר.

און שולמית האָט געהערט די ערשטע ווערטער און זי שטייט שלאַנק ווי אַ פּאַלמע און קוקט אַ ווײַלע אַבישגן אין פּנים אַרײַן. דערנאָך האָט זי געעפנט דאָס מויל און געזאָגט:

— גיב זשע מיר אַ צייכן, אַבישג, אַ וואָרהאַפטן צייכן, אַז מײַן שוועסטער האָט אין זינען מײַן טובה.

— דאָס זאָל דיר זײַן דער צייכן — האָט געענטפערט אַבישג אויפ־הייבעדיק דאָס פּעקל זאַכן — ס'איז אַצייכן אַז לויטן באַפעל פון אײַער קעניג ביזטו באַשטימט פאַר דניאלן, דײַן שוועסטער קציעה האָט דאָס געמאַכט, נאָר פאַרבאָרג מײַנע רייד פון דײַנע שטוב־מענטשן און קיינער זאָל דאָ נישט וויסן, אַז עס איז אויפגעשטאַנען אַנייער קעניג איבער יהודה, טאָמער וועט דאָס זײַן אַשטרויכלונג אויף דײַן וועג. וואָרום מיט שטאַרק ליבשאַפט רופט דיר דײַן שוועסטער קיין ירושלים קעגן ווילן פון איר מוטער יהושבע, וואָס האָט איר באַשטימט פאַר דניאלן, און דיר — פאַר אַליפלטן, און דורך איר עצה, איז פאַרשווינדן געוואָרן אַליפלט איר אויסדער־ווײַלטער, ביז דניאל וועט דיך נעמען מיט גרויס כבוד און דיר באַזעצן אויף דער נחלה פון זײַן פאָטער עזריקם. זע, צאַרטע, אַז אַלע דײַנע זיפצן האָב איך פאַרשטערט און דעם זיבטן טאָג יום טוב, וועלן דײַנע אויגן זען ציון, וועסט דאָרט זען דײַן אויס־דערווײַלטן דניאל, וואָס איז גרייט קעגן דיר צו פירן דײַן חתונה־נאַכט, און דײַן שוועסטער קציעה וועט עס צוזען אין פרייען וועט זיך איר האַרץ. צו בין איך דיר אַ גוטע אָנזאָגערין?

ווער קען איצט פאַרשטיין מײַן געמיט! — האָט שולמית געענטפערט — ווי עס שרעקט און עס פרייד זיך מײַן האַרץ. און זאָלן מקוים ווערן דײַנע רייד און אויך דו וועסט זיך מיטפרייען מיט מײַן פרייד, און איך וועל אין זינען האָבן דיר גוטס צו טאָן, און וואָס נאָך זאָל איך זאָגן. עס זענען געקומען אַהער מענטשן געשיקט פון יהושבע מיר צו צו רעדן, איך זאָל קומען צו איר, וואָרום זי טראַכט אַנדערש ווי איך וויל. אָבער מײַן האַרץ ציט מיך קיין ציון און צו דניאל מײַן גליק און צו מײַן טײַערער

שוועסטער וועל איך פליען ווי אַ טויב
און אַזוי ריידנדיק האָט זי אַרויסגענומען פון פּעקל, וואָס קציעה האָט איר געשיקט פּעסט־קליידער פון טייערן וועב געזעצט מיט גאָלד, רינגען, אויערינגלעך און האָט געזאָגט: ווי זיס ביזטו מיר מיין שוועסטער קציעה, מיין שיינע, מיין פאָטער און מוטער האָבן מיך פאַרלאָזט און גאָט האָט מיר באַצאָלט מיט דניאלן און קציעהן
און שולמית האָט געבראַכט אבישגן אין שטוב אַריין, און איר פּנים שיינט פון איר האַרצנספרייד און זי האָט אָפּגענאַרט די שליחים פון יהושבע זאָגנדיק זיי, אַז זי איז גרייט צו גיין מיט זיי אויף דעם דריטן טאָג. דאָס איז דער ערשטער ליגן אירער פון זינט זי איז געבוירן געוואָרן, אָבער זי האָט גע־האָפּט, אַז גאָט וועט עס איר פאַרגעבן.
אַזוי איז דורך דער ערשטער טאָג יום־טוב, און צומאָרגנס האָט זי זיך צוגעגרייט צו גיין קיין ציון. און אבישג האָט אָפּגעזוכט עמרין און האָט אים אַלץ דערציילט און ער האָט אָנגעגרייט אַ בריטשקע פאַר איר און שולמיתן.
שולמית האָט צוגעגרייט אַלע אירע זאַכן און קליידער און זיך געמאַכט אַ בינטל און באַגינען האָט זי פאַרשלאָסן די טיר פון איר צימער אינעווייניק, און זי מיט אבישגן זיינען אַרויס דורכן פענסטער, און דעם לאָדן האָבן זיי פאַרפעסטיקט מיט אַן אייזערנעם ריגל פון אויסנווייניק. און אַז זיי האָבן אונטער־געוואַרט און דריי מענטשן קומען אָן, און עמרי האָט געגעבן צו זיי, האָט צו זיי אַ פּאָכע געטאָן מיט דער האַנט, און שולמית און אבישג זיינען געגאַנגען נאָך זיי ביז אין טאָל, דאָרט האָבן זיי זיך געזעצט אויף קעמלען, וואָס זיינען געשטאַנען גרייט פאַר זיי, און עמרי מיט זיינע מענטשן האָט זיי געבראַכט ביז צום אָרט וואו זיי רוען. און דאָס האַרץ פון שולמית האָט גע־ציטערט . פון פרייד הערנדיק פון זיי, אַז איילנדיק וועלן זיי גיין אָנצוקומען קיין ירושלים נאָך איידער עס וועט אָנקומען דער זיבעטער טאָג יום־טוב.
דער מאָרגן האָט אויפגעשיינט, די זון איז אויפגעגאַנגען און

באַהוילט די בערג מיט איר וואַרימקייט. די קנעכט פון מנוחס הויז זײַנען אויפגעשטאַנען צו גיין אין די גערטנער און פעלדער, יעדער איינציקער צו זיין אַרבעט און מלאכה, קיינער האָט נישט אין זינען געהאַט שולמיתן. אויך איר זייגערין האָט זיך געטראַכט אין האַרצן, אַז זי שלאָפט נאָך מיט אבישגן אין איר צימער און זי האָט איר נישט געוואָלט אויפוועקן פון שלאָף, וואָרום זי איז איר געווען אַ שאָד. אָבער ס'איז שוין געוואָרן מיטאָג, און זי האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און גערופן שולמיתן שטיל און אויף אַ קול און ס'איז קיין ענטפער נישטאָ. האָט זי אָנגעהויבן שטאַרק קלאַפּן און מען הערט נישט גאָרנישט. און זי האָט גערופן צו די הויז־דינער, האָבן זיי אַראָפּגענומען דעם לאָדן פון פענסטער און זײַנען אַריין אין צימער, און ווייגעשריגן! שולמית איז נישטאָ און אויך אבישג איז מיט איר אַוועקגעקומען. איז געוואָרן אַ שטאַרק צוטומלעניש אין הויז פון מנוחן און זײַנע קנעכט האָבן זיך אַרויסגעלאָזט זיי צו זוכן. יעדער איז געלאָפן אין אַ באַזונדער זייט, יעדער מיט אַ דערשראָקן האַרץ.

אין דידאָזיקע נאַכט האָט אויך נתן גענעכטיקט אין מנוחס הויז און ער האָט געזען אַלץ, וואָס דאָרט האָט פּאַסירט, און ס'איז געווען אַז די מענטשן, וואָס יהושבע האָט געשיקט צו רופן שולמיתן קיין גלעד—האָבן צוריקגעקערט איז נתן אויך מיט זיי געגאַנגען, און ס'איז געווען, אַז זיי זײַנען פאַרבייגעגאַנגען דעם הויכן פעלזבאַרג, האָט ער אויפגעהויבן די אויגן און געזען און אַ מענטש באַווייזט זיך פון ווייטן, וואָס גייט מיט זיין יונג און דערנענטערט זיך אַלץ מער און מער, און ווי שטאַרק האָט זיין האַרץ אויפגעציטערט פון פרייד דערזעענדיק ווי אַלידע קומט אים אַנטקעגן.

—אָך, וואָס מייַנע אויגן זען!—האָט נתן אויסגערופן גייענדיק צו אים, און ער האָט זיך געווענדט צו די מענטשן, וואָס גייען מיט אים און האָט געזאָגט צו זיי: גייט אייך בשלום, און איך בלייב דאָ מיט מיין פריינט און חבר, וואָס איך האָב דאָ באַגעגנט.

און די מענטשן, וואָס זיינען געגאַנגען קיין גלעד, האָבן זיך מיט אים געזעגנט און זיך אַוועק זייער וועג.
און נתן האָט געזאָגט צו אַלידע:
—ס'איז אַ צייכן צום גוטן. ווארום גאָט האָט מיר צוגעשיקט דעם מענטש, וואָס איך זוך לויטן באַפעל פון דער געשעצטער מרים. און ווער וואָלט געגעבן און איך וואָלט געפונען אויך אליפלטן דעם טייערן בחור, צוזאַמען זיינען איר אַוועקגעקומען פון איר הויז און איז שטאַרק באַזאָרגט וועגן אייך. און וויפיל האָב איך זיך אָנגעליטן פון דעם טאָג אָן, וואָס איך בין אַרויסגעגאַנגען אייך צו זוכן!
—צי איז פרידן צו דער געשעצטער מרים?—האָט אַלידע געפרעגט—אָבער קום פריער און איך וועל דיך אַרויפברענגען אויפן שפּיץ פון פעלזנבאַרג, ווארום דער טאָג ברענט און וואָלקנס הייבן זיך אויף פון עק הימל, און ווי מיר זעט אויס איז נאָענט אַ שטורם, וואָס וועט אָנקומען, דעריבער וועלן מיר אויפגיין אין מיין וואוינונג וואו איך זיץ.
אַזוי האָט אַלידע געזאָגט, און ער האָט באַפוילן זיין יונג. איד ער קריכנדיק אויף אַלע פיר אַרויף אויפן באַרג און האָט אַראָפּגעלאָזט דעם שטרעקלייטער, און עוזיאל מיט נתנען זיינען אַרויפגעגאַנגען אויפן פעלז און אַריין אין די צימערן וואָס זיינען אויסגעהאַקט אין שטיין, און עוזיאל האָט געזאָגט:
פון דמשק בין איך אַהער געקומען פאַר יום-טוב, און קיינער ווייסט דאָ נישט מיין צוריקקערן אַהער. און מיין יונג האָט געבאַקן מצות, האָט אונז אָנגעגרייט פלייש צום עסן, דעריבער בלייב דאָ מיט מיר און זיי וויסן, אַז אויך איך האָב געזוכט אליפלטן, וואָס איז מיר שטאַרק נאָענט צום האַרצן, און צו מיין גרויס האַרצווייטאָק קען איך אים נישט געפונען. און איצט דערצייל מיר וואָס מרים מאַכט, און וועגן דעם, וואָס מיט דיר האָט פאַסירט.
און נתן האָט געענטפערט און געזאָגט:
—דו און אליפלט זענט אַוועקגעקומען פון מרימס הויז און מרים האָט מיר געזאָגט, אַז אליפלט איז פאַרבלענדט, און אז ער־

וועט צוריקקומען וועט ער זיך באַדענקען און חרטה האָבן און זי האָט מיך געשיקט אייך זוכן אין אפרים און דמשק. און איך — ווייל איך האָב ליב אליפלטן — בין איך געגאַנגען. אַז איך בין געקומען אין גאַסטהויז וואָס געפינט זיך ביי דער גרענעץ פון יהודה און איך טרעף דאָרט אַ גלעדער, אַ ציון איינוואוי־נער און איינער אַ לאָבוס אַן אָפגעריסענער טרינקען וויין. און דער לאָבוס האָט זיך אָנגעשכורט און האָט מיך גענומען רייצן און קריגן זיך מיט מיר, האָב איך אים גענומען שטראָפן און געזידלט אַלע וואָס דינען צו בית־אל. און ס׳איז געווען, ווען איך בין געקומען אין גרענעץ פון אפרים און דער גלעדער און ציון־איינוואוינער, וואָס זיינען געגאַנגען מיט מיר, האָבן דערציילט, אַז איך בין אַ לעסטערער פון בית־אל מיט אירע כהנים און נביאים, און האָבן מיך געזידלט און געזאָגט, אַז איך בין אַ פאַררעטער, און ס׳האָט זיך צענויפגענומען אַ חברה אויסוואורפן און געמיינע לייט און מען האָט מיך געשלאָגן און געהרגעט, איך האָב זיך ביי זיי געבעטן און אומזיסט. קיינער האָט נישט געהערט מיין געבעט און געשריי. און ווען נישט עמרי איינער פון אפרים, וואָס האָט מיך אָפגעראַטעוועט, וואָלט איך געווען אומגעקומען. דערדאָזיקער עמרי האָט מיר אַ סך גוטס געטאָן, וואָרום ער האָט מיך געבראַכט אין פּאַלאַץ פון זכרי דעם אפרים־העלד און ער האָט מיר געבראַכט רופאים, וואָס האָבן מיר פאַרבונדן די וואונדן און אַז איך בין געהיילט געוואָרן, האָט ער מיך געפרעגט: וואוהין איך גיי? און אַז איך האָב אים געזאָגט, אַז איך גיי צו די חרמון־בערג, האָט ער מיך אויפגעזעצט אויף אַ וואָגן און ער מיט זיינע מענטשן האָבן מיך אַהער געבראַכט, איך האָב זיי געזאָגט, אַז איינעם אַן איינזאַמען און איינעם אַ בחור אליפלט זוך איך אויפן הויכן באַרג, האָט זיך עמרי מיט מיר געזעגנט און מיר צוגעווינטשן און געזאָגט:

— זאָל גאָט געבן און זאָלסט געפונען די מענטשן, וואָס דו זוכסט, און אַז דו וועסט צוריקקערן קיין ירושלים, טרעט אָפּ מיט זיי אין זכריס פּאַלאַץ, וואָרום ער איז נישטאָ אינדערהיים

און זיין טאָכטער רעומה האָט איבערגעקערט איר האַרץ ליב צו האָבן די לייט פון יהודה און זי פאַרלאַנגט נאָר זייער גוטס.
—עמרי איז דיין וואוילטעטער האָט אַלידע אויסגערופן מיט וואונדער—און רעומה האָט זיך דערבאַרעמט אויף דיר? איך זכריס פּאַלאַץ האָסטו געפונען רו און דאָרט ביזטו געהיילט געוואָרן פון דיינע וואונדן? און פאַר עמרין האָסטו אַלץ דער־ציילט? אוי דו שטראָפער פון ווילדע, האָסט דאָך אונז באַ־טריבט, זיי וועלן דאָך דאָ לאָקערן אויף אונז. דו זאָגסט, אַז עמרי מיט זיינע מענטשן האָבן דיך געבראַכט אַהער, און ווער ווייסט זיינע פּלענער?
און נתן האָט געהערט די רייד פון אַלידע און דאָס פּנים איז אים גרין געוואָרן פון שרעק. און אַלידע האָט אים געפרעגט:

—וואָס איז געשען, וואָס דו ביזט אַזוי צורודערט געוואָרן?

און נתן האָט אים געענטפערט:
—איך בין שטאַרק דערשראָקן געוואָרן, וואָרום אין מנוחס הויז בין איך געזעסן עטלעכע טעג און דאָרט האָט אַן אומגליק גע-טראָפן: שולמית און אבישג, יהושבעס דינסט זיינען אַוועקגע־קומען בייאַכט און מען ווייסט נישט וואו זיי זיינען פאַרפאַלן געוואָרן.
אַז אַלידע האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך גענומען פליקן די האָר פון קאָפּ און אויסגעשריגן:
—ווי איז מיר! וואָרום עמרי רויבט איצט צווישן די חיות פון לבנון! דאָ שטעקט עמריס האַנט און וואָס זאָלן מיר איצט טאָן אָפּצוראַטעווען די אומגליקלעכע? צי זאָל איך אַליין נאָכיאָגן נאָך זייערע רויבער? אוי אַן אומגליק איז געשען און ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל ראַטעווען!
אַזוי האָט ער גערעדט און זיך ביטער צעוויינט, און אויך נתן האָט געוויינט און געזאָגט:
—ווי איז מיר, דעם נאַרישן, וואָרום איך האָב אומגערן אויף

דיר געבראַכט אַ גרויס שלעכטס, און דו, גאָט דערבאַרם זיך אויף דעם גערעכטן און באַהיט אים און באַשיץ אים.

אַזוי ווי ער רעדט אַזוי און עס ווערט אַ געוויטער: בליצן ווי פלאַמען קרייצן זיך איבער די בערג פון לבנון, און דונערן קייקלען זיך און דער ווינט רייסט און דער שטורם ווערט שטאַרקער און שטאַרקער. עס רייסט די בערג און ברעכט די פעלזן. און עוזיאל האָט געקוקט אויפן הימל און זיי זייבען נישט ליכטיק: וואָרום וואָלקנס איבער וואָלקנס טראָגן זיך. די וואַלד־חיות זיינען אַנטלאָפן אין זייערע נאָרעס און די פייגל זיינען פאַרוואָגלט געוואָרן פון זייערע נעסטן און זיך באַהאַלטן אין די שפּאַלטן פון די פעלזן. די הויכע צעדערביימער וואָס האָבן שטענדיק געלאַכט פון יעדער ווינט, האָבן איצט איינגע־בויגן זייערע שפּיצן ווי הויכע גראָזן, האָבן געטרייסלט זייערע צווייגן פון שטורם און געוויטער. און אין דערדאָזיקער פינס־טערניש און טומלעניש האָט זיך געהערט אַ מענטשלעכע שטים שרייט ביטער. און אַלידע האָט געזאָגט צו זיין קנעכט:

—ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ שטים דאָס איז, אַ שטים פון אַ מענטשן אָדער נישט?

—נישט אַנדערש ווי דאָס שרייט דער שטורם־ווינט—האָט דער קנעכט געענטפערט—און ווען דאָס איז אַפילו אַ מענטשלעכע שטים, טאָ ווער וועט איינשטעלן אַראָפּצונידערן איצט פון באַרג אין אַזאַ מהומה און צוטומלעניש?

און נתן זיצט אומעטיק ווי אַ דערשלאָגענער מענטש און פאַר דעם פענסטער קוקט ער אַראָפּ אויף דער ערד, וואָס איז איינ־געהילט אין נעפּל.

דערווייל האָט זיך דער שטורם איינגעשטילט: דער הימל האָט זיך אויסגעלייטערט און די זון האָט אויפגעשיינט. און אַ שטים רופט פון צופוסנס פון באַרג:

—ווער איז דאָ אויפן שפּיץ פון פעלז.

—ווער רופט עס דאָ אויפן באַרג־צופוסנס?—האָט דער קנעכט איבערגעפרעגט.

—איך, מנוח, דער חברונער!—האָט מנוח געענטפערט.

און דער יונג האָט געזאָגט זיין האַר, אַז מנוח רופט, האָט עוזיאל אים באַפוילן און ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם שטריק־לייטער. איז מנוח אַרויפגעגאַנגען, אַריינגעקומען צו עוזיאלן אין צימער, האָבן זיי זיך צוקושט און מנוח האָט געזאָגט:

—איך האָב גערופן צו דיר פון שטורם, האָב געשריגן מיט כח, אָבער וואָס איז דער כח פון אַ מענטשן קעגן דעם מורא־דיקן דונערן און שטורם. איך האָב זיך באַהאַלטן אין אַ שפּאַלט פון פעלז ביז דער שטורם? איז אַריבער; איצט בין איך געקו־מען דיר צו זאָגן, אַז ס'איז צוריקגעקומען די ערשטע הער־שאַפט פאַר ציון. וואָרום חזקיהו האָט אָנגעהויבן קעניגן און ער וועט היילן די בראָך פון זיין פאָלק. אין ערשטן חודש האָט ער געעפנט די טירן פון גאָטס הויז, וואָס זיינען געווען פאַרשלאָסן דאָס גאַנצע לעבן פון אחזן, און ער האָט צענויפ־געזאַמלט די כהנים אין לוים אויף דער מזרח-גאַס. און דער קעניג מיט די שרים האָבן זיך באַראַטן און באַשלאָסן צו מאַכן פסח אין אַנדערן חודש, און ער האָט דורך לויפערס געשיקט בריוו צו אפרים און מנשה, זיי צו רופן קיין ירושלים צו פייערן דאָרט פסח צו גאָט, דעם גאָט פון ישראל. און אויך איך בין אַ שליח געשיקט צו די יידישע שבטים. אויך מרים דיין צאַרט ווייב האָט מיר דערציילט גרויסע זאַכן, זי האָט מיר געזאָגט, אַז אליפלט, דעם וואָס איך האָב ליב, איז אייער זון, אָבער דיין ווייב מרים זיצט און וויינט נאָך דעם גלוס־טיקן פון איר האַרצן, וואָס איז אַוועק. און זי האָט מיך גע־שיקט אים זוכן, און איך האָב נאָכגעפאָרשט און זיך נאָכגע־פרעגט דעם גאַנצן וועג און זיך פון אייך נישט דערוואוסט, און ווי פרייד זיך איצט מיין האַרץ זעענדיק דיך. אָבער מיין פרייד איז נישט גאַנץ. ווער וואָלט געבן און איך זאָל געפונען אויך דיין זון.

—צי ווירקלעך האָב איך אַ ריכטיקן חלום געחלומט נעכטן ביי־נאַכט?—האָט עוזיאל צו זיך גערעדט אין האַרצן, און נתן און מנוח האָבן עס נישט געהערט.

—אליפלט איז מרימס זון?—האָט נתן אויסגערופן מיט וואונדער.—דו ביזט עוזיאל מרימס מאַן?
—אַזוי איז עס, פרײַנט מײַנער,—האָט עוזיאל געענטפערט.

—גאָט, וואָס באַווײַזט גרויסע וואונדער!—האָט נתן אויסגערופן.—אויך אחז איז געשטאָרבן און חזקיהו זײַן זון, דער גערעכטער זיצט אויף זײַן שטול, איצט וועט אונז גרינגער ווערן.
—ווײ ווײ!—האָט עוזיאל אויסגערופן—פרייד, טרויער און האָפּ־נונג זײַנען מיר צוזאַמענגעקומען. אין ירושלים איז פרייד, און איך טרויער נאָך מײַן זון, איך האָף אָבער, אַז איך וועל אים נאָך געפינען. און וואָס טוט מײַן ווײַב מרים אים אָפּצוזוכן?

—דו ווייסט דאָך, האַר מײַנער,—האָט מנוח געענטפערט—דו פאַרשטייסט דאָך, אַז אליפלט דײַן זון איז אומזיסט פאַרפירט געוואָרן, צו זען אָפּשײַליכעס אין מרימס הויז און זען אין דיר אומרעכט, איז ער פון זײַן גרייזן פאַרפירט געוואָרן, און ער האָט אויסגעגאָסן זײַן ביטער האַרץ פאַר קציעהן, זײַן ליבע, און פון זײַנע רייד, פאַרשטייט איצט קציעה, אַז אליפלט האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויף איינעם פון די דרײַ ערטער: אָדער אין שעיר־לאַנד, אָדער קיין אַשור, אָדער ער איז געגאַנגען צו רעומהן און איז אַרײַנגעפאַלן אין איר נעץ, ווי דניאל עזריקמס זון. און מרים האָט געשיקט מגדיאלן דעם אדומער אין שעיר־לאַנד אים דאָרט צו זוכן, און אויב ער וועט אים געפינען, וועט זי איר גאַנץ פאַרמעגן אָפּגעבן אים אויסצולייזן. און דיר—האָט זי געראַטן צו גיין קיין דמשק אים דאָרט צו זוכן. און מיך האָט זי געבעטן איך זאָל אים זוכן אין אפרים. אָבער פון מגדיאלן ווייסט מען גאָרנישט. דיך—מײַן האַר, האָב איך זיך נישט גערעכנט צו זען דאָ, און איך—ווען איך בין געגאַנגען איבערן לאַנד אפרים, האָב איך נאָכגעפאָרשט וועגן זכרין און זײַן טאָכטער רעומה, און איך האָב געהערט גרויסע זאַכן פון איינעם אַ חבר צו די בית־אלער כהנים, וואָס איז געווען פון עמריס לײַט און איצט איז זײַן האַרץ איבערגעקערט

געוואָרן פיינט צו האָבן אין געהיים זיינע חברים. און אַז ער האָט איבערגעלייגט דעם בריוו פון קעניג, וואָס איך האָב ביי מיר, האָט ער צוריקגעקערט צום גאָט פון ציון און האָט גע־זאָגט צו מיר:

—גענוג מיר צו זיצן דאָ מיט די בלוטיקע לייט. וואָרום דער קעניג פון ישראל איז געפאַנגען ביים קעניג אַשור, ווער ס'האָט צובראָכן דאָס קעניגרייך פון אפרים. איצט ציטערן זיי אַלע און זיינען הפקר אין דער האַנט פון אַשור־האַר. וואָרום די האַרן פון אפרים שטייען ווי פיקסן אין דער וויסטע, זען אַז זייער שלעכטער סוף איז נאָענט און ס'איז נישטאָ ווער עס זאָל מיט זיי אָנפירן און זיי שטאַרקן אין דער ביטערער צייט. און אַנדערע לייכטזיניקע האָבן באַשלאָסן זיך צו פאַרלאָזן אויף זכרי זייער העלד, און זכרי גיט זיי האָפנונגען און זאָגט זיי צו אויפצושטעלן זייער חרוב לאַנד, וואָרום זכרי גייט אַרום איבער אפרים און איבער די איבעריקע שבטים פון ישראל און רעדט זיי איין אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון אַשור און זייער לאַנד. האָט אויך אויפגעשטעלט אַ מזבח אויפן באַרג שומרון צו דער עבודה זרה פון מצרים. האָט פאַרבעטן צו דער שחטונג, וואָס ער האָט צוגעגרייט אויף חודש ניסן און דעם האַר פון אַשור שראצר, ווייל ער אויף דעם באַשטימטן טאָג פאַרנאַרן אין נעץ פון ליבע, וואָרום ער האָט ליב זיין טאָכ־טער רעומה און דעם טאָג האָט ער באַשטימט זי צו געבן צו אים. אָבער עס זיינען אַנטפּלעקט די געהיימנישן פון זכרין: וואָרום ער האָט פאַרטראַכט אַ פּלאַן צונויפצוזאַמלען צו זיך די האַרן פון אפרים, און ווען זיי וועלן טרינקען און שכורן זאָלן זיי אים אָנטאָן די קרוין און אים זאַלבן פאַרן קעניג, און שראצרן הרגענען אין זיין חופה־נאַכט, ווען ער וועט פאַר־ברענגען אין ליבע אין זיין חופה־בעט. אָבער אַנדערש טראַכט רעומה אין האַרצן. וואָרום זי איז פאַרליבט אין איינעם פון די יהודה־בחורים און זיין נאָמען איז אליפלט, וואָס איז גע־פאַנגען אויפן באַרג שעיר. און זי האָט געשיקט אירע שליחים זיי זאָלן אים אויסלייזן פאַר אַ סך אויסלייזגעלט, פאַר וועלכע

זי האָט אַרויפגעלייקט אויף דניאלן און עדה די טאָכטער פון שמיר און די איבעריקע נפשות, וואָס זי האָט פאַר זיי אויס־געשפּרייט נעצן. און ווער ווייסט, וואָס פון דעם אַלעם וועט ווערן. אַזוי האָט מיר דערציילט דער מענטש איידער ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין ציון, און איך האָב אים געבענטשט און ער איז אַוועק. און איך האָב געאײַלט צו מיר אַהיים, צו זען וואָס עס מאַכט שולמית, פאַר וועלכע איך זאָרג און ציטער פאַר איר צוליב רעומהס צאָרן. אָבער, עוזיאל מיין האַר, וואָס עפּעס איז דיין פּנים פאַרענדערט געוואָרן? צו פאַר דיין זון אליפלט זאָרגסטו, טאָמער איז ער אַריינגעפאַלן אין רעומהס הענט? זאָל גאָט באַוויליגן און אים פריי מאַכן פון זיין געפענגעניש, דע־מאָלסט וועט ער ווי אַן אָדלער פליען צו קצועה זיין געליבטע, וואָס וויינט נאָך אים.

—וויי געשריגן!—האָט עוזיאל געענטפערט און געזאָגט פאַרברע־כענדיק די הענט—וויי אויף דיין שרעק וואָס איז צוהאַ־נענגעקומען!—

און ער האָט זיך געווענדט צו נתנען און געזאָגט:

—איצט איז די זאַך קלאָר. איצט פאַרשטיי דעם באַשייד.

—וואָס איז עס פאַר אַזאַך און וואָס איז דער באַשייד?—האָט מנוח געפרעגט אַ צעטומלטער.

—נאָך נישט פאַרענדיקט זיינען די צרות!—האָט עוזיאל געענט-פערט פאַרברעכנדיק די הענט—און שולמית, וואָס האָסט זי גע־האַלטן ווי אַן אייגענע טאָכטער, איז אַוועקגעקומען פון איר פרידליכער וואוינונג און מען ווייסט נישט וואו זי איז.

—אוי. אַ בראָך און אַן אומגליק!—האָט מנוח אויסגערופן. זיך צעשריגן מיט זיין ביטער געמיט, און געפליקט די האָר פון זיין קאָפּ און געבליבן דערשלאָגן און פאַרשטימט. און ער האָט זיך דערוועקט און געזאָגט:

—הער מיר אויס, עוזיאל מיין האַר, מיר איז קלאָר, אַז רעומהס הענט שטעקט אין דעם. דעריבער איז נישט קיין צייט איצט צו זיצן מיט פאַרלייקטע הענט. לאָמיר זיך קלוגן און באַ־טראַכטן וואָס צו טאָן מיט אונזערע פיינט. איך וועל אויפגיין

קיין גלעד, וואו עס זיצן מיין ווייב חנה און איר שוועסטער יהושבע, און דו, עוזיאל מיין האַר, באַטראַכט זיך און לערן מיר וואָס איך האָב צו טאָן.

—הער אויס, מנוח מיין פריינט, און הער אויך דו, נתן—האָט אלידע געענטפערט: הערט אויס און איך וועל אייך דערציילן דעם חלום, וואָס ס׳האָט מיר נעכטן ביינאַכט געחלומט. מיר האָט געטרוימט: איך בין אין ירושלים און בעט פאַר חזקיהו דעם קעניגס זון ער זאָל מיר און מיין ווייב מרים מאַכן פאַר פרייע מענטשן, און מיט ביטערע טרערן האָב איך אים דערציילט אַלץ, וואָס איך האָב געטאָן פאַרן הויזגעזונט פון מלך דוד און דאָס גאַנצע שלעכטס, וואָס ס׳האָט מיר געטאָן דער קעניג אחז זיין פאָטער. און חזקיהו נעמט מיך אָן ביי דער רעכטער האַנט און זאָגט צו מיר: איך מאַך דיך היינט פאַר אַ פרייען מענטשן. פאַרברענג מיט דיין ווייב אין פאַרגעניגן, באַר־שטאַרק זיך און מוטיק זיך, און אַזוי ווי דו ביזט געווען גע־טריי צו דודס הויזגעזונד, אַזוי זאָלסטו אויך איצט פאַרבלייבן און פאַר מיר זאָלסטו בלייבן צו דינען מיר שטענדיק. און איצט, אַזוי ווי איך ווייס אַז גאָט האָט דיר געגעבן אַ שאַרפע צונג, גיי זשע אויף און זאָלסט רופן פאַר די לייט פון אפרים און אַנדערע שבטים די רייד, וואָס איך וועל דיר זאָגן. און גאָט זאָל דיר באַהילפיג זיין און דיינע רייד זאָלן באַגליקן אומצוקערן אַ סך צו גאָט און צו זיין היכל אין ציון.

און איך בין געוואָרן שטאַרק פריילעך, און איך האָב געקניט און זיך געבוקט צום וואָרהאַפטיקן הערשער און אויסגערופן: זאָל לעבן מיין האַר דער קעניג! און איך שווער ביים נאָמען פון גאָט אויסצופירן די רייד פון מיין קעניג געטריי. און דער קעניג האָט מיך געבענטשט אין גאָטס נאָמען און האָט געזאָגט: גיי און באַגליק און איך וועל דיר געבן אַ באַשטאַנד און אַ נאָמען.

און איך בין אויפגעשטאַנען און געאיילט צו גיין צו מרימן, האָב איר אָנגעזאָגט אונזער גליק, און זי איז מיר געפאַלן אויפן האַלז און געוויינט פון גרויס גליק. און איך לאָז מיך

גיין איבער אפרים אין אַלע שבטים און רוף אויס דעם גרויסן רוף און אַ סך פאַרנעמען מיינע רייד. און אַזוי ווי איך רעד ווי מיט פלאַמען פייער, און מיין זון אליפלט שטייט פאַר מיר און פון גרויס פרייד האָב איך זיך אויפגעכאַפּט און זיך אי־בערצייגט, אַז ס'איז געווען אַ חלום. איצט זע איך, אַז אַן אמתער חלום איז עס געווען, און די שבועה, וואָס איך האָב געגעבן אין חלום, וועל איך אויספירן אויף דער וואַך, וואָרום איך וועל גיין אויף די געמאַרקן אָנצוזאָגן גערעכטיקייט צווישן גרויסע מאַסן און גאָט זאָל טאָן ווי אים וועט וואוילגעפעלן.

—און דיין חלום וועט מקוים ווערן—האָט נתן געענטפערט.
און אַלע דריי האָבן אַראָפּגענידערט פון באַרג און זיינען גע־באַנגען צו מנוחן אַהיים.

## יד.

מ'איז דורך דער פרילינג־חודש און די האַרן פון אפרים זאַמלען זיך צענויף צום שומרון־באַרג צו דער שחטוגג, וואָס זכַרי האָט זיי צוגעגרייט. און עזריהו דער האַר פון אפרים זיצט ביי דער טיר פון די פּאַלאַץ־טויערן, ווען דער טאָג האָט זיך שוין דערוואַרימט און אַ לויפער אויף אַ פערד איז צו אים געקומען צו לויפן און געזאָגט:

—גאָט איז מיט דיר, האַר! איך בין צו דיר געשיקט פון זכַרי דעם אפרים־העלד און גרויסע זאַכן וועל איך דיר דערציילן.

און עזריהו איז אַן אַלטער מאַן און זייער אַ געהויבענער, שיינט אין זיין קלייד, די באַנד ליגט אַ לאַנגע אויף זיין ברוסט און זיין גוטהערציקייט און פאַרשטאַנד דערקענט זיך אין זיין פנים. און אַז ער האָט געהערט פון לויפער, אַז ער איז צו אים גע־שיקט לויטן באַפעל פון זכַרין, איז ער אָן חשק אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט, האָט צו אים אַ פאָכע געטאָן מיט דער האַנט

און איז אַריין אין זיין זאַל און דער לויפער נאָך אים, און ער האָט געזאָגט:

—נייג, האַר מיינער, דיינע אויערן און זאָל דיין האַרץ אויפ־מערקזאַם זיין צו דעם וואָס איך וועל דיר זאָגן אין זכריס נאָמען. ס׳איז אַ סוד נאָר פאַר באַגלייבטע מענטשן.

אַזוי האָט געזאָגט צו דיר זכרי, דער העלד פון אפרים: דו ביזט דאָך אַ האַר און אַ גרויסער מאַן אין שומרון און די אויגן פון די איינוואוינער זיינען דאָך צו דיר געווענדט. און דו דאַרפסט איילן צו העלפן אונזער פאָלק איידער זייערע פיס וועלן געשטרויכלט אויף די נאַכטיקע בערג. וואָרום ווי לאַנג וועלן מיר זיין ווי פיקסן אין דער וויסטע צו זען ווי אפרים איז ווי אַ צעשפרייטע סטאַדע און ווי שעפסן אָן אַ פאַסטוך? וואָרום אונזער קעניג איז געפאַנגען ביים קעניג פון אַשור, וועלכער האָט געמאַכט דעם בייזן שראַצר פאַרן האַר איבער אונזער לאַנד צו באַצווינגען אונז און צו ראַבעווען אונזער פאַרמעגן, און אונזערע אויגן זען ווי די מחנה פון אַשור באַ־רויבט אונז און מיר שווייגן. אויף דעם האָט זיך דערוועקט זכרי, נאָכדעם ווי ער איז צוריקגעקומען פון מצרים, און ער האָט געזאָגט: איך וועל זיך אָנעמען פאַר מיין פאָלק אין לאַנד און איצט גייט ער איבער די געמאַרקן פון אפרים און רעדט צו די האַרן זיינע צו שטאַרקן די שוואַכע. ער האָט אויך צו־געגרייט אַ שחטונג אויפן באַרג שומרון, האָט פאַרבעטן געסט צו דעם יום־טוב, ווען די לייט פון יהודה מאַכן דעם פסח אין ירושלים, און ס׳איז איצט די צייט צו טאָן פאַר אונזער לאַנד, דאַן ווען שראצר וועט אויפגיין קיין ירושלים צו זען ווי דאָס פאָלק פייערט דאָרט. אַ בימה איז אויפגעשטעלט אויף דעם באַרג שומרון צו אמון־מנא (עבודה זרה פון מצרים) און אהין וועלן זיך ציען די האַרן פון אפרים און די איבעריקע שבטים פון ישראל, וואָס נעמען זיך אָן פאַר זייער לאַנד און ווילן אויפ־שטעלן די חורבות. דאָס זיינען די רייד, וואָס זכרי האָט מיר געהייסן זאָגן וועגן זיין לאַנד און פאָלק. און זכרי האָט אויך געשיקט לויפער צו דיין טאָכטער יהושבע, די האַרינטע, איר צו זאָגן, אַז ער וויל אָפּווישן די טרערן פון איר פנים און

אַרויפזעצן אויף איר קאָפּ די קרוין פון אפרים, און דיין צאַר־טע טאָכטער האָט די לויפער נישט צוריקגעשיקט מיט ליידיקן, נייערט זי האָט געזאָגט: איך וועל אויפגיין צו מיין פאָטער און וועל הערן, וואָס ער וועט מיר זאָגן. מאָרגן וועט זי קו־מען אין דיין הויז. און איצט מיין האַר, זאָג מיר דיין פאַר־לאַנג, איך זאָל וויסן וואָס צו ענטפערן מיין שיקער, וואָרום זכרי וואַרט אויף דיינע רייד און דיין ראָט וועט אים פירן אויפן גלייכן וועג.

—לאָז מיך אָפּ אויף צוויי טעג—האָט עזריהו געענטפערט—איך האָב געהערט, וואָס דו האָסט מיר דערציילט, און איך וועל צו מיר צונויפזאַמלען די עלטסטע פון אפרים און וועל הערן, וואָס זיי וועלן זאָגן, וועל איך וויסן וואָס צו ענטפערן דעם, וואָס האָט דיך געשיקט.

אַז דער לויפער איז אַרויסגעגאַנגען האָט עזריהוס פּנים שטאַרק שלעכט אויסגעזען, און זיצנדיק פאַרזונקען אין טיפע מחשבות, האָט ער געשפּאַנט איבער זיינע זאַלן, האָט געקרעכצט, גע־שאָקלט מיטן קאָפּ, האָט אויך געפּלעסקעט מיט די הענט און אויסגערופן:

—אוי, אויסוואורף, בלוטיקער פרעכער מענטש! צי מיינט ער מיך אַריינצונאַרן אין זיינע פאַלשקייטן? ס׳וועט קיינמאָל נישט זיין! זיין פּלאַן וועט אים נישט געראָטן.

און ס׳איז געווען פאַרנאַכט, און אַ זקן רייטנדיק אויף אַן אייזל איז געקומען פאַר דער טיר פון טויער, און איינער פון עזריהוס קנעכט האָט אים געפרעגט:

—וואָס דאַרפסטו דאָ?

—איך האָב עפּעס צו עזריהו דעם האַר—האָט דער זקן געענט־פערט.

האָט דער קנעכט גענומען און אים אַריינגעפירט צו זיין האַר.

און דער זקן האָט צו אים געזאָגט:

—איך בין געקומען זאָגן צו מיין האַר, אַז דיין טאָכטער יהושבע די האַרינטע קומט צו דיר מאָרגן אינדערפרי. זי האָט גענעכ־

טיקט אין גאַסטהויז, פון וועלכן איך בין אַרויסגעגאַנגען, און אַז זי האָט מיך געזען, האָט זי מיך דערקענט, אַז איך בין אַן איינוואוינער פון ציון, געשיקט פון קעניג הזקיהו צו די שבטים פון ישראל צו דערוועקן אין זייערע הערצער די ליבע צו ציון און זיי צוריקצוקערן צו גאָט, זייער גאָט און זייער קע־ניג, און דיין טאָכטער די האַרינטע האָט געהערט וועגן וואָס איך גיי און האָט זיך געפרייט, און האָט מיך געשיקט צו דיר צו זאָגן דיר וועגן איר אָנקומען. און זי האָט מיך פאַרזיכערט, אַז דו וועסט מיך שטיצן איבער דער צייט, וואָס איך וועל זיין אין שומרון. איך בין דורכגעגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט און געלייענט דעם בריוו פון קעניג. און אַ סך האָבן געלאַכט און געשפעט פון מיר, און מענטשן, וואָס האָבן גאָט אין האַרצן האָבן געענטפערט: אמן. גאָט זאָל טאַקע העלפן! און איצט, באַוויליק מיין האַר און לייען איבער די רייד פון מיין קעניג, דו ביזט דאָך אַ פרומער מאַן.

און עזריהו האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, אַזוי צו זאָגן:

„קינדער פון ישראל, קערט צוריק צו גאָט, דעם גאָט פון „אברהם יצחק און ישראל, און איר זאָלט נישט זיין ווי אייע־„רע עלטערן און ברידער, וואָס האָבן געפעלשט אין גאָט פון „אייערע עלטערן און האָבן אייך וויסט געמאַכט, ווי איר זעט. „איצט זאָלט איר זיך נישט איינשפאַרן ווי אייערע עלטערן. „שטרעקט אויס די האַנט צו גאָט און קומט אין זיין בית־„המקדש, וואָס ער האָט געהייליקט אויף אייביק און דינט „אייער גאָט. און ער וועט אויפהערן צו צערנען אויף אייך, „וואָרום ווען איר וועט צוריקקערן צו גאָט, וועט איר אייערע „ברידער און קינדער געבן דערבאַרמונג פאַר זייערע פאַנגער „און זיי וועלן צוריקקערן אין דעם לאַנד: וואָרום אַ דערבאַר־„מיקער און לייטזעליקער איז אייער גאָט און ער וועט נישט „אָפקערן זיין פנים פון אייך, אויב איר וועט צוריקקערן צו „אים".

—קלוגע רייד טוט טאַקע ריידן דער קעניג פון יהודה—האָט

עזריהו געענטפערט ווען ער האָט געענדיקט לייענען—און איך פריי זיך מיט זיינע ווערטער ווי מיט אַן אוצר, אלוואַי און עס זאָלן ווירקן די רעדנער, וואָס ריידן אין זיין נאָמען און זיי זאָלן באַגליקן.

—זאָל זיך פרייען דאָס האַרץ פון מיין האַר—האָט דער זקן געענטפערט—ווארום אויך מנוח דיין איידעם איז איינער פון די לויפער, אַזוי האָט מיר געזאָגט דיין טאָכטער יהושבע, און ער האָט דערוועקט נאָך אַ מענטש אַ בעסערן פון אים, ער זאָל טריפן זיינע רייד צו ישראל און דער מענטש הייסט אַלידע. אַ מענטש, וואָס אַ געטלעכער גייסט איז אין אים און מיט זיין ריידן קערט ער אַ סך אָפּ פון זינד און ער ברענגט זיי צוריק צו זייער וואוינונג און צום אַמאָליקן אָרט. אַז זיי הערן זייי־נע רייד, דערמאָנען זיי זיך צוריק אין ירושלים. אויפן דריטן טאָג וועט ער קומען אַהער און וועט פרובן זיינע רייד צו די האַרן פון אפרים, די ווידערשפעניקע. דאָס אַלץ האָב איך גע־הערט פון דיין טאָכטער יהושבע, וואָס וואַרט אויף זיין קומען.

—אַלידע!—האָט עזריהו אויסגערופן מיט פרייד—מיין איידעם מנוח האָט מיר דערציילט וועגן אים, ווען ער איז געגאַנגען דורך שומרון מיט אַ ביטער האַרץ: ווארום אַלידע איז פון אים פאַרלוירן געגאַנגען. און ווי פרייט מיר מיין האַרץ, הערנדיק דיך דערציילן וועגן אים. זאָל זיין נאָמען זיין געבענטשט און גאָט זאָל באַוויליקן זיינע מעשים.

און איינער פון עזריהוס קנעכט איז געקומען און געזאָגט, אַז זיין טאָכטער יהושבע די האַרנטע איז געקומען און זי איז אין הויף. און עזריהו האָט זיך געפרייט דערהערנדיק דאָס און איז אַרויס אַנטקעגן זיין טאָכטער—און זי קומט אָן אויף דער שוועל פון הויז און דער שלייער פון איר אלמנהשאַפט פאַרדעקט איר פנים. און עזריהו איז איר געפאַלן אויפן האַלז און אויסגערופן צו איר: געבענטשט ביזטו, טאָכטער מיינע, צו גאָט, וואָס האָט געבראַכט אַ גוטע צייט אומצוקערן די ליבהאָבער פון ציון צו אירע טויערן! אויך איך וועל אויפגיין קיין ירושלים צו מאַכן

דאָרט פּסח. און עס וועט מיך פרייען צו זען דאָרט דיין געליבטע טאָכטער קציעה, און וועל זיך פרייען צוזאַמען מיט דיר אין טאָג פון איר חופּה: וואָרום אַוועק איז טרויער און ליידן און פרייד און גליק איז דיין חלק פון איצט אָן אויף אייביק. וואָרום גאָט האָט געטרייסט ציון, געטרייסט אַלע אירע טרויריקע און עס טוט זיצן אין געצעלט פון דוד אַ רעכטפאָרטיקער הערשער. דעריבער, טאָכטער מיינע, פאַרשטער יעדער טרויריקייט פון דיין פּנים, וואָרום ס׳איז געקומען די צייט צו היילן אויך דיין וואונד.

—גאָט האָט גערופן צו פרידן פאַר אַלע צעבראָכענע הערצער—האָט יהושבע געענטפערט מיט געוויין—אָבער צו מיר איז קיין פרידן נישטאָ, און קיין פרייד איז צו מיין טאָכטער קציעה נישט פאַראַן, וואָרום איך האָב פאַרשטערט איר פרייד: וואָרום איך האָב פאַרמיטן מיין טאָכטער פון איר האַרצנסגלוסטונג, פון אליפלטן; וואָרום איך האָב אים געהאַלטן פאַר אַ זון פון פּינסטערע עלטערן, וואָס איז נאָר דערהויבן געוואָרן דורך מרימס חסד, און ער איז דאָס שענסטע פון שיין: אַ זון פון מרים מיין טייערע חברטע. און מיין צער איז גרויס, וויסנדיק אַז איך בין שולדיק.

—זאָלסט נישט, טאָכטער מיינע,—האָט עזריהו געענטפערט—זאָלסט זיך נישט באַשולדיקן. פון אחזס צאָרן איז דאָך עוזיאל דעמאָלט אַנטלאָפן, און דורך אחזס באַפעל איז דאָך קציעה געווען באַשטימט פאַר דניאלן. און דו, טאָכטער מיינע, וואָס ביזטו שולדיק, וואָס אויף דיר זאָלן צערנען עוזיאל און מרים? טו אָפּ פון דיר, טאָכטער מיינע, יעדער טרויער, לאָז מיך און איך וועל דיך פאַרענטפערן פאַר עוזיאלן און ער וועט דיר נישט געדענקען די אַמאָליקע זינד. דערוועק זיך טאָכטער מיינע, וואָרום ס׳איז געקומען די צייט אַראָפּצונעמען פון דיר די שאַנד פון דיין יוגנט און די שאַנד פון דיין אלמנהשאַפט.

—זאָלסט נישט, פאָטער מיינער, זאָלסט מיך נישט טרייסטן מיט פּוסטקייטן—האָט יהושבע געענטפערט מיט געוויין—מיינע אויגן וועלן שוין מער נישט זען ציון, וואָרום אַ סך האָב איך געגרייזט,

און אויך אין מיין בריוו, וואָס איך האָב געשריבן צו מרימן האָב איך דאָרט אָפן אַנטפּלעקט מיין געפיל צו אַלידען, דאָס איז איר מאַן עוזיאל. און וואו זאָל איך באַהאַלטן דידאָזיקע שאַנד? דערליבער פאָטער, פאַרבאָרג מיך דאָ און איך וועל זיצן עלנט.

אַזוי האָט געזאָגט יהושבע און זי האָט אַראָפּגענומען דעם שלייער כּדי אָפּצעווישן די טרערן פון איר פּנים. און עזריהו האָט איר באַטראַכט און געזאָגט: טאָכטער מיינע, געדענק נישט פון דעם וואָס ס'איז געווען, פאַרגעס דיין גרויסקייט און דיינע ליידן, און זיי צו אַ פרומען מאַן אין יהודה. און וועגן דיין טאָכטער קציעה זאָלסטו זיך נישט נעמען צום האַרצן, וואָרום דער כּבוד פון איר פאָטערס הויז שיינט אויף איר און זיין פאַרמעגן איז איר נחלה. אויך איר שיינקייט וועט צו איר צוציען אַן אויס־דערוויילטן פון פאָלק. אויך דער נייער קעניג וועט איר גע־דענקען דעם חסד פון איר פאָטער און זיין געטריישאַפט צו זיין פאָלק און לאַנד. און פאַרוואָס טאָכטער מיינע, געפעלט דיר נישט מיין ראַט און קוקסט אויף מיר מיט וואונדער?

—וואָרום אַנדערש האָסטו מיר געראַטן איידער איך בין געקומען אַהער—האָט יהושבע געענטפערט—און דיין פאַרלאַנג איז מיך צו זען ווי אַ האַרינטע פון שומרון, דאָס ווייב פון זכרי דער אויס־דערוויילטער פון ישראל, וועמענס באַגעטקייט דו פאַרלאַנגסט. און זיינע שליחים, וואָס ער האָט צו מיר געשיקט האָבן מיר געזאָגט, אַז דורך דיין ווילן וועט דערהויבן ווערן זיין שיין, אָט דער זכרי וואָס פאַרופט זיך אויף דיר אין אַלע טויערן פון אפרים און פון אַנדערע שבטים, אָט דער זכרי, וואָס האָט פאַרגאָסן דאָס בלוט פון מיין מאַן אלקנה און דאָס בלוט פון די אויסדערוויילטע יידן, ער זאָל אָנטאָן אויף מיין קאָפּ אַ קרוין?

—זאָלסט נישט, טאָכטער מיינע—האָט עזריהו געענטפערט מיט וואונדער—זאָלסט נישט אַרויפלייגן אויף דיין פאָטער קיין זינד, וואָס איז נישט אויפגעגאַנגען אויף זיין האַרצן. צי איך וועל

שטיצן אויסוואורפן? ער האָט טאַקע געשיקט מיר צו זאָגן, אַז ער וויל מיין נאָענטשאַפט. אָבער זאָל מיר גאָט אַזוי העלפן, ווי ער האָט דאָס אַליין אויסגעטראַכט.

—נאָך ווייניק פאַר אים צו זוכן זיך הערשאַפט—האָט יהושבע געענטפערט—טוט ער נאָך אָנפילן זיין פּאַלאַץ מיט רויב, באַטריג און געוואַלד. דאָרט זיפצן באַרויבטע נפשות. עדה, מרימס שוועסטער און אויך דניאל זיינען געפאַנגען אין זיין נעץ. און עס טוט מיר זייער וויי אויף שולמית די שוועסטער פון מיין טאָכטער קציעה, מיט וועלכער איך האָב געוועלט גוטס טאָן, און אויך זי זיפצט איצט אין פּאַלאַץ פון בלוטיקן זכרי. און ווער ווייסט דעם סוף פון די אומגליקלעכע. ווען עס וואָלט געהאָלפן געלד, בין איך איצט גרייט צו באַצאָלן אַ סך אויסלייזגעלט פאַר זיי. אָבער דער רשע מיינט נאָר צו פּייניקן, און ווי ווייטאָקט מיר דאָס האַרץ אויף שולמית, די פרומע גלוסטיקע טויב, וואָס איז שטאַרק פאַרליבט אין דניאלן. מיין טאָכטער קציעה, איר שוועסטער, האָט דאָך איר געשיקט געשאַנקען, און מיט ליבשאַפט און פריינטשאַפט זי גערופן אין איר פּאָטערס הויז זי זאָל מיט איר זיצן ווי צוויי שוועסטער. און ווי גרויס וועט זיין איר צער, אַז זי וועט הערן דעם אומגליק פון איר שוועסטער.

און עזריהו האָט געטראַכט אַ ווייל און געזאָגט:

—איך שיק שוין איינעם פון מיינע יונגען אין זיין פּאַלאַץ, דערדאָזיקער יונג איז זייער דורכגעטריבן, קיין שום פאַרבאָרגענע זאַך איז פון אים נישט פאַרהוילן, ער וועט שוין געוואָר ווערן, וואָס דאָרט טוט זיך, וועט ער עס אונז זאָגן, וועלן מיר וויסן, וואָס צו טאָן. באַרואיק זיך טאָכטער.

און ער האָט געזאָגט צו זיין באַדינער, וואָס שטייט פאַר אים, אים צו באַדינען:

—רוף מיר אַריין דעם יונג אלישמע.

און זיין באַדינער איז אַרויסגעלאָפן צו אַלישמען און אים אַריינגעבראַכט צו זיין האַר.

און עזריהו האָט צו אים געזאָגט:

—דו באַגליקסט דאָך שטענדיק ווען איך שיק דיך, איך גיב דיר היינט פּופּציק זילבערשטיק, אויב דו וועסט זיך דערוויסן און מיר זאָגן ווי אַזוי איז געקומען געוואָרן אין זכריס פּאַלאַץ אַריין שולמית, די טאָכטער פון מיין איידעם מנוח, וואָס וואוינט אין לבנון. און ווען מענס אַרבעט איז דאָס.
—שולמית, די טאָכטער פון מנוח?—האָט דער יונג איבערגע־פרעגט—פאַרגיב מיר, מיין האַר, וואָרום נישט פאַר דער טאָכ־טער פון מנוח דיין איידעם וואָס לעבט, נייערט פאַר דער טאָכטער פון אלקנה דיין איידעם, וואָס איז שוין טויט, האָט רעומה פאַרשפּרייט אַ נעץ.
און עזריהו האָט געזאָגט:
—זיי וויסן אלישמע, אַז איך וועל דיר געדענקען צום גוטן אויב דו וועסט מיר זאָגן די זאַך קלאָר און ריכטיק און אויב דו וועסט אָפּהיטן דיין מויל. אָבער זאָג מיר, ווי אַזוי ווייסטו פון אַלעם וואָס עס טוט זיך אין זכריס פּאַלאַץ?
—איך בין גרייט דיר צו זאָגן, האַר מיינער, ווי אַזוי איך ווייס אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין זכריס פּאַלאַץ: דאָרט געפינט זיך אַ מיידל און איר נאָמען איז צלה, וואָס האָט מיך שטאַרק ליב, און זי איז צוגעשטעלט געוואָרן צו שולמיתן, איר צו באַדינען. און זי האָט מיר דערציילט ווי אַזוי די צאַרטע איז געבראַכט געוואָרן אין פּאַלאַץ פון רשע דורכן באַפעל פון רעומה, און פיר סריסים באַוואַכט מיט שווערדן היטן די טירן פון אירע צימערן. אויך דער אויפזעער, אַז ער קומט ריידן מיט איר, קומט ער אַריין אין צימער און רעדט צו איר דורך אַ רעשע־טע וואָס איז געמאַכט פון אייזערנע ריטלעך, דורך וועלכע עס קען מער נישט דורך ווי אַ האַנט פון אַ מענטשן. דאָרט איז מיט איר געזעסן ביז אַהער אויך אבישג, אָבער שולמית האָט געבעטן דעם אויפזעער ער זאָל זי צונעמען פון איר, וואָרום זי געפעלט איר נישט מער און צלה מיין געליבטע זיצט איצט מיט איר פאַר היימלעכקייט וועגן.
—אוי זכרי—געמיינער אויסוואורף!—האָט יהושבע אויסגערופן—אוי רעומה אומווירדיקע טאָכטער, וואָס טראַכט רויבערישע פּלענער

אויף מיין טאָכטער און זייער רויב וועט פאַלן אויף זייערע קעפּ. אָ, איך וועל נישט רוען ביז איך וועל נישט זען אין זיי מיין נקמה. און דו, אַלישמע, ווייס אַז דיין שכר איז זייער גרויס, דעריבער אייל דיך צו זען דיין געליבטע צלה און ברענג מיר אַן ענטפער וועגן שולמיתן, און וואָס דער אויס־וואורף טראַכט מיט איר צו טאָן.

און עזריהו איז אַריין אין זיין שאַצצימער און געבראַכט פון דאָרט פופציק זילבערשטיק און האָט זיי געגעבן צו אלישמען און האָט געזאָגט:

—דאָס איז דאָס ערשטע, וואָס איך גיב דיר.

—און אלישמע האָט דאָס זילבער געוואויגן אויף די הענט מיט גרויס פרייד און האָט געזאָגט:

—מיט דעם וועל איך קומען אין צימער פון מיין געליבטע, וואָרום פון דעם וועל איך געבן אַ געשאַנק צום וועכטער.

און עזריהו האָט אים אַרויסגעבראַכט נאָך הונדערט זילבער־שטיק און האָט געזאָגט:

—דאָס גיב דיין געליבטע די ערשטע מתנה—נאָך וועלכן עס וועט נאָך קומען.

—און איך וועל זי צו מיר פאַרקנסן מיט דעם געלט.—האָט אלישמע געענטפערט מיט פריילעכקייט—און וועגן שולמיתן וועל איך אייך נאָך זאָגן, אַז רעומה האָט נאָר איין זינען צו באַקו־מען פאַר איר געלט; דער אויפזעער אָבער, האָט געשיקט איין לויפער נאָכן אַנדערן צו זיין האַר זכרי אים צו געבן צו וויסן, אַז אַ גלוסטיקער פויגל איז געכאַפּט געוואָרן און געפינט זיך אין זיין פּאַלאַץ, דאָס איז די טאָכטער פון אלקנה. און זכרי האָט באַפוילן דורך די לויפער, ער זאָל שטעלן אַ וואַך איר צו היטן.

—אייל זשע צו גיין אין זיין פּאַלאַץ—האָבן עזריהו און יהושבע צוזאַמען אויסגערופן.

# טז.

ארום זכריס פּאַלאַץ איז פון דריי זייטן געפלאַנצט אַ גלוס־טיקער גאָרטן, און די פערטע זייט קוקט צום באַרג צו וועלכן עס ציען זיך מאַסן מענטשן: ווײַל אויפן באַרג איז אויפגעשטעלט אַ נייער מזבח פאַר דעם מצרימדיקן אָפּגאָט „אמון מנא", און דאָס פאָלק איז אָנגעגרייט צו עמפּפאַנגען זייער העלד זכרי, ווען ער וועט פאַרנאַכט צוריקקערן אין שטאָט אַריין. ווארום אַ לויפער האָט זכרי געשיקט אָנצוזאָגן אין שטאָט זיין אָנקומען.

און רעומה איז געווען שטאַרק צערודערט, ווארום איר האַרץ האָט געשטורעמט ווי דער ים פון נקמה־שטורם, פון ווילן, זיך נוקם צו זיין פאַרן בלוט פון איר מוטער קטורה, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן דורך איר פאָטער זכרי. און איר האַרץ גלוסט צום יונגן העלד אליפלט, וועמענס פראַכט און שטאָלץ זי האָט געזען אין דער מלחמה. און זייענדיק שטאַרק צערודערט, איז זי אַרומגעלאָפן דאָ אין גאָרטן און דאָ אין זכריס פּאַלאַץ אין זיינע צימערן. איצט גייט זי אַרויס פון איינעם פון זיינע צי־

מערן און אין האַנט האַלט זי אַ שווערד, וואָס זיצט אין איר שייד. און זי איז געגאַנגען און געקומען אין די צימערן וואו שולמית איז פאַרהאַלטן, און זי האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, און צלה קומט אַרויס פון דאָרט.

און רעומה האָט איר שטיל געזאָגט:

—וואָס מאַכט שולמית? צי וויינט זי נאָך?

—יאָ, זי וויינט נאָך, האַרינטע מיינע—האָט צלה געענטפערט—איצט האָב איך אַ ביסל פריילעך געמאַכט איר פּנים, געבנדיק איר האָפענונג, אַז היינט וועט צוריקקערן אַהער דער האַר פון פּאַלאַץ און וועט איר פריי לאָזן, זי זאָל צוריקקערן אין איר געבורטלאַנד.

—און דו האָסט נישט גוט געטאָן—האָט רעומה געענטפערט—און איצט, צלה, געדענק, אַז דיין גליק איז ביי מיר אין האַנט, און אַז איך וועל וועלן—וועל איך דיר געבן צו דיין ליבהאָבער צו ווערן דו גאַרסט. דעריבער טו דאָס, וואָס איך הייס דיך און איך זאָל זיין פון דיר צופרידן: וואַרף אָן אויף איר אַ מורא און אַ שרעק, און אַז דו וועסט זען, אַז זי גייט שוין אויס פון פּחד, זאָלסטו איר זאָגן, אַז אויך דניאל איר אויס־דערוויילטער איז פאַרהאַלטן און זיצט דאָ געשמידט אין אייזערנע קייטן. און אַז דו וועסט זען, ווי איר צאָרן ברענט שוין ווי פייער, זאָלסטו איר זאָגן, אַז איך בין דאָ גאָרנישט שול־דיק, און אַז דורך מיין פאָטערס באַפעל איז דניאל, ווי זי, פאַרהאַלטן אין דעם פּאַלאַץ און ס'איז גאָר נישטאָ קיין האָ־פענונג פאַר אים, פּונקט ווי זי האָט נישט קיין האָפענונג אַרויס־צוקריגן זיך פון דעם פּאַלאַץ. איך ווייס, אַז דאָס מיידל וועט שטאַרק אויפגערעגט ווערן. דאַן זאָלסטו איר געבן דידאָזיקע שווערד און זאָלסט איר זאָגן: דאָס איז די שווערד פון דיין פאָטער אלקנה, וואָס זכרי האָט זי פון אים צוגענומען נאָכדעם ווי ער האָט אים געהרגעט. אָבער היט איר לעבן, און זאָלסט איר נישט איבערשרעקן מיט אַמאָל. פאַרשטייסט וואָס איך רעד? פיר אויס דאָס, וואָס איך זאָג דיר און ווייס, אַז גוטס צו טאָן דיר קען איך נאָר.

—איך פאַרשטיי אַלץ, האַרינטע מײנע—האָט צלה געענטפערט.

—פאַרלאָז איך זיך אויף דיר—האָט רעומה געזאָגט און איז אַוועק.

און צלה האָט באַהאַלטן די שווערד און געשאָקלט מיטן קאָפּ נאָך איר האַרינטע.
איידער זי האָט צוריקגעקערט צו שולמיתן, און זי דערהערט ווי אלישמע רופט צו איר. איז זי דורך די טרעפּ אַראָפּ אין גאָרטן אַריין, און אַלישמע האָט זיך דערפרייט אַקעגן איר און געזאָגט צו איר:
—זיי וויסן, צלה מיין געליבטע, אַז דורך דיר קען איך באַקומען געלד און מיט דעם לעבן און האָבן אַלדעס גוטס. נאָר זאָג מיר פריער, ליבע מיינע, צו האָסטו די מעגליכקייט אַרויסצונעמען שולמיתן פון איר תּפיסה? דער טויער־וועכטער איז דאָך שכור און די טויערן זיינען אָפן פאַר איר.
—כ׳בעט דיך, האַרצנסגעליבטער—האָט צלה געענטפערט מיט ציטערניש—דו זאָלסט אַזוינס נישט אַרויסברענגען פון דיין מויל, וואָרום דו קענסט ברענגען דעם טויט אויף אונזביידן. אָבער קום נאָר, ליבער, צווישן די געדיכטע צווייגן און פאַרבאָרג זיך דאָרט, וואָרום איך דאַרף נאָר אויספירן דעם באַפעל פון מיין האַרינטע. דערנאָך בין איך פריי פאַר דיר און מיר וועלן שמועסן.
אלישמע איז זיך געגאַנגען פאַרבאָרגן צווישן די געדיכטע צווייגן און צלה האָט צוריקגעקערט צו שולמיתן. און שולמית איז דאַן געזעסן ביים טיש, וואָס איז געווען געגרייט פאַר איר און עפּעס פאַרזוכט פון די גוטע זאַכן. און אַז צלה איז אַריינגעקומען האָט זי געזאָגט צו איר:
—נעם צו די גוטע עסעכצן פון מיינע אויגן. און וואָס עפּעס האָב איך געפונען אַזויפיל לייטזעליקייט אין די אויגן פון אויפזעער? צי וויל ער מיך אויספאַשען ווי אַ געפאַשעט קאַלב? און וואָס וועט זיין מיין תּכלית דאָ? זאָג מיר צלה: צי אויף אייביק וועסטו פון מיר פאַרהוילן דעם פינסטערן טאָג? זאָג מיר

מײַן תּכלית דאָ? זאָלן מײַנע אויגן זען מײַן אומגליק און איך וועל גרייט זײַן צו שטאַרבן.

אַזוי ווי זי רעדט אַזוי און עס עפנט זיך די טיר און דער אויפזעער קומט אַרײַן. און ער איז אַ פעטער דיקער מאַן און שולמית האָט צו אים אויסגעדרייט דאָס פּנים און דער אויפזעער האָט געזען, אַז דאָס פּנים איז פאַררויטלט פון וויינען און ער האָט געזאָגט:

—ביז ווי לאַנג, מײַן שיינע, וועסטו וויינען ווי אַ שטרויס? אָבער וואַרט צו נאָך אַ ביסל און דײַן דערבאַרמער וועט קומען און וועט אָפּמעקן די טרערן פון דײַן פּנים. און אפשר נאָך פאַרנאַכט וועט ווערן ליכטיק.

און דאָס ריידנדיק האָט ער פאַר איר אַוועקגעלייקט מתּנות און האָט געזאָגט: אָט האָסטו אָרימבאַנדן אויף דײַנע הענט, האַלדזשמוק פאַר דײַן האַלז, אַ גאָלדענעם נאָזרינג פאַר דײַן נאָז און אוירינגלעך פאַר דײַנע אויערן. דאָס אַלץ האָט דיר געשיקט דײַן פאַרערער פאַר זײַן קומען, כּדי צו ווײַזן דיר ווי טײַער דו ביזט פאַר אים. און שולמית האָט מיט עקל אַוועקגענומען די אויגן פון אויפזעערס מתּנות. און זי האָט געזאָגט צו אים: מײַן האַס אויף דיר—בייזהאַרציקער! צי צו שפּעטן און צו לאַכן פון מיר האָסטו מיך אַהער געבראַכט? דו ברענגסט מיר אויך מתּנות פון דײַן שיקער וואָס איז מיר אינגאַנצן פרעמד. און איצט לאָז מיך, און איך וועל אַרויס פון דאַנען.

און דער אויפזעער איז געשטאַנען און זיך אײַנגעקוקט אין איר און מיט אַ ווייך קול האָט ער געזאָגט: זאָלסט זיך נישט שרעקן און נישט פאָרכטן, צאַרטע און שיינע, וואָרום צווישן דײַנע פאַרערער זיצסטו דאָ. זיי וויסן אַז דײַן ליבהאָבער איז פון די גרויסע לייט, וואָס איז באַוואוסט אין יהודה און אין אפרים, און דו וועסט זײַן זײַן אוצר: וואָרום ער וועט דיך אָנקליידן אין וועב, וועט דיר עסן געבן נאַשערײַ זאַכן און וועט דיך זעצן אין זײַן ערנרײַטוואָגן און דו וועסט פאַרברענגען אין גרויס פאַרגעניגן, און וואָס נאָך ווילסטו?

—צי מיינט ער מיך צו נעמען?—האָט שולמית געענטפערט און

אויפגעציטערט געוואָרן–אָבער זאָג מיר, איך בעט דיך, דעם נאָמען פון מיין פאַרפאָלגער און לעכצער נאָך מיר, און לאָמיך וויסן דורך וועמענס האַנט איך בין אומגעקומען.

און דער אויפזעער האָט געהערט אירע לעסטונגען און זיין פּנים איז אָנגעבלאָזן געוואָרן, און זיינע לעפצן זיינען פול מיט צאָרן, און ער האָט געזאָגט:

–דעריבער זאָלסטו איצט וויסן זיין נאָמען: דו זיצסט אין פּאַלאַץ פון זכרי, דעם העלד פון אפרים און דו ביזט אין זיין האַנט. און אויב דו ווייסט נישט, שיינע און ווידערשפּעניגערן, ווי גוט ס'איז דיין חלק ביי אים, וועסטו וויסן זיין שטאַרקע האַנט.

–ווי געשריגן! אַ בראָך צו מיר!–האָט שולמית אויפגעהויבן אַ שרעקלעך קול–איך בין פאַרשניטן, פאַרלוירן, וואָרום גאָט האָט מיך איבערגעענטפערט צו אַ בייזן שלאַנג, צו זכרי, וואָס האָט געהרגעט מיין פאָטער און לעכצט אויך נאָך מיין בלוט.

און שולמית איז שטאַרק צוטומלט און דערשראָקן געוואָרן פון אויפזעערס רייד און מיט ביידע הענט האָט זי זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים און נישט געקענט ריידן פון גרויס האַרצווייטאָק.

און דער אויפזעער האָט אַ פּאָכע געטאָן מיט דער האַנט צו צלהן און זיך אויסגעדרייט אַרויסצוגיין, און צלה איז אַרויס נאָך אים.

און דער אויפזעער האָט צו איר געזאָגט:

–רעד דו איר אָפּ פון האַרצן, און איך וועל גיין אויספירן די באַפעלן פון מיין האַר זכרי, וואָס ער האָט מיר געשיקט דורך אַ לויפער, און אפשר וועט ער אַהער צוריקקערן פאַרנאַכט.

דער אויפזעער איז זיך אַוועקגעגאַנגען און צלה איז אַראָפּ אין גאָרטן און געקומען צווישן די געדיכטע צווייגן און זי האָט דערציילט פאַר אלישמען אַלע רייד פון אויפזעער, וואָס האָט אַנטפּלעקט זיין סוד פאַר שולמיתן, און די לייד פון דער צאַר־טער און איר האַרצווייטאָק און אַלישמע האָט געזאָגט:

–איך לויף איצט צו זאָגן וועגן דעם מיין האַר און זיין טאָכ־

טער און פאַרנאַכט וועל איך צוריקקומען אַהער.

—נאָר געדענק, זאָלסט אויף מיר נישט ברענגען קיין אומגליק— האָט צלה געזאָגט.

—האָב נישט מורא געליבטע מיינע—האָט אַלישמע געענטפערט און איז אַוועק. און ער איז געלאָפן און געקומען צו עזריהון און האָט אים און זיין טאָכטער דערציילט אַלץ, וואָס ער האָט געהערט. און עזריהו מיט זיין טאָכטער זיינען דערשראָקן גע־וואָרן הערנדיק.

אין דערדאָזיקער צייט, נאָכמיטאָג, האָבן זיך צענויפגעזאַמלט צו עזריהון די האַרן פון שומרון אויף צו באַראַטן זיך וועגן זכריין און זיין פיראַכץ, און זיי זיינען געזעסן אַרום טיש און זכריהו—אויוון אָן.

און איינער האָט געזאָגט:

—איצט איז נישט קיין צייט צו באַהאַלטן די פּלענער: וואָרום זכרי איז היינט צוריקגעקומען פון די טויערן פון ישראל, און צו זיינע רייד הערט מען זיך צו אומעטום וואו ער קומט. וואָרום זיין העלדישקייט איז באַקאַנט אין גאַנצן לאַנד. אַזוי ווי ער האָט באַוויזן גרויסע זאַכן אין דער מלחמה, אַזוי וועט זיין האַנט אים שטאַרקן אויפצושטעלן די חורבות פון אונזער לאַנד. און אַז עס וועלן זיך צענויפזאַמלען די עלטסטע פון פאָלק און גרויסע מענגעס מענטשן פון אַלע שבטים אויף די בערג פון שומרון צו שחטן צו „אמון". וועט זכרי אויפהייבן אַ פאָן און וועט בלאָזן אין שופר און עס וועלן שאַלן אַלע שבטים פון ישראל, און וועלן זיך אויפכאַפּן און זיך שטאַרקן, און אויך רייטוועגן און פערד וועלן אויפגיין פון מצרים. דע־מאָלט וועט אַשור צעבראָכן ווערן און שראצר וועט אַריינפאַלן אין נעץ, וואָס מען האָט פאַר אים באַהאַלטן, אָדער ער וועט אַנטלויפן דערהערנדיק דאָס בלאָזן פון שופר.

—אַלוואַי זאָל עס אַזוי געשען!—האָט אַ צווייטער געענטפערט און אַזוי האָבן געענטפערט אַלע, וואָס זיינען געזעסן און האָבן געוואַרט, וואָס עזריהו וועט זאָגן און זיי זיינען געווען זיכער אַז ער וועט האַלטן מיט זיי, נאָכדעם ווי זיי האָבן געהערט

אַז זכריי וועט זיך מיט אים משדך זיין. און עזריהו האָט גע־
ענטפערט און געזאָגט:

—הערט מיך אויס, האַרן, אויסדערוויילטע פון פאָלק, איר זענט
דאָך געקומען אין מיין הויז צו הערן מיין ראָט, אָבער איי־
דער נאָך איר האָט באַטראַכט אייערע רייד, האָט איר שוין
אַרויסגעטראָגן אַ באַשלוס. און ס'איז מיר נישט קיין וואונדער:
וואָרום דער העלד זכריי איז פאַר אייך געווען אי דער ראָט
אי דער העלדישער מוט. אָבער נישט אַזוי מיין איך. זכריי
העצט אייך אונטער און גיט אייך האָפנונגען, און ער האָט
געבויט אַ מזבח צו אַמון מנא, האָט צוגעגרייט אַ שעכטונג,
האָט איינגלאַדן געסט, און איר רופט אויף מיך. זייט זשע וויסן,
אַז זכריי האָט נישט אין זינען דעם פרידן פון זיין פאָלק,
נייערט ער זוכט גרויסקייט פאַר זיך אַליין. און אַלע וואָס גייען
אים נאָך וועלן גיין פון שלעכטס צו שלעכטס און וועלן קלאָגן
אין זייער סוף, און איך האָב נאָך נישט אַנטפּלעקט פאַר אייך
די שרעקלעכע מאַסקע, וואָס ער טראָגט אויף זיך. ווער וואָלט
געבן און איך וואָלט אויפגעהויבן נאָר דעם ברעג פון איר,
וואָלט איר איצט זיין צורה באַשפּעט. אין אַזוי ווי ער, אַזוי
זיינען אַלע זיינע לייט. אָט דאָס איז דאָך דער אייגענער זכריי,
וואָס האָט געמאַכט אַ בונד מיט שראצר דעם האַר פון אַשור־
קעניג און געוואָלט זיך משדך זיין מיט אים, און אין געהיים
גאַרט ער צו דער קרוין פון אפרים. ווייגעשריגן! שומרון איז
געפאַלן און וועט שוין נישט מער אויפשטיין. דעריבער זאָלט
איר ירושלים אויפברענגען אויף אייערע הערצער: אַהין וועלן
מיר אויפגיין צו מאַכן דעם פסח און גאָט, אונזער גאָט זאָל
אונז באַווייזן. איך האָב אייך געלאָזט הערן מיין ראָט און
איצט וועל איך הערן, וואָס איר וועט זאָגן.

און די האַרן פון אפרים האָבן געענטפערט און געזאָגט:

—גלייכע זאַכן האָסטו געזאָגט און איצט לאָז אונז אָפּ ביז פאַר־
נאַכט און מיר וועלן דיר געבן אַן ענטפער.

און די האַרן זיינען אויפגעשטאַנען און אַרויסגעגאַנגען פון
עזריהוס הויז.

זיי זיינען נאָר וואָס אַרויסגעגאַנגען און איינער פון זיינע יונגען איז געקומען אים צו זאָגן, אַז זכרי האָט געשיקט אַ לויפער צו זאָגן, אַז ווען די זון וועט פאַרגיין וועט ער אַריינקומען אין די טויערן פון שומרון. און אַ סך פון די שטאָט־איינוואוי־נער זיינען אַרויסגעגאַנגען אים אַנטקעגן, און עזריהוס האַרץ איז אויסגעהוילט געוואָרן פון שרעק און ער האָט געשיקט זיין יונג אלישמע צו קומען אין די הויפן פון זכרי, ער זאָל דאָרט לאָקערן. און ער האָט באַוואָפנט זיינע יונגען און זיי באַפוילן זיי זאָלן זיין באַוואָפנט און גרייט אויף זיין באַפעל.
און אלישמע האָט זיך ווידער פאַרגנבעט צו קומען אין גאָרטן און ער האָט זיך באַהאַלטן צווישן די צווייגן און אַז ער האָט דאָרט אַ צייט געוואַרט און ער האָט דערהערט טריט, און נאָכ־דעם הערט זיך די שטים פון רעומה, וואָס רעדט אַזוי צו זאָגן:

—זאָג מיר נאָר עמרי, זאָג מיר דאָ דיין סוד, וואָרום קיינער הערט דאָ נישט.
—באַרים זיך מיט מיר—האָט עמרי געענטפערט—אַז איך ווייס שטענדיק אויסצוקלויבן מיינע מענטשן: וואָרום אָט דער אַלטער, דער שכור פשחור, וועמען איך האָב אַהער געבראַכט פון ציון, און דו האָסט געזאָגט: וואָס וועלן מיר האָבן פון אים? אָט דער קען אליפלטן פון ציון און ער האָט אים אָנגעטראָפן אויפן באַרג פון אונזער יום־טוב, וואוהין דער גלוסטיקער בחורל איז אויפגעגאַנגען צו זען דעם מזבח, וואָס מען האָט דאָרט אויפ־געשטעלט צו אמון מנא. און אפשר איז ער אַהין געגאַנגען דיך צו זוכן. און פשחור האָט אים דאָרט דערקענט און האָט אים פאַרהאַלטן און געזאָגט:
—דו, מיין יונגער האַר, ביזט נייטיק צו רעומה די טאָכטער פון זכרי, דער העלד פון אפרים. און אַזוי ווי ער האָט גע־רעדט מיט אים, האָט ער געשיקט צו מיר איינעם פון אונזער חברה, מיר צו רופן. איך בין אַהין געקומען און אליפלט מיט זיין פראַכט און שיינקייט שטייט פאַר מיר!
—אוי עמרי אָנזאָגער פון גוטס און שלימזל!—האָט רעומה אויס־

גערופן—וואו זשע האָסטו פאַרלאָזט מיין גליק און פרייד, און פאַרוואָס האָסטו אים נישט געבראַכט אַהער?

—זאָלסט נישט, מיין האַרינטע, זאָלסט נאָר נישט זיין אַזוי גע־איילט—האָט עמרי געענטפערט—אליפלט האָט דאָך אויגן צו וועלן זען די מאַסן, וואָס פייערן און דאָס געשטאַלט פון מזבח, און אויסער דעם, האָב איך מיר געטראַכט, ווי אַזוי זאָל איך אים ברענגען צו דיר, איידער איך האָב דיך צו דעם צוגעגרייט? און איצט זאָג מיר נאָר, צי האָט דיין דינסט צלה איבערגע־געבן אלקנהס שווערד צו שולמיתן אין האַנט?

—איבערגעגעבן—האָט רעומה געענטפערט—און שולמית, וואָס ליידט וועט וויסן, וואָס צו טאָן מיט איר. וואָרום דער צאָרן אירער וועט אָנצינדן אַ פייער אין איר, וועט שטאַרקן איר האַרץ און אָרעמס און דער באַטריגער, וואָס האָט אומגעבראַכט מיין מו־טער וועט אפשר פאַלן אַ דערשלאָגענער. אָבער צו וואָס פרעגסטו זיך איצט נאָך נאַרישקייטן, אַ גרויסע פרייד האָסטו מיר דאָך אָנגעזאָגט, און וואָס שטייסטו דאָ ווי אַ בוים אין פעלד? אייל, לויף און ברענג מיר אליפלטן צו ווען עס לעכצט מיין האַרץ אַזוי לאַנג. און פשחורן זאָלסטו זאָגן, אַז ער האָט זיין שכר ביי מיר. פרייד און ציטערניש זיינען מיר צוהאַנענגעקו־מען אין דער נאַכט.

עמרי איז אַוועק צו ברענגען אליפלטן און צלה נידערט אַראָפּ מיט די טרעפּ צו געפינען איר ליבהאָבער אלישמע, און זי האָט דערזען שטיין רעומהן. און רעומה האָט איר געפרעגט, צי זי האָט געטאָן איר באַפעל.

—איך האָב געטאָן, האַרינטע מיינע, ווי דו האָסט באַפוילן—האָט צלה געענטפערט—אָבער ס׳האָט מיך געפעדערט דער אויפזעער: וואָרום ער האָט איר אויסגעזאָגט, אַז זי געפינט זיך אין זכריס פאַלאַץ, און ער האָט זי שטאַרק דערנידעריקט, און איר באַ־פוילן, זי זאָל זיין גרייט אַנטקעגן דיין פאָטער זכרי, און ער איז אַרויס. דאַן האָב איך איר געזאָגט, אַז אויך דניאל, איר אויסדערוויילטער איז דאָ געפאַנגען, און איך האָב איר געגעבן

די שווערד און דאָס מיידל איז שטאַרק דערציטערט געוואָרן און זי האָט געזאָגט:
—און צו וואָס גיסטו מיר די שווערד, אַז איך בין דאָך אַ שוואַך צאַרט מיידל און בויגן, שווערד און קריג האָב איך פיינט. איך בין געוואוינט צו פרידן.
און איך האָב זי געענטפערט מיט קלוגשאַפט אַזוי צו זאָגן:

—נעם די שווערד, צאַרטע נדיב־טאָכטער און גיב אַ קוק אויף איר פוןביידע זייטן קלונג און אַן אַנדער געמיט וועסטו באַ־קומען.
דאָס מיידל האָט אויפגעעפנט אירע אויגן און איבערגעלייענט פון איין זייט:
„אַ שווערד אויף נקמה פאַר גאָט, געשענקט פון
קעניג יותם, צו זיין שני למלך אלקנה".
און זי האָט זי איבערגעדרייט און געלייענט אויף דער אַנדע־רער זייט די ווערטער, וועלכע זכרי האָט זיך געהייסן אויס־קריצן אַזוי צו זאָגן:
„איך בין זכרי. דאָס איז די שווערד פון מיין שטאָלץ, וואָס איך האָב צוגענומען פון דעם, וואָס איז געפאַלן פון מיין שווערד אין טאָג פון קריג, פון פקח און רצון אויף יהודה".
—דידאָזיקע ווערטער האָבן אין שולמיתן אָנגעצונדן אַ נקמה־פייער, האָבן אין איר אַריינגעבלאָזן אַ העלדיש געמיט, און זי האָט געענטפערט און געזאָגט:
—דידאָזיקע שווערד האָט מיין פאָטער אָנגעגאָרט ווי אַ העלד אין דער מלחמה און האָט מיט איר זיך נוקם געווען פאַר גאָט, און די שווערד האָט דער אויסוואורף זכרי צוגענומען פון מיין פאָטער ווען ער האָט געהרגעט. דידאָזיקע שווערד איז געווען ביי זכרין אין שאַצצימער פאַר אַן אָנדענק און איז איצט געקומען צו מיר אין האַנט אַריין, ווי זי וואָלט גערופן נקמה צו נעמען. דעריבער: גאָט פון נקמות! טו מיט מיר דעם חסד און פיל אָן מיין האַרץ מיט העלדיש געמיט, און שטאַרק

מיין האַנט אַריינצווזעצן די שווערד אין האַרץ פון בייזן רשע זכרי, וואָס האָט פון מיר אַוועקגערויבט מיין ערע און געזעצט אין געפאַנגענשאַפט מיין טייערן, און ער טראַכט נאָך מיך אַליין צו פאַרשוועכן.

אַזוי האָט דאָס מיידל געבעטן צו גאָט, ווען דאָס האַרץ אין איר האָט געשטורמט און איך האָב איר געזאָגט, אַז נישט דו ביזט שולדיק, וואָס מען האָט איר און דניאלן איינגעזעצט אין דעם פּאַלאַץ, נייערט אַז דאָס קומט זיי פון זכרי דיין פאָטער. זי איז דאָך אַ שוואַכע און אַ צאַרטע, אָבער ווי שטאַרק איז איר צאָרן אויף דיין פאָטער, דעם בלוטיקן מאַן. און איר צאָרן וועט זיין פייער און דיין פאָטער–שטרוי.

אַזוי ווי זי רעדט נאָך אַזוי, און עס דערהערט זיך די שטים פון עמרי וואָס רעדט מיט אַ יונגען בחורל, און רעומה איז צו זיך געקומען, און זי האָט באַפוילן איר דינסט צלה זי זאָל אַרויפגיין אין די צימערן פון שולמיתן, איז דאָס מיידל אַרויפ־געגאַנגען.

## טז.

און עמרי, ווען ער האָט געגעענט צו רעומהן, האָט אָנגענומען דער בחורלס האַנט און האָט געזאָגט:

— איך האָב דיר געבראַכט אליפלט צו רעומה דיין קרוין. דידאָזיקע, וואָס האָסט געפאַנגען אין מלחמה און געטראַכט פון איר. און דו, רעומה די קרוין פון אפרים, קער זיך צו צום בעסטן פון יהודהס בחורים און זאָל צאָרנען אפרים אויף יהודה, און זאָל פייניקן יהודה אפרים און איר ביידע זאָלט זיצן צוזאַמען אין פרידן און לעבן מיט ליבע און פריינטשאַפט. איך האָב צענויפגעפירט צוויי פאַרליבטע און איך גיי פון דאַנען צו זען די פריילעכע שטאָט, וואָרום עס ברומט די שטאָט, ווי עס האָט געברומט ירושלים ווען מען האָט דאָרט געזאַלבט דעם קעניג. דאָס ברומעריי איז פאַר דער ערע פון זכרי דעם העלד פון אפרים און אין גיכן וועט מען הערן, אַז אליפלט אונזער פריינט וועט ווערן דער איידעם פון קעניג.

עמרי איז אַוועק און אליפלט און רעומה שטייען און קוקן איינער אויפן אַנדערן און רעומה האָט אָנגעהויבן און געזאָגט:

—ווי אַ רעגן ביזטו צו מיר געקומען, מיין פריינט, ווי אַ רעגן, וואָס קומט אין דער ריכטיקער צייט אויף טריקענער ערד. צו מיר געהערסטו אליפלט, און איך—צו דיר! געגען צו מיר און זאָל מיך האַלזן דיין רעכטע האַנט און מיין מויל זאָל דיין מויל קושן.

אַזוי האָט רעומה געזאָגט און זי האָט אים געהאַלזט און געקושט, און אליפלט האָט זיך דערמאָנט אָן קציהן, די גאַרונג פון זיין האַרצן און האָט זיך אָפּגעטרייסלט. און מורא האָבנדיק רעומה זאָל עס נישט פאַרשטיין האָט ער איר צוריקגעענטפערט מיט קושן.

נאָר באַלד ווי זיי האָבן אָנגעהויבן צו שמועסן און עמרי האָט צוריקגעקערט און געזאָגט:

—זייט מיר מוחל, געליבטע, אויב איך וועל שטערן אייער פרייד. אַ סך פון די אפרים-האַרן פון אדל פון שומרון זענען גרייט אַרויסצופאָרן אין בריטשקעס און קאַטשען אַנטקעגן דיין פאָטער, וואָרום מיט גרויס פאַראַד און מיט שאַלן וועלן זיי אים אַריינברענגען אין שטאָט און אויסרופן פאַר אים: זאָל לעבן זכרי דער העלד פון אפרים און די פעסטונג פון שומרון! און וואָס וועט זאָגן דיין פאָטער, ווען ער וועט זען, אַז זיין טאָכטער פעלט צווישן די אַנטקעגנגייער? און וואָס וועט זאָגן דאָס פאָלק? יעדער וועט דאָך עפּעס פון דעם אַרויסדרינגען און מען וועט רעדן פון דיר. דעריבער שטיי אויף, טו זיך אָן די שיינע קליידער און פאָר אַרויס מיט דיין קאַרעטע אים אַנטקעגן.

—זער ריכטיק—האָט רעומה געענטפערט—מיין האַרץ גייט אָבער אויס צו אליפלט מיין אויסדערוויילטן, פון וועלכן איך האָב אַזוי לאַנג געטראַכט און אָט ווען ער האָט זיך מיר באַוויזן, קומט מיר אויס זיך צו שיידן מיט אים. נאָר פאַרפאַלן. אַנדערש קען עס נישט זיין. דעריבער זאָג זשע מיר אליפלט, אויסדערוויילטער מיינער, וואו וועל איך דיר געפונען? אָט איז פאַר אונז גרייט דאָס זומערהויז אין עק פון דעם גאָרטן, און דו זיי גרייט צו דער נאַכט פון אונזער גלוסטונג. איך וועל באַפעלן אָנצוגרייטן דאָרט אַלע גלוסטיקע זאַכן און דאָרט וועלן מיר פאַר-

ברענגען אין דער צייט, וואָס די שטאָטלייט וועלן אויפגיין אויפן באַרג און מיין פאָטער—מיט זיי, צו טרינקען און הוליען, צי געפעלט דיר מיין פּלאַן, אויסדערוויילטער מיינער?
—ביזט זער אַ גוטע, צאַרטע שיינהייט פון אפרים—האָט אליפלט געענטפערט—אָבער, באַוויליג און הער דאָס מאָל מיין עצה. די איינוואוינער פון שומרון פרייען זיך היינט מיט דיין פאָטער און ווען אָנפילן זיין הויז און זיינע פּאָדווירן און זאַלן און זיי וועלן אויך וועלן זען די טאָכטער פון זייער העלד כדי אָפּ-צוגעבן איר כבוד, און איך גאַר צו זען רעומהן, די גלוסטיקע פון מיינע אויגן, זי זאָל זיין פאַר מיר אַליין, און קיין פרעמדער מענטש זאָל זיך נישט אַריינמישן אין אונזער פרייד. דעריבער, באַוויליג צו קומען ביינאַכט צו מיר אין מיין וואוינונג, וואָס איך האָב מיר געדונגען אויף יענעם און יענעם אָרט, וואָס עמרי דיין ראַטגעבער ווייסט. דאָרט וועלן מיר זיך פרייען און פאַר-ברענגען גליקלעך די נאַכט און דאָרט וועלן מיר זיך באַראַטן וועגן אונזערע זאַכן. נישט ריכטיק אַזוי, פרייד מיינע?
—פון דיינע רייד, מיין ליבער, וועל איך נישט פאַרענדערן—האָט רעומה געענטפערט.
און זי האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און אים געקושט אין די ליפּן. און זיי האָבן זיך צעשיידט: זי איז געגאַנגען זיך איבערטאָן און ער איז געגאַנגען צוגרייטן אַן אָרט און צו באַ-טראַכטן זיינע פּלענער.
און ס'איז געווען, ווען ער איז דורכגעגאַנגען דורך די גאַסן פון שומרון וואָס קאָכט ווי אַ קעסל; ווען ער האָט גענענט צום אָרט וואו ער האָט זיך געדונגען די וואוינונג, און אַ מענטש מיט זער אַ שיין אויסזען רייט אויף זיין אייזל. דערזעענדיק אים איז אליפלט ערשטוינט געוואָרן און אויסגערופן:
—אָך, וועמען איך זע!
—אויף דער מענטש האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך איינגעקוקט אין אליפלטן, איז אַראָפּ פון זיין אייזל, האָט אויפגעהויבן די הענט צו גאָט און געזאָגט:
—איך דאַנק דיר גאָט, וואָס ס'איז מקוים געוואָרן מיין חלום!

איצט וועל איך שוין פאַר קיינעם קיין מורא נישט האָבן, איך וועל אייפהייבן מיין שטים ווי אַ שופר צו זאָגן אפרימן זיין זינד און ישראלן זיין פאַרברעכן. וואָרום מיין טייערן זון האָטטו גאָט, מיר צוגעשיקט. און איצט: געגעגן צו מיר, זון מיינער, און לאָמיך דיר קושן. קוק נישט מער אויף מיר מיט וואונדער, וואָרום איך בין דיין פאָטער און דיין מוטער מרים איז מיין געליבט ווייב. זע, זון מיינער, איך האָב פון דיר אַראָפּגענומען דעם צודעק, וואָס האָט דיך ביז אַהער צוגעדעקט.

און אליפלט האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געגעט צו זיין פאָטער און געזאָגט:

—פאָטער מיינער, דער שענסטער פון מענטשן ביזטו, כבוד מיינער און קרוין פון מיין קאָפּ! מיינע גרייזן זענען מיר אַנטפּלעקט געוואָרן דורך מיין דערבאַרמיקער מוטער, און איצט: זיי מוחל דיין זון זיין גרייזן וואָס ער האָט געגרייזט—

און אליפלט האָט געוויינט און עוזיאל האָט אויף אים געקוקט מיט לייטזעליגקייט און גרויס דערבאַרמונג, און ער האָט געזאָגט:

—ביזט דער שענסטער, זון מיינער, צווישן מענטשן. איינעם נאָר האָט מיר געווינען דיין מוטער מרים, די גאַרונג פון מיין האַרצן, און ווי דאַנק איך גאָט, וואָס ער האָט דיר געגעבן אַזוי פיל פראַכט און שיינקייט.

און דאָס זאָגנדיק, האָט ער געהאַלזט אליפלטן און אים געקושט. און די, וואָס זענען דורכגעגאַנגען אין גאַס האָבן אויף דעם זיך נישט אומגעקוקט און זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, וואָרום אַלע זענען געלאָפן און זיך געאיילט אויפצונעמען זייער העלד זכרי.

און אליפלט האָט אָפּגעווישט די טרערן פון זיין פנים און ער האָט זיך געשטאַרקט און געזאָגט:

—ס'איז איצט נישט קיין צייט אויף אַ סך צו רעדן: אויף צו דערציילן דיר, פאָטער מיינער, פון אַלץ וואָס ס'האָט מיט מיר פּאַסירט פון זינט איך האָב פאַרלאָזט ציון. וואָרום ביז אדום האָט מיך גאָט געפירט און איך בין שיעור אומגעקומען. אָבער גאָט האָט מיך געלאָזט לעבן כדי דיר צו זען, מיין טייערער

ליבער פאָטער. און איך—ליידנדיק גרויס פיין האָב איך אַ נדר געטאָן נישט צו זען ציון איידער איך וועל געפונען אויסלייזונג צו עדה די טאָכטער פון שמיר. און איך האָב געאיילט צו גיין קיין שומרון צו רעומה די טאָכטער פון זכרי, וואָס איז אין מיר פאַרליבט, טראַכט כסדר פון מיר און ווייסט נישט, אַז טויט-געוועט האָב איך פאַר איר צוגעגרייט. און ס'איז געווען, ווען איך בין געווען אין וועג און כ'האָב אָנגעטראָפן די האַרינטע מרים און קציעהן—די גאַרונג פון מיין האַרצן און זיי דערזעענדיק, האָט מיין האַרץ אויפגעציטערט און זיך דערפרייד. אָבער אַזוי ווי איך האָב זיך דערפרייד דערזעענדיק קציעהן מיין גליק, אַזוי בין איך דערציטערט געוואָרן דערזעענדיק מרימן. דאַן איז קציעה מיר געפאַלן אויפן האַלז און זי האָט געוויינט און מיר געזאָגט וועמענס זון איך בין און וואָס מרים די צאַרטע געהער מיר אָן. און איך—איך האָב זיך אַליין געוואָלט אומברענגען פון גרויס צער, דערמאַנענדיק זיך, וואָס איך האָב אומגערן אָפגעטאָן צו מיינע עלטערן, און צוליב מיין פאַרגרייזקייט האָב איך פאַרלאָזט די שטאָט פון מיין פרייד ווען ס'האָט אויפגעשיינט יהודהס שטערן. און ס'האָט מיר געטרייסט מיין מוטער, און ס'האָט מיך דערפרייד קציעה, די פרייד מיינע. און זיי האָבן געוואָלט גיין מיט מיר קיין שומרון צו באַגעגענען יהושבען; אָבער איך האָב זיי שטאַרק געבעטן צוריקצוקערן קיין ירושלים, און איך האָב זיך געלאָזט צו זוכן דיר, פאָטער מיינער, אין לבנון און אין דמשק. איך בין געקומען אַ הער, בין געקומען אין הויז פון עזריהו און יהושבע האָט זיך דערפרייד מיט מיר. האָב איר אָפּגעגעבן אַ גרוס פון קציעהן, האָב איר געבעטן זי זאָל זי נישט פאַרמיידן פון מיר ווייל מיר זענען שוין לאַנג פאַרבינדן, איז יהושבע מיר געפאַלן אויפן האַלז און האָט געזאָגט: גאָט זאָל דיך לייטזעליגן, זון מיינער, און אין דיין שאָטן זאָל לעבן מיין טאָכטער. און אויך דער אַלטער עזריהו דער האַר פון אפרים האָט אויסגעשפרייט זיינע הענט אויף מיין קאָפּ און האָט מיך געבענטשט און גרויס איז מיין פרייד געווען. נאָר דידאָזיקע פרייד איז מיר פאַרשטערט געוואָרן דערמאַנענדיק זיך, אַז מיין

פּאָטער איז נאָך נישטאָ. און יהושבע האָט מיר געזאָגט אַז דו דאַרפסט אַהער קומען און לאָזן טריפן דיינע רייד צו די לייט פון אפרים און דערוועקן זייער האַרץ צו זייער גאָט און צום זון פון דוד זייער קעניג. דאָס האָב איך געהערט און זיך דער-קוויקט. און אַזוי ווי איך פריי מיר אַזוי אויף דער בשורה און יהושבע האָט מיר געזאָגט מיט זאַנפטיקייט:

—דו ווייסט דאָך, זון מיינער, ווי קציעה לעכצט צו זען איר שוועסטער שולמית די געליבטע פון דיין חבר דניאל. און ביידע זענען געפאַנגען אין גרויס שלעכטס און פיין. און איצט, מיין זון, געפון אַראָט צו אַנטרינען זיי פון דער צרה. און אויך זיי זאָלן זיך פרייען מיט אונז. אַז איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך געשוואוירן ביים לעבן פון קציעהן צו באַפרייען די אומ-גליקלעכע און צוצעקלאַפּן דעם קאָפּ פון זכרי. און דאָס ערשטע, וואָס איך האָב געטאָן איז געווען, זיך צו זען מיט זיין טאָכ-טער רעומה, זי אַריינצונאַרן דורך דער ליבע אירער צו מיר, זי זאָל קומען אין מיין וואוינונג, וואָס איך האָב מיר געדונגען אין עק פון דער גאַס.

אַזוי האָט א פלט דערציילט און גענומען זיין פּאָטער און אים געפירט אין זיין וואוינונג. און אליפלט האָט צו אים זעזאָגט:

—איך וועל דיר דערציילן, פּאָטער מיינער, גרוסע זאַכן: וואָרום שראצר דער האַר פון קעניג פון אשור, וואָס איז צו מיר וואויל-געפעלן, וועט זיך פאַרשטעלן און אַריינקומען אין שטאָט אַריין פאַרנאַכט און פאַר אפרים וועט זיין דער אָוונט פון זיין יום-טוב פאַר אַן אָוונט פון ציטערניש. און איך וועל דיר געבן אַ צייכן און ס׳וועט נישט געריר ט ווערן קיין האָר פון דיין קאָפּ. נאַ דיר, פּאָטער מיינער, דעם שטעמפּל-רינג מיינעם, וואָס איך טראָג אויף דער רעכטער האַנט און מען וועט דיר נישט אָנרירן שלעכטס צו טאָן דיר.

עוזיאל האָט גענומען דעם שטעמפּל-רינג און ער האָט געהאַלזט זיין זון און אים געקושט און אים געבענטשט און איז אַוועק צו עזריהן.

די זון האָט געבייגט אונטערצוגיין און עזיאל רייט אויף זיין אייזל אין גאַס און ער טרעפט אָן אַ גרויסע מאַסע מענטשן. און אָט איז אַ גרויסאַרטיקע קאַרעטע, אין איר זיצט זכריי אָנגעגאַרט זיין שווערד אויף זיין דיך און אַ קעניגלעך היטל אויף זיין קאָפּ. און זיינע חברים, וואָס זיצן מיט אים הייבן אויף אַ פאָן און דאָס פאָלק רופט אויס:

—זאָל לעבן זכריי דער העלד פון אפרים!

און נאָך דער קאַרעטע פאָרט נאָך אַ קאַרעטע, אין איר זיצט אַ מיידל, וואָס זעט אויס מוראדיק, אויך זי איז באַוואָפנט מיט העלדן-געווער, און אירע דינסטן זיצן פון רעכטס און לינקס און די שטים פון די אפרים-בחורים רופט נאָך איר:

—אָט איז די לייבין, אָט איז די מוראדיקע רעומה! גיט אָפּ ערע, צו איר שטאָלצע שווערד!

דער גרויסער המון האָט זיך אויסגעדרייט און זיך געלאָזט צו זכריס פאַלאַץ און עס הערט זיך דאָס שאַלן פון שופרות און טראָמפּייטן. און עוזיאל שטייט און איז איבערראַשט פון דעם, וואָס ער זעט, נאָר ער האָט זיך באַטראַכט און צוריקגעקערט צו עזריהון, און ער איז געגאַנגען און געקומען ביז זיינע וואוינונגען און ס'איז נישטאָ קיין אַריינגאַנג: וואָרום מיליטערלייט האָט עזריהו געדינגען, זיי זאָלן קיינעם נישט אַריינלאָזן אין זיינע פּאָדווירן.

און עוזיאל האָט געזאָגט צו איינעם פון די טויער-היטער:

—זאָג צו דיין האַר, אַז איך אלידע זיין באַקאַנטער און פריינט קום צו אים, און איך דאַרף אים זער נייטיק.

דער טויער-היטער איז אַוועק צו זאָגן דאָס עזריהון. און ער איז צוריקגעקומען און געזאָגט צו עוזיאלן:

—קום אַריין, מיין האַר אלידע, וואָרום עזריהו מיין האַר וואַרט אויף דיר.

און עוזיאל איז אַריינגעקומען אין זאַל און עזריהו גייט אים אַקעגן. און ער האָט געזאָגט:

—געבענטשט זאָל זיין דיין קומען עוזיאל מיין האַר! מען האָט

מיר שוין דערציילט וועגן דיר, וועגן דיינע רייד וואָס דו רעדסט אין די טויערן פון ישראל, אַ סך גרויסע זאַכן האָט מיר וועגן דיר דערציילט אויך מיין טאָכטער יהושבע, ס׳איז אָבער איצט נישט קיין צייט צו רעדן. זכרי איז איצט אַריינגעקומען אין שטאָט מיט פּאַראַד און טראָמפּייט, ווי ער וואָלט באַצווינגען דאָס קעניגרייך און די עלטסטע פון פאָלק, האָבן זיך צו אים צע־נויפגעזאַמלט צו טרינקען און זיך פרייען, און אַרום האַלבע נאַכט, וועט זכרי און אַלע, וואָס שטיצן אים, אויפגיין אויפן באַרג פון זייער פייערונג, און דאָס פאָלק וועט אים שווערן געטריישאַפט פאַר אַמון מנא. און צו מיר האָט ער איצט גע־שיקט שליחים, מיר פאַרצולייגן איך זאָל אים שטיצן. אָבער צווישן זיי לאָמיך זיך נישט געפונען: וואָרום זיין רויב וועט פאַלן אויף זיין קאָפּ. קיינער איז דאָך דאָ נישטאָ מיט אונז, דעריבער וועל איך דיר מודיע זיין, אַז זייער יום־טוב־נאַכט וועט פאַר זיי זיין אַ נאַכט פון ציטערניש: וואָרום ווי אַ פלוצלונגע שרעק וועט אויף זיי אָנפאַלן שראצר מיט זיינע חילות און גרויס וועט זיין די מהומה. און איצט, מיין האַר, טו אַזוי, און שטאַרק זאָלסטו זיין און נישט מורא האָבן: איך גיב דיר אַ קלייד אינגאַנצן הימל־בלוי און וועסט עס אָנקליידן און אויפגיין אויפן באַרג צווישן המון, וואָס פייערט און וועסט נעמען ריידן און רופן צוריקצו־קערן זיי צו גאָט איידער עס וועט געשטרויכלט זייערע פיס אויף די פינסטערע בערג. און דאָס הימלבלויע קלייד, וואָס וועט זיין אויף דיר, וועט זיין אַ צייכן און קיינער פון די אשור־יינגען וועט דיר נישט אָנרירן צום שלעכטן. אייל און טו ווי איך האָב דיר געראַטן.

און עוזיאל האָט אַזוי געטאָן און האָט אָנגעקליידט אַ הימלבלוי קלייד, און עזריהו האָט אים געבענטשט און ער איז געגאַנגען. און ער איז דורכגעגאַנגען די גאַסן און געקומען ביז דעם פּאַ־לאַץ פון זכרין, וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט שכורע אפרים־לייט. דאָרט איז ליכטיק, פריילעך און די שפּילער שפּילן. און עוזיאל האָט זיך דאָרט אויסגעמישט אין גרויסן המון. און אָט איז זכרי אָנגעגאַרט אין אַ פּריסטערקלייד, אַרומגעגאַרטלט מיט

אַ גאַרטל, אַ קעניגלעך היטל אויף זיין קאָפּ, זיין פּנים איז צע-פלאַמט, און מיט זיין דיקן פאַנצער וואַרפט ער אַ שרעק אויף אַלעמען. און ס'איז געווען נאָכדעם ווי אַלע זיינע פאַרבעטענע לייט האָבן זיך אָנגעטרינקען ביז שכור, און זכרי האָט אויפגעהויבן זיין האַנט און איינגעשוויגן דאָס פאָלק, און ער האָט אָנגעהויבן און געזאָגט:

—הערט אויס, זין פון אפרים, וואָס ווערן גערופן מיטן נאָמען ישראל. דאָס פאָלק, וואָס בלאָנזשעט אויף די נאַכטיקע בערג ווי פאַרלוירענע שעפסן, וואָס האָבן נישט קיין פאַסטוך! הערט און איך וועל רעדן צו דערוועקן דעם צאָרן פון אפרים. דער קעניג פון אשור האָט אונזער קעניג איינגעזעצט אין תּפיסה, אַ האַר האָט ער געזעצט איבער אונזער לאַנד, דעם ביטערן בייזן שראצר, וואָס רויבט צווישן אונז ווי אַ לייב צווישן וואַלד-פיה. און עסט אויף אונזערע ביינער. וואָרום פרעמדע זענען געקומען אין אונזער גרענעץ און זיי פּייניקן און דריקן אונז, פאַראָרמען אונזערע שטעט און מאַכן אַ תּל פון אַלעמען, מאַכן וויסט דאָס גלוסטיקע לאַנד. און די שאַנד פון מיין פאָלק גרייכט שוין ביזן האַלז.

—ריכטיק האָסטו געזאָגט. זכרי! אונזער העלד—האָבן די פאַרזאַמלטע געענטפערט—אונזערע אוצרות ווערן צערויבט און צעטראָגן און מיר זענען זער פאַראָרמט געוואָרן, און אַצינד, אונזער שטאַרקער העלד, העלף אונז פון אומגליק.

און זכרי האָט געגעבן אַ שאָקל מיטן קאָפּ און געזאָגט:

—איך, זכרי, אייער גבור ברענגט אייך אַ היילונג און אַ הילף. נאָר שטאַרקט זיך און זייט מענטשן, זייט מיט מיר און איך וועל אייך שווערן ביי מיין שטאַרקער האַנט און ביי מיין שטאָלצער שווערד צו צעברעכן אשור אין מיין לאַנד, דעריבער הייבט אויף אַ פאָן, וואָרום איך וועל אַוועקנעמען די שטרויכלונג פון וועג פאַר מיין פאָלק, און דעם שלאַנג וועל איך דערווייטערן פון אונזער גרענעץ.

און אַזוי רעדנדיק האָט ער גענומען אַ פלעשל אין זיין רעכטע האַנט און אַ בעכער אין דער לינקער און האָט אָנגעגאָסן וויין

פון פלעשל אין בעכער, און ער האָט צעבראָכן דאָס פלעשל אויף פיצלעך און געזאָגט: אַזוי וועל איך צוברעכן אשור אין מיין לאַנד. און ער האָט אויסגעטרינקען זיין בעכער און די פאַרזאַמלטע אין זיין פּאַלאַץ האָבן געשאַלט און אויסגערופן:

—זאָל לעבן זכרי אונזער העלד, די פעסטונג פאַר אונזער פאָלק און אין זיין שוץ זאָלן מיר לעבן! און זכרי האָט באַפוילן זיינע הערן און געזאָגט:

—און איר באַפעלט אַלע מלחמה-לייט און זיי זאָלן זיין באַוואָפנט און גרייט צו דער צייט, וואָס מען וועט אויפהייבן אַ פאָן אויפן באַרג פון אונזער פייערונג. קיינער זאָל נישט געבן קיין שלאָף צו זיינע אויגן אין דער נאַכט. וואָרום איך זכרי אייער העלד וועל נישט שלאָפן און נישט דרימלען, און זיי זאָלן אָפּהיטן די צייט, ווען איך וועל אויפגיין באַגינען אויפן באַרג, וואָרום ביז דער צייט איז שטענדיק אַ סעודה אין מיין פּאַלאַץ.

און עוזיאל האָט געהערט די אַלע רייד און ער איז פול מיט געטלעכן צאָרן, און ער איז אַרויס פון פּאַלאַץ צו גיין אויפן באַרג.

## יג

אויף דעם פאַרזאַמלונגס־באַרג זיינען אויפגעגאַנגען אַלע איינ־וואוינער פון שומרון און איינוואוינער פון אַנדערע שטעט צו פייערן פאַרן אָפּגאָט אמון מנא, וואָס זיי האָבן זיך דאָרט אויפגעשטעלט. דאָרט שטייט דאָס זייער גרויסע זומער-הויז, אַהין האָבן זיך צענויפגעזאַמלט די איבעריקע האַרן אין פאָלק, וואָס האָבן שוין קיין אָרט נישט געהאַט אין זכריס פאַלאַץ, און דער אויפזעער פון זכריס הויז האָט פאַר זיי געשטעלט וויין און ביר און אַ באַנדע פאַרעטער האָט זיך צענויפגענומען אין דעם הויז צו טרינקען. און שכורנדיק האָבן זיי אַלע אויס־געררופן:

—זאָל לעבן זכרי דער העלד פון אפרים! גרייט צו אַ שחיטה פאַר שראצרן און צעטרייב זיינע חילות!

און איינער אַ זקן איינגעהילט אין אַ הימלבלוי קלייד האָט גע־בענט, און ער האָט געזאָגט צו די, וואָס זיצן דאָרט און טרינקען:

געבענטשט זענט איר צו גאָט, דעם גאָט פון יעקב, איר–קינ־

דער פון אפרים, און איך—אַ זון פון יהודה, מיר אַלע זיינען דאָך די קינדער פון יעקב. איך בין אַ שליח געשיקט פון חזקיהו דעם קעניג פון יהודה איבערצוגעבן אייך זיינע ווערטער. נייגט זשע אייערע אויערן צו מיינע רייד, וואָרום איך גיב אייך איבער די רייד פון קעניג: „איר זאָלט נישט זיין ווי אייערע עלטערן״...

—איר זאָלט נישט זיין ווי אייערע עלטערן!—האָט זיך איינער ווילד צעלאַכט—אָט דאָס זיינען די רייד פון דיין קעניג, מיט וועלכע עס זאָל לעבן אפרים? מיר זיינעןווירקלעך נישט ווי אונזערע עלטערן, אונזערע עלטערן האָבן געטרונקען וויין און מיר זויפן ביר. גיי פון דאַנען, וואָרום ס׳איז נישטאָ ווער עס זאָל דיך הערן, נישט פאַר אונז זיינען דיינע נאַרישע רייד!

—נישט קיין פאַלשע רייד זיינען אין מיין מויל—האָט דער זקן געענטפערט—וואָרום איך קום לויטן באַפעל פון מיין קעניג צו עפענען די אויגן פון בלינדע, פאַרשכורטע פון וויין, אויף זייער פיראַכיץ. און איצט קינדער פון אפרים הערט אויס און קומט צו זיך.

און איינער פון די אפרים־בחורים האָט געוואָלט שפעטן, האָט ער גענומען אַ דיקע שמאַטע און מיט איר צוגעדעקט דעם זקנס קאָפּ, האָט מיט איר פאַרשטעקט זיין מויל און געזאָגט: זע זקן, אַז איך באַשיץ דיך, כדי עס זאָל דיך נישט זען דאָס פאָלק ווען דו רעדסט צו זיי. און די גאַנצע חברה האָט זיך צעלאַכט, און אַ צווייטער איז צוגעלאָפן, האָט אַרויסגעכאַפּט ביים זקן זיין אָנלען־שטעקן און אים אַנידערגעוואָרפן אויף דער ערד. און ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: אָט דאָס איז אייער קלוגשאַפט און פאַרשטאַנד, פאַרגרעבט פאָלק, אַז איר שפעט אָפּ פון זקנים, אָבער וואָס וועט איר טאָן, אַז די יונגע פון אַשור וועלן אויפשטיין אויף אייך? ס׳איז אָבער אַ צייט פון שווייגן, וואָרום די צייט וועט ריידן און אייך באַווייזן, וואָס גאָט האָט געטאָן.

—פון וואַנען איז ער געקומען צו אונז, דערדאָזיקער פלאפלער?—

האָט אויסגערופן זכריס אויפזעער,—און ווער רעדט עס אַרויס פון אים צו פאַרשוועכן דאָס קעניגרייך מיט אירע האַרן, און צו דערהויבן יהודה מיט איר קעניג. צי ווייסטו נאָך נישט, אַז מיר האָבן נישט קיין חלק אין דודן און קיין אַרבונג אין זון פון ישו? גיי דיר קיין יהודה.

און אַלע האָבן געענטפערט אין איין קול: מיר האָבן נישט קיין חלק אין דודן. אַרויס פון דאַנען, גיי פון דאַנען!

און עוזיאל האָט צוגעקוקט פון ווייטן די שאַנד פון זקן, האָט ער גענענט צו זיי און האָט געזאָגט:

—אַזוי פירט איר זיך, זין פון אפרים, צו שפעטן פון אַ זקן?

און ער האָט גענומען ריידן צו זיי מיט ווערטער ווי מיט פלאַמען, און זיין שטים האָט געדונערט, און ער האָט זיי גע־שטראָפט מיט זייער פיראַכץ און גערעדט מיט הייליקן ברען, און די הערצער זיינען געפאַנגען געוואָרן פון זיינע רייד, וואָ־רום גערעדט האָט ער מיט הייליק פייער ווי אַ געטלעכער נביא. און אַז עוזיאל האָט פאַרענדיקט זיינע רייד און דאָס פאָלק האָט זיך אָנגעהויבן שעפטשען און שושקען אַ טייל זאָגן: ריכ־טיק זיינען זיינע רייד, ער רעדט זייער גלייך. אַנדערע ווי־דער אָטעמען שווער און זאָגן: ווער איז ער דאָס וואָס וויל פאַרפינסטערן זכריס ראַט מיט נאַרישע רייד, נישט אַנדערש, אַז דאָס איז אַ פיינט פון אפרים, לאָמיר אים אָנטאָן אַ צוים און זאָל ער מער דאָס מויל נישט עפענען.

און פשחור האָט גענענט צו עמרין און געזאָגט:

—איך האָב אים דערקענט, אָט דעם רעדנער, דאָס איז ער דאָך געווען דער אויפזעער פון מרימס הויז.

—אַזוי גאָר?—האָט עמרי איבערגעפרעגט קוקנדיק אויף אים—דאָס איז ער אַרויסגעגאַנגען פון יהודה צו לעסטערן בית אל. אָבער אַ סך האַלטן דאָ מיט אים.

און עמרי האָט גענענט צום אויפזעער פון זכריס הויז און גע־זאָגט צו אים:

–און וואָס טראַכסטו צו טאָן מיט דעמדאָזיקן מענטש, וואָס האָט אַזוי באַליידיקט אפרים?

–וואַרט אַ ביסל–האָט דער אויפזועער געענטפערט–דו זעסט דאָך אַליין, אַז אַ סך האָבן זיך באַהעפט צו אים, און אויב איך וועל אים איצט וועלן פאַנגען, וועט ווערן אַ טומל און דאָס פאָלק וועט זיך צוטיילן. איך האָב אָבער אַזוי געטאָן: איך האָב אים אָנגעגרייט פאַרדאַרבער, וואָס זאָלן לאָקערן זיינע טריט און ער וועט שוין פון זיי נישט אַנטרונען ווערן. איך גיי איצט צו מיין האַר זכרי, וואָרום ס׳איז איצט נישט קיין צייט פון ליי־דיקגיין.

און דער אויפזועער איז גיך אַוועק צו זכרין אין פּאַלאַץ, דאָרט זיינען געוועזן פאַרזאַמלט אַלע האַרן פון אפרים. אַלע זיינען שכור און באַטרינקען, און זיי הוליען און שאַלן און זכרי איז דאָרט נישטאָ. און איינער פון די דינער האָט אים געזאָגט, אַז זכרי איז נאָר וואָס אַרויס פון דאַנען אויפצוגיין אין פּאַ־לאַץ, וואו שולמית זיצט און דער אויפזעער איז אַהין אַרויף. איז אַריין אין צימער וואָס געפינט זיך נעבן שולמיתעס צי־מערן און אַ שטייג־פענסטער געפינט זיך אין דער וואַנט, וואָס איז צווישן דעם צימער און שולמיתעס צימערן.

אין דעם צימער איז פינסטער. נישט אַזוי אָבער איז אין די צימערן פון שולמיתן, וואָרום דאָרט ברענען אַ סך ליכט און אין דעם צימער, וואו זי איז איצט, שטייט אַ שיין בעט פאַר־בעט מיט גאָלד און פורפור און שולמית זיצט און ברעכט די הענט, אירע אויגן קוקן אויסגעשטעלט, אויף איר פּנים–אַ פינס־טערע שרעק און זי זיצט ווי שטום, און צלה זיצט אַנטקעגן איר און זי איז זייער טרויריק. און פרייליכע שכורע קולות גייען אויף פון פּאַלאַץ וואו מען פאַרברענגט. זכרי איז נאָך נישט אַרויף אין די צימערן, אָבער שולמית ציטערט אויף אַלע ווײלע, קוקט צו דער טיר, פון וואַנען עס דאַרף קומען דאָס שלעכטס. איר געמיט איז געבראָכן און אירע ביינער ציטערן. און עס דערהערט זיך אַ גערודער פון מענטשלעכע טריט, וואָס גייען אויף מיט די טרעפּ און נאָכדעם–אַ שכור העלדיש קול.

און שולמית האָט איינגעהילט איר פּנים אין ביידע הענט.

די טיר האָט זיך געעפנט און זכרי, אָנגעטאָן אין קליידער פון אַ העלד מיט די שווערד אויפן דיך, איז אַריינגעקומען. ווי אַ יונ־גער לייב, וואָס איז זיכער מיט זיין פאַרצוקונג, האָט זיך אַוועק־געשטעלט און באַטראַכט שולמיתן, וואָס האָט באַהאַלטן איר פּנים אַלס צייכן, אַז ער איז איר אומווירדיק. האָט עס זייער פאַרדראָסן זכרין און ער האָט גענענט צו איר און געזאָגט:
—וואָס מאַכסטו, מיין שיינע? פאַרוואָס באַהאַלסטו דיין פּנים? ווייז מיר דיין געשטאַלט און לאָמיך זען, צי איז דיין שיינ־קייט טאַקע ווערט געלויבט צו ווערן?
און אַז זכרי האָט געזען, אַז שולמית דערוועקט זיך נישט, האָט ער אָפּגעטאָן אירע הענט פון איר פּנים, און געקוקט אויף איר געשטאַלט און געזאָגט:
—איצט זע איך, אַז ביזט זייער שיין שולמית, נאָך שענער און באַחנטער ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן. אָבער פאַרוואָס מיין שיינע איז דיין פּנים פאַרוויינט? פאַרמייד דיינע אויגן פון טרערן און טרינק פון דעם שמעקעדיקן ווין, וואָס וועט פריי־לעך מאַכן דיין פּנים.
און ער האָט גענענט צום טיש און אָנגעגאָסן אַ בעכער ווין און דערלאַנגט שולמיתן. און דאָס מיידל האָט נישט געוואָלט נעמען דעם בעכער פון זיין האַנט. און זכרי האָט געזאָגט:

—זאָג מיר, שיינע מיינע, וואָס זאָל איך טאָן כדי צו באַנייען אַ רעכטפאַרטיק געמיט אין דיר?
אַזוי ריידנדיק האָט ער דורכגעפירט זיין האַנט איבער אירע אויגן און אָפּגעווישט אירע טרערן. און שולמית האָט אויפגע־ציטערט, איז געבליבן זיצן ווי שטום, און אָפּגעקערט איר פּנים פון אים, און אירע אויגן זיינען ווי אַ טייך טרערן. און זכרי האַלט נאָך זיין האַנט אויף איר האַלז און מיט ברענענדיקע ליפּן רעדט ער צו איר גוטע רייד און ער זאָגט צו איר:
—וואָס ביזטו אַזוי צערודערט, מיין שיינע, און וואָס ברומסטו

אַזוי? עפן צו מיר דיינע לעפצן, דו וועסט דאָך מיר ענטפערן.

און דער אויפזעער האָט געהערט די רייד און נישט געקענט מער וואַרטן, האָט ער אָנגעקלאַפּט, און זכרי האָט אים געהייסן אַריינלאָזן. האָט ער אים דערציילט וועגן אַלידע וואָס רעדט ווי אַ נביא און געפרעגט, וואָס מיט אים צו טאָן.

—בינדן און וואַרפן אין גרוב—האָט זכרי באַפוילן—אָבער איצט גיי אַרויס פון דאַנען!

איז דער אויפזעער אַרויס פון די צימערן און צוריק אַריין אין דערבייאיקן צימער.

און זכרי האָט געזאָגט צו שולמיתן:

—איצט רייד, און ווייס, אַז איך בין נישט געוואוינט צו זען אַ מאַן אָדער אַ פרוי זאָלן ווידערשפעניקן מיינע רייד.

—הער מיך אויס,—האָט שולמית געענטפערט—און איך וועל דיר דערציילן די פיין פון מיין האַרצן: זיי וויסן, אַז איך האָב געשלאָסן אַ בונד צו מיין אויסדערוויילטן, כ׳האָב געשוואוירן צו דניאלן דעם זון פון עזריקם איך זאָל זיין זיינע, און גאָט איז אַן עדות צווישן מיר און אים. און אויב איך וועל פאַר־שוועכן מיין בונד און די געטלעכע שבועה מיינע, וועל איך שטענדיק זיין זינדיק צו גאָט, און דיין דינסט איז אַ גאָטפאַרכ־טיקע. און איצט, האַר מיינער, אונזערע עלטערן האָסטו דאָך געהרגעט מיט דיין בייזער שווערד, דערבאַרם זשע זיך אויף זייערע קינדער וואָס זיינען באַהעפט און זאָלסט זיי נישט פאַר־באַנדערשיידן. און געדענק, אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט.

—איצט ווייס איך דעם באַשייד פון דיין רעטעניש.—האָט זכרי געענטפערט קריצנדיק מיט די ציין—דאָס איז דניאל דער הער־שער פון דיין האַרץ?! זיי זשע וויסן, מיין שיינע, אַז דיין אויסדערוויילטן וואַרט די שווערד. און דער מאָרגנדיקער טאָג וועט פאַרשטערן דעם בונד, וואָס איז געווען צווישן דיר און אים, דעם בונד וועט דורכשניידן די שווערד.

און שולמית האָט געזען, אַז ס׳האָט זיך אויף איר אויסגעגאָסן

דאָס שלעכטס, איז זי זכרין געפאַלן צו די פיס און זי האָט זיך צעוויינט און ס'האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער אירע טרערן און זי האָט געזאָגט:

—פאַרגיב מיין האַר דיין דינסט און זאָלסט נישט אַרויפוואַרפן מיינע זינד אויף דניאלן. הער צו מיין געבעט און זאָלסט אים נישט אומברענגען. דערבאַרם זיך אויף מיר, אויב איך בין טייער ביי דיר. און אויב ביי דיר איז פעסט באַשלאָסן געווארן אונז צו צושיידן, פאַרמייד זשע נישט פון מיר מיין לעצטע בקשה: באַפעל און זאָל מען אַראָפּנעמען די קייטן פון זיינע הענט און פיס, און זאָל ער אַהער קומען אין פינסטערן צימער, און קיין מענטש זאָל זיך נישט געפונען אין דידאָזיקע צימערן און זאָל נישט הערן ווען איך וועל ריידן מיט אים. און איך וועל אים איינריידן צו פאַרשטערן אונזער בונד, וואָס קען אונז אומברייינגען, און אַז זכרי וועט מיט אונז גוטס טאָן אויב מיר וועלן דעם בונד פאַרשטערן. איך ווייס, אַז מיינע רייד וועלן אים זיין ביטער ווי דער טויט, און פונדעסטוועגן וועט ער בעסער וועלן לעבן און וועט פאַרשטערן דעם בונד און די שבועה און איך וועל זיין ריין פון אים און אין דיר, זכרי מיין האַר, וועט נישט זיין קיין זינד.

—זע, מיין שיינע—האָט זכרי געענטפערט מיט פרייד—אויך דאָס וועל איך דיר צוליב טאָן, נישט אומצוברענגען דניאלן ווען איך האָב פיינט, ווייל ביזט ביי מיר טייער און איך האָב דיך ליב, און ווייס אַז דניאלס לעבן איז אין דיר געווענדט.

און זכרי האָט געשיקט צלחן צו ברענגען צו אים דעם אויפזעער. צלה איז אַוועק מיט געשטרויכלטע קניען צו רופן דעם אויפזעער און האָט אים גערופן. און זי האָט פאַרשטאַנען דעם גרויסן טומל וואָס ס'וועט אינגיכן דאָ ווערן, איז זי דעריבער אַרויס פון זכריס הויף און זי האָט געאיילט אַנטרונען צו ווערן אין עזריהוס הויז: וואָרום אַזוי האָט מען איר געהייסן. דאָרט האָט זי דערציילט עזריהון וועגן דעם און זיין האַרץ איז אין אים אַנטפאַלן, און ער האָט אויפגעהויבן די הענט און

געבעטן צו גאָט פאַר די נפשות, וואָס זיינען געקומען געוואָרן צום שטאַרבן.

אין דער צייט איז דער אויפזעער געקומען אין תפיסה און אַרויסגענומען דניאלן, געפּענט זיינע קייטן און צוגעשטעלט צו אים באַוואָפנטע היטער, און האָט אים געבראַכט אין דעם צי־מער, וואָס איז געווען נעבן שולמיתעס צימערן און נאָר אַ וואַנט האָט זיי אָפּגעשיידט. די היטער זיינען געבליבן אין דרויסן, און אויך זכרי איז אַרויסגעגאַנגען פון שולמיתעס צימער און די טיר נאָך זיך פאַרשלאָסן, און ער האָט באַפוילן אַוועקצו־שטעלן אַ וואַך ביי די טירן און אַליין איז ער אַראָפּ אין זאַל וואו מען האָט געטרונקען.

און ס׳איז געווען, אַז דניאלן האָט דערזען שולמיתן דורך דעם שטייג־פענסטער און ער האָט אויסגערופן מיט אַ פחדומדיק קול:

—ווייגעשריגן טויב מיינע, געפאַנגענע ציון־טאָכטער! וויי צו מיר. אויך דו ביזט אַריינגעפאַלן אין נעץ? צי דורך ליבע־שטריק ביזטו פאַרנאַרט געוואָרן אַהער אָדער דורך בייזע הענט?

—דניאל מיין גליק און ליכט!—האָט שולמית אויסגערופן מיט אַ שטיל קול—דיין שטים האָב איך געהערט פון תפיסה און מיינע ביינער האָבן געטאָן ציטערן. וויי איז מיר, וואָרום בידע זיי־נען מיר אַריין אין דער נעץ. אויף מיר וואַרט די שאַנד פון אומווירדיקן און אויף דיר—די שווערד. און דער אכזר זכרי האָט מיר צוליב געטאָן מיין בקשה און דורך מיר האָט מען דיך געבראַכט אַהער כדי צו פאַרשטערן דעם בונד, וואָס מיר האָבן געשלאָסן אין טאָג פון אונזער פרייד און דערמיט וועסטו אויסלייזן דיין לעבן און מען וועט דיך פריי לאָזן; אָבער איך האָב דאָס געטאָן נישט כדי מיר זאָלן בלייבן לעבן, וואָרום מיר איז בעסער צו שטאַרבן מיט דיר איידער צו לעבן אַ בי־טער לעבן אָן דיר. איך ווייס, אַז אַזוי טראַכט אויך דיין האַרץ. אָבער אונזער האָפנונג איז נאָך נישט פאַרלוירן. רעומה, די אויסוואורף־טאָכטער היט איר צאָרן צו איר פאָטער און דורך

איר דינסט צלה האָט זי מיר געשיקט די שווערד פון מיין פאָטער אלקנה. און דו ביזט אַ מענטש מיט אַ האַרץ, ווערסטו זי אויפהייבן אויף דעם רשע פון וועלכן עס זיינען אומגעקו־מען אונזערע עלטערן.

אַזוי זאָגנדיק האָט זי אַרויסגענומען די שווערד פון אונטערן געלעגער און דורך דעם שטייג־פענסטער זי איבערגעגעבן דניאלן. און ער האָט זי צוגענומען און געזאָגט:

—אַך, אַ געטלעך געמיט האָט מיך באַהערשט. און מיר איז אויך איינגעפאַלן אַן עצה ווי אַזוי צו אַנטרונען אונזער לעבן. ווען זכרי וועט אַהער צוריקקומען וועל איך זאָגן צו אים: איך האָב דיר צו פאַרטרויען אַ סוד. און וועל דיר געבן אַ צייכן צו באַ־ווייזן דיר מיין געטריישאַפט. און אַז זכרי וועט אַריינגיין צו מיר וועל איך זען: אויב מיין האַנט וועט זיין גענוג שטאַרק, וועל איך אים דערלאַנגען מיט דער שווערד, אויב אָבער איך וועל זיך דערשרעקן, וועל איך אים דערלאַנגען די שווערד און וועל זאָגן: דאָס האָט רעומה דיין טאָכטער געגעבן שולמיתן דיך צו דערשטעכן, און איצט זע אונזער געטריישאַפט און צעשייד אונז נישט.

ער רעדט נאָך און עס דערהערט זיך זכריס שטים ווי ער רעדט צום אויפזעער און גיט אים באַפעלן, און זכרי האָט גע־עפנט די טיר און אַריין צו שולמיתן אין צימער, און זי האָט געזאָגט צו אים:

—איך האָב געטאָן ווי איך האָב געזאָגט, און איצט באַווייז דיין לעצטן גענאָד און גיי אַריין צו דניאלן אין צימער, וואָרום ער האָט דיר אַ סוד צו אַנטפלעקן. כדי צו באַווייזן דיר זיין געטריישאַפט.

—לאָמיך הערן—האָט זכרי געענטפערט—און ער איז אַריין אין צימער וואו דניאל איז געווען און ער האָט געזאָגט:

—אַנטפלעק מיר דיין סוד.

און דניאל האָט אַרויסגעצויגן די בלאַנקע שווערד פון אונטער זיינע קליידער און מיט שטאַרקן כח זי אויפגעהויבן און צע־האַקט זיין רעכטן אָרעם. און זכרי האָט זיך צעברומט ווי אַ

יונגער לײב און אויסגערופֿן:
—אוי אַ בונט, אַ פּאַראַט!
און דניאל האָט געזאָגט:
—מײַן נדר האָב איך געהאַלטן. איך גיב זיך איבער צו דיר, וואָס ווען מיר הרגענען.
און די באַוואָפנטע וועכטער האָבן געאײַלט און אַרײַנגעלאָפן אין צימער, און דאָס בלוט פון זײער העלד פלײצט אויף זײַנע קלײדער און זײַן אָרעם איז איבערגעהאַקט. און פון גרויס ווײ־טאָק איז ער פאַרשטומט געוואָרן אויף אַ ווײלע, און ער האָט געברומט און געקריצט מיט די צײן.
און די וועכטער זײַנען דערשראָקן און קוקן מיט וואונדער אײ־נער אויפן אַנדערן, און אײנער פון זײ איז גיך אַרויסגעלאָפן צו זוכן דעם אויפזעער, און זכרי האָט געציטערט און געזאָגט:

—איר זאָלט נאָר גאָרנישט דערצײלן פאַר די פאַרבעטענע געסט.
און ער האָט זיך געווענדט צו דניאלן און געזאָגט: פאַרשאָלטן זאָלסטו ווערן מער פון אַלע מענטשן, וואָס אויף דער וועלט און פאַרשאָלטן זאָל ווערן דײַן געליבטע צוליב דיר.
און דער אויפזעער איז געקומען צולויפן, און אַז ער האָט דערזען זײַן האַר, אַז ס׳איז שלעכט מיט אים, האָט ער זיך געווענדט צו דניאלן און געזאָגט:
—אוי דו הינטישער קאָפּ! וואָס האָסטו געטאָן?! דאָס איז דײַן געצאָלטס צו מײַן האַר פאַר דעם גוטס, וואָס ער האָט דיר געוואָלט טאָן?
און ער האָט זיך געווענדט צו זכרין און געזאָגט:
—באַפעל, מײַן האַר, און איך וועל אַראָפּנעמען זײַן קאָפּ פון זײַנע אַקסלען און אים געבן זײַן געליבטע, זי זאָל זיך שפּילן מיט אים.
—נײן—האָט זכרי געענטפערט קריצנדיק מיט די צײן—נישט אײנמאָל וועל איך אים אומברענגען, איך לאָז אים איבער אויף גרויסע צרות: איך וועל שרעקלעך מאַכן זײַנע ווײטאָקן, מיט ביטערע אכזריות וועל איך אים פּײַניקן און זײַן געליבטע

וועט עס צוקוקן און די הימלען וועלן שטוינען פון זייערע געשרייען. און דו, אויפזעער, שיק אַ יונג און ברענג מיר אַ רופא ער זאָל מיר פאַרבונדן מיין אָרעם, וואָרום גרויס זיינען מיינע ווייטאָקן. נאָר קיינער זאָל נישט וויסן, וואָס ס'איז מיט מיר.

דער אויפזעער האָט אַוועקגעשיקט אַ באַוואָפנטן יונג און ער האָט געזאָגט צו דניאלן:

—וואַרט צו נידעריקער מענטש!

—און ווער איז אַזוי נידעריק ווי רעומה די טאָכטער פון מיין שונא?—האָט דניאל געענטפערט—פון איר האַנט האָב איך דאָך דידאָזיקע שווערד באַקומען, איר ווילן האָב איך דאָך אויסגעפירט.

—וואו איז זי די יונגע לייבין, די טאָכטער פון אַ ווילדע לייבין?—האָט זכרי געשריגן—שלעפט איר אַהער! און וואו איז צלה? אויך זי איז קעגן מיר אויפגעשטאַנען? אוי, איך וועל זיך נוקם זיין! אָבער וואָס פאַר אַ טומל הער איך, עפעס אַ געשריי פון די שפיץ בערג?

—דאָס איז אַ בראַוואָ־געשריי—האָט דער אויפזעער געענטפערט.

—ניין—האָט זכרי געענטפערט—ס'איז אַ מהומה.

אַזוי ווי ער רעדט נאָך און איינער פון זיינע קנעכט איז אַריין מיט אַ קורצן אָטעם און ערד אויף זיין קאָפּ און האָט געזאָגט:

—אַ בונט האָט געמאַכט אויף דיר, מיין האַר, דיין טאָכטער רעומה. אַ גרויסע שחיטה איז אויפן באַרג און אַ פייער האָט אַרומגעכאַפּט אַלע פיר זייטן פון פאַלאַץ וואו די פאַרבעטענע געפינען זיך.

—און וואו איז די יונגע לייבין?—האָט זכרי געשריגן קריצנדיק מיט די ציין.

ער ברומט נאָך, און אַ קלאָג געשריי פון רעומהן הערט זיך פון דער זייט פון גאָרטן, און דאָס גלאַנצן פון שווערד זעט זיך ביי דער שיין פון דער לבנה—און ס'איז גרויס געוואָרן די מהומה און טומל אין פאַלאַץ פון זכרי.

## יח.

און עזריהו, וואָס האָט פאַרגעזען די גרויסע מהומה, וואָס זכרי האָט צוגעגרייט, האָט צוגעשטעלט מענטשן צו זיין טאָכטער יהושבע, זיי זאָלן איר אָפפירן קיין ירושלים. ווען יהושבע איז פאַרבייגעגאַנגען דאָס גאַסטהויז, וואָס געפינט ביי דער ירושלימער פעסטונג און אויסקוקערטורעם, האָט זי געשיקט איינעם פון אירע מענטשן אַרויסצורופן אליצור דעם פעסטונג-היטער פון זיין שטוב.

אליצור איז אַרויסגעקומען, האָט דערזען דאָס ווייב פון שני למלך און ער האָט אויסגערופן:

— זיי געבענטשט, האַרינטע פון ציון, מיט דיין אָנקומען! גאָט האָט דיר אַהער געבראַכט צו דער פרייד פון דיין טאָכטער קציעה און דיין חברטע מרים, וואָס זיצן דאָ און וואַרטן אויף דיר און אויף אַלע זייערע נאָענטע.

אַזוי האָט ער געזאָגט און אַריינגעלאָפן אין שטוב. און מרים און קציעה גייען אַרויס אַנטקעגן יהושבען מיט אויסגעשרייען:

— ווען אונזערע אויגן זען!

און באַלד איז איינע דער אַנדערער געפאַלן אויפן האַלז, און זייערע שטימען הערן זיך דורך געוויין און געבעט:

—אָך מאַמע מיינע! אָך טאָכטער מיינע! חברטע!

און אַז זיי האָבן זיך אָפּגעוויינט האָט מרים געפרעגט יהושבען:

—צי האָבן דיינע אויגן געזען די גלוסטונג פון מיין האַרצן— מיין מאַן עוזיאל, דאָס איז דיין באַקאַנטער אלידע. און אליפלטן מיין זון האָסטו געזען? ער איז געגאַנגען אַהין זיך נוקם צו זיין אין אונזערע שונאים און באַפרייען די געפאַנגענע, ווי ער האָט זיך פאַרשוואוירן צו גאָט. אָבער איך בענק נאָך אים און דאָס האַרץ פון דיין טאָכטער קציעה איז איינזאַם אָן אים. דו, חברטע מיינע, ווייסט דאָך בענטשן דאָס, וואָס עס בענטשט דיין טאָכטער. וואָרום איר האַרץ לעכצט שוין לאַנג צו מיין זון, וועמען עס איז געקומען די צייט זיך צו אַנטפּלעקן. דעריבער דערצייל זשע אונז וועגן מיין מאַן און וועגן אליפלטן.

און יהושבע האָט אָפּגעזיפצט און געזאָגט:

—ווי וואונדערלעך עס זענען גאָטס וועגן! וואָרום ער האָט דערהויבן דאָס, וואָס איז ביי מיר געווען דערנידעריקט, און דערנידעריקט דאָס, וואָס איז ביי מיר אַמאָל געווען דערהויבן, צו מיין חרפה און שאַנד. וואָרום ווער איז אַזוי נידעריק ווי זכרי, וועמען איך האָב געהאַלטן פאַר גאָר שטאַרק דערהויבן. און ווער איז אַזוי דערהויבן ווי דיין מאַן און ווער איז אַזוי שיין און גלוסטיק ווי אליפלט דיין קינד? דיין מאַן עוזיאל איז דאָך באַוואוסט אין אַלע טויערן פון אפרים און פון די איבעריקע שבטים, וואָס האָבן געהערט זיינע שטראָפרייד. זיינע ווערטער זענען דאָך פלאַמיקע קוילן און זיינע רייד—פלאַמען פייער. פרעג נתן׳ען, וואָס גייט דאָ צווישן מיינע מענטשן, און ער וועט דיר דערציילן. אָבער וואָס זאָל איך דיר טאָן, חברטע מיינע, אויך פון מיר ווייסטו זיך נאָך קיין קלאָרעס נישט דערוויסן; וואָרום מיין פאָטער האָט פאָראויסגעזען אַז גרויס וועט זיין די מהומה אין שומרון, דעריבער האָט ער מיר געגעבן מענטשן זיי זאָלן מיך אַוועקפירן און מיר ברענגען אין אַ רואיק וואוינונג. און וואָס

ס׳איז געוואָרן מיט עוזיאל און אליפלטן וויס איך נישט. אַ גאַנצן וועג האָט מיין האַרץ נישט געּרוט, מיינע אויגן האָבן כסדר געקוקט אונטער מיר, אפשר גייט עמיצער, אַ וועג וואַנ־דערער, פון שומרון און איך זאָל אים פרעגן, און ער זאָל מיר דערציילן, וואָס עס טוט זיך דאָרט. אָבער צום באַדויערן האָב איך ביז אַהער קיינעם נישט באַגעגנט.

און נתן האָט גענענט און געזאָגט:

—ס׳איז דאָך נאָר וואָס אויפגעגאַנגען די זון, און דער טאָג איז נאָך גרויס. דער היינטיקער טאָג וועט אונז זיין אַ בשורה־טאָג!

—אלוואי!—האָט מרים געענטפערט.

און די שיינע קציעה האָט געקוקט אויף נתן׳ען מיט זאַנפטי־קייט און געבעט און האָט געזאָגט:

—אלוואי און עס זאָל אַזוי געשען, וועל איך דיר דאַנקען.

זיי שטייען נאָך און רעדן און לויפער קומען אָן צום גאַסטהויז, און איינער האָט געזאָגט:

—זאָלן די געשעצטע פרויען זיך לאָזן אָנזאָגן, אַז עוזיאל, אליפלט, דניאל, שולמית און עדה, אויך עזריהו דער עלטסטער אין אפרים און זיין איידעם מנוח און זיין ווייב חנה מיט זיין זון צפניה מיט אַלע וואָס זענען באַהעפט צו זיי, קומען אָן אַהער היינט מיטאָגצייט. די מאַנסבילן גיין געלאַסן צוליב די פרויען דעריבער האָט דער האַר עוזיאל אונז געשיקט אויף פערד אייך אָנצוזאָגן און צו באַרואיקן אייערע הערצער, געשעצטע פרויען. אויך דאָס וועל איך אייך זאָגן, אַז דאָ וועלן די געשעצטע געסט אָפּרוען און דאָ וועלן זיי עסן מיטאָגעסן און מאָרגן גאָר באַגינען, וועלן זיי צוזאַמען מיט אייך אויפגיין קיין ירושלים, און אַהין וועלן מיר דערוייל לויפן פון דאַנען, כדי צו ברענגען פאַר זיי טייע־רע, יום־טובדיקע קליידער: וואָרום זייערע מלבישים זענען איינ־געשמוצט מיטן בלוט פון זייערע פיינט. דאָס איבעריקע וועלן זיי אייך אַליין דערציילן אַז זיי וועלן קומען.

—האָך! האָבן אויסגערופן די פרויען פליעסקענדיק די הענט פון גרויס פרייד, און מרים האָט געזאָגט צו אליצורן:

—אייל און שחט אַ שחטונג און גרייט צו זיסע גוטע שפּייז פֿאַר אונזערע טייערע געסט. גרייט צו פֿינף שעפּסן, געשטאָפּטע קעלבער, קיכענס געשמירט מיט בוימאייל און אויך אַלערליי בעקעריי־זאַכן מיט האָניג. דאָס איבעריקע פֿרעג מיינע קעכנס און זיי וועלן דיר זאָגן: וואָרום איך בין פֿול מיט פֿרייד און גליק און קען נישט צוגרייטן די אַלע זאַכן, וואָס מען דאַרף.

—איך בין גרייט דורך מיינע ייִנגען אָנצוגרייטן אויך דאָס, וואָס דו האָסט נישט דערמאָנט—האָט אליצור געענטפֿערט—וואָרום ס'איז פֿאַראַן בײַ מיר אויך פֿיש, אויך ווײַן און ביר פֿאַר די מאַנסבילן און פּרוכטן־זאַפֿט פֿאַר די צאַרטע־פֿרויען און מיידלעך.

אַזוי האָט געזאָגט אליצור און אַוועק טוען זיין אַרבעט און נתן איז אויפֿגעגאַנגען אויפֿן אויסקוקערטורם דאָרט צו וואַרטן ביז מיטנטאָג, כּדי ער זאָל אָנזאָגן די פֿרויען ווען די געסט קומען אָן.

און ס'איז געווען אין מיטנטאָג צייט און ער האָט געזען אַ סך קעמלען און מויאייזלען קומען אָן. האָט ער געאיילט און אַראָפּגענידערט און אָנגעזאָגט מרימן, יהושבען און קציעהן: אַ סך קעמלען האָט ער געזען פֿון ווייטן.

און מיט אַמאָל און דער ערשטער איז אָנגעקומען, און עוזיאל שפּרינגט אַראָפּ פֿון זיין מוילאייזל, און ער האָט געגענט צו מרימן, איז איר געפֿאַלן אויפֿן האַלז און אויפֿגעהויבן זיין קול און זיך צעוויינט. און מרים האָט אויך געוויינט אויף זיין האַלז, דערנאָך האָט ער געקושט מרימן און האָט געזאָגט:

—איצט וועל איך דיר קושן אַלעמען אין די אויגן און וועל פֿאַר קיין שלעכטס נישט מורא האָבן. און ער האָט זיך געווענדט צו יהושבען און געזאָגט:—צי איז פֿרידן צו דיר געשעצטע האַרינטע? און ווער וואָלט דיר דאָס געזאָגט און לבנון, אַז אלידע איז עוזיאל דיין אַמאָליקער באַקאַנטער?

—דאָס איז עוזיאל—האָט יהושבע געענטפֿערט מיט טרערן אויף אירע באַקן—דאָס איז עוזיאל, פֿאַר וועמען איך שעם זיך דעם קאָפּ אויפֿצוהייבן.

—וואָס ס'איז געווען אַמאָל איז פאַרגעסן—האָט עוזיאל געענט-פערט—און דיר, געשעצטע הארינטע, וועל איך בעטן מיר צו פאַרגעבן מיינע אַמאָליקע זינד, וואָס איך בין אַמאָל געווען ווי אַ ווילדער מענטש, און אַז איך בין געקומען אין דיין פאָטערס גאָרטן, האב איך גערעדט צו דיר שווערע רייד, און דו האָסט געשוויגן און גאָרנישט געענטפערט. אַבער לאָמיר איצט שווייגן. אָט, מיין זון אליפלט שוועבט ווי אַן אָדלער צו דיין טאָכטער, וואָס שטייט דאָ מיט אונז. איך האָב איר געבענטש אין מיין האַרצן, זאָל זי אויך זיין געבענטשט צו גאָט וואָס גיט איר אַזוי פיל חן.

אַזוי האָט ער געזאָגט און קציעהס אויגן זענען ליכטיק געוואָרן און אירע באַקן האָבן זיך פאַרויטלט ווי רויזן. און אליפלט שפרינגט אַראָפ פון זיין פערד, און עוזיאל האָט אים אָנגענו-מען ביי דער האַנט און האָט אים צוגעפירט צו זיין מוטער און האָט געזאָגט:

—האַלז איצט דיין זון דעם העלד!

און מרים האָט אים אַרומגענומען מיט אירע אָרעמס און האָט אים געקושט און געזאָגט:

—ווי זיס ביזטו מיר, מיין טייערער זון!

מרים האַלזט נאָך איר זון און עוזיאל האָט געזאָגט צו קציעהן:

—זאָל דיך נישט פאַרדריסן, טאָכטער מיינע, אויף דיין אויסדערוויילטן, וואָס ער פרייד זיך פריער מיט זיין מוטער דאָס מאָל: וואָרום נאָך אַביסל און אליפלט וועט פאַרלאָזן זיינע עלטערן זיך צו באַהעפטן מיט דיר.

אַז אליפלט האָט פאַרלענד צו האַלזן און קושן זיין מוטער, און ער האָט זיך געווענדט צו קציעהן, איז איר געפאַלן אויפן האַלז און האָט געזאָגט:

—און דו, מיין שיינע קרוין. צוליב דיר האָב איך איבערגעטראָגן אַ סך ווייטאָק, און ווי זיס ביזטו מיר היינט, אַז מיין רעכטע האַנט האַלזט דיר און דיין פנים ווערט נישט בלייך. איך וועל דיר קושן אין די ליפן און מיינע עלטערן וועלן זען און זיך פרייען.

—אָך! מיין פרייד און גליק!—האָט אויסגערופן קציעה אין די אָרעמס פון איר אויסדערוויילטן.—מיין באַשיצער ביזטו געווען אין טאָג פון קריג און שלאַכט, די פרייד פון מיין האַרץ, ווען דו ביזט צוריקגעקומען פון ווייטן לאַנד, אָבער פינסטערע בערג האָבן זיך אויפגעהויבן און זיך געשטעלט צווישן אונז, און דיין אָנדענק איז מיר געוואָרן אַ קוואַל פאַר טרערן. האָך! איצט ביזטו מיר דער קוואַל פון לעבן: וואָרום גאָט האָט מיר צוריקגעקערט מיין גליק און מיין אָטעם און איך בין אין דיינע אָרעמס.

און דערווייל זענען אַלע אָנגעקומען. עזריהו, מנוח און זיין ווייב חנה, אויך צפניה און עדה. און נאָך זיי—דניאל און שולמית—האָט זיך איינער דעם אַנדערן באַגריסט, און מרים האָט זיך געפרייד מיט איר שוועסטער עדה. און שולמית איז געקלייד אין ווייסע קליידער באַנייט מיט רויטע פאָדעם, אירע אויגן שיינען ווי דער מאָרגנשטערן. און דניאל האָט זי אָנגענומען ביי דער רעכטער האַנט און האָט זי פאָרגעשטעלט פאַר קציעהן און געזאָגט:

—דאָס איז שולמית דיין שוועסטער, די טאָכטער פון דיין פאָטער אלקנה! איר האָב איך זיך אויסגעוויילט. אָט שטייט זי פאַר דיר שלאַנק ווי אַ ליליע און פאַרלאַנגט די נאָענטשאַפט פון איר שוועסטער.

און קציעה האָט געקוקט אויף שולמיתן מיט זאַנפטיקייט און גרויס דערבאַרמונג, האָט זי געוויינט אויף איר האַלז און שולמית האָט געוויינט אויף איר האַלז, דערנאָך האָט קציעה געזאָגט:

—מיין שיינע צאַרטע שוועסטער, צווישן מיינע טייערע וועסטו זיין און וועסט שיינען אין ציון. עס וואַרטן אויף דיר דיינע בחלאות פאַרגעניגנס-פאַלאַצן אין ירושלים, און פעלדער און ווייןגערטענער אין שרון. דאָס געשאַנק פון נייעם קעניג חזקיהו צו די יורשים פון אלקנה און עזריקם.

און יהושבע האָט אָנגענומען קציעהן פאַר דער האַנט און זי צוגעפירט צו איר פאָטער עזריהו, וואָס האָט דערווייל גערעדט מיט אליפלטן, און זי האָט געזאָגט:

—בענטש, פאָטער מיינער, מיין טאָכטער און אליפלטן, איר אויס-דערוויילטן.

און עזריהו האָט אַרויפגעלייגט זיינע ביידע הענט אויף זיי און האָט זיי געבענטשט. דערנאָך האָט ער זיי געקושט און געזאָגט:

—גייט קינדער. און שמועסט פון אייער גליק.

און אליפלט האָט אָנגענומען קציעהן פאַר איר רעכטער האַנט און האָט גערופן אויך זיינע עלטערן און יהושבען, דניאלן און שולמיתן, אויך מנוחן, הנהן, צפניהן און עדהן, און צוזאַמען מיט דעם אַלטן עזריהון האָבן זיי זיך געזעצט אונטער אַ בוים, און אליפלט האָט אָנגעהויבן צו דערציילן:

—ווען מיין מוטער האָט מיר געשיקט אויסלייזונג פון אדום'ס האַנט דורך מגדיאלן, וואָס האָט מיר אַנטפּלעקט מיין אָפּשטאַמונג, בין איך געפלויגן אויף אָדלער-פליגל צו מיין מוטער און צו קציעה מיין געליבטע, און מיין האַרץ האָט זיך געפרייד מיט מיין ערע, וואָס איז מיר געוועזן ניי, און אַלע ווילע האָב איך געטראַכט: איצט וועט שוין דיין פנים נישט בלייך ווערן, אַז דו וועסט קוקן אויף קציעהן, די גאַרונג פון דיין האַרצן. אָבער אין דער פרייד מיינער האָט זיך אויסגעמישט טרויער, געדענקענדיק דאָס שלעכטס, וואָס איך האָב געבראַכט אויף מיין פאָטער, וואָס איז דורך מיר אַנטלאָפן. און איך האָב אַ נדר געטאָן נישט צו זען ציון ביז איך וועל געפונען מיין פאָטער און אים אומקערן אין זיין וואוינונג. איר ווייסט דאָך, טייערע מיינע, דו, מוטער מיינע און דו, קציעה מיין טייערע, אַז איך בין נישט געקומען אין שטאָט אַריין, נייערט איר זענט אַרויסגעגאַנגען מיר אַנטקעגן. און נאָכדעם ווי איך האָב זיך מיט אייך געזעגנט, האָב איך זיך געאיילט אין וועג אַריין צו זוכן מיין פאָטער און באַפרייען פון געפאַנגענשאַפט די, וואָס זענען געזעסן געפאַנגען און שוין קיין האָפנונג נישט געהאַט: מיין מומע עדה און די פאַרליבטע דניאל און שולמית. און מיין מוטער האָט מיר געשיקט צום וואוילטעטער עזריהו איך זאָל אים אָפּגעבן אַ גרוס פון זיין טאָכטער קציעה, וואָס האָט מיר געשלאָסן אַ בונד פון אייביקער

ליבע און דאָרט פרעגן וואָס עס מאַכט יהושבע, און פון איר וועל איך זיך אפשר דערוויסן דאָס אָרט, וואו מיין פאָטער געפונט זיך.

בין איך געגאַנגען און געקומען קיין שומרון, האָב אָפּגעטרעטן איז הויז פון עזריהו און ווער קען פאַרשטיין מיין גרויסע פרייד, אַז איך האָב דאָרט געפינען יהושבען, און אַז איך האָב פון איר געהערט וועגן מיין פאָטער, וואָס גייט אַרום געשיקט פון זיין קעניג אויף צוריקצוקערן די יודן צום קעניג פון דוד׳ס הויזגעזונד. און יהושבע האָט דערוועקט מיין דערבאַרמונג אויף די געפאַנגענע, און איך האָב געשוואוירן ביי קציעהס לעבן איך זאָל זיי ברענגען אויסלייזונג, און איך האָב געפונען אַ וועג אין הויז פון זכרין, בין געקומען אין גאָרטן מיט עמרין, וואָס האָט מיך אַהין געפירט. און גרויס איז געוואָרן רעומהס פרייד, אַז זי האָט מיך דערזען. און זי האָט מיך געהאַלזט און געקושט. אוי שרעק און שוידער!—האָב איך זיך געטראַכט—רעומה פאַרשוועכט מיינע לעפצן, וואָס האָבן געקושט קציעהן, אָבער מיט ברענענדיקע לעפצן וועל איך איר ציען אין גרוב אַריין. און רעומה האָט צו מיר גערעדט גוטע רייד און ליבע ווערטער. און באַשמוצט די מענער פון יהודה, און איך האָב זי געצויגן צום אָרט וואו איך האָב זיך צוגעגרייט און באַשטימט פאַר אונזער גלוסטונג-נאַכט. אַז איך בין אַרויס פון גאָרטן, בין איך אַוועק צו שראצר מיין באַקאַנטן, וואָס איז מיר באַקאַנט פון דאַן ווען איך האָב צוריקגעקערט פון אשור. איך האָב אים געזאָגט, אַז דער נייער קעניג פון יהודה נייגט צו אשורן פרידן, און אַזוי איז דאָס האַרץ פון זיין גאַנץ פאָלק און אונטערטאַנען. נישט אַזוי אָבער איז דער ביטערער און גייציקער זכרי, וואָס האָט אויף אים געמאַכט אַ בונט צווישן יידן און וויל, קעגן זייער ווילן, ווערן אַ קעניג איבער זיי. און אַזוי ווי ער, אַזוי איז זיין טאָכטער רעומה די פאַרטעטרין: וואָרום צו שראצרן האָט זי געשלאָסן אַ בונט און מיר ציט זי אַריין אין איר ליבע. איך האָב אים דערציילט, אַז איך האָב אָנגעגרייט פאַר איר אַ נעץ זי צו פאַנ-

גען, און ער האָט מיר געבעטן איך זאָל אים באַהאַלטן אין מיין געצעלט.

אַזוי האָבן מיר זיך באַראָטן און מיר זענען געווען גרייט פאַר־נאַכט. ער האָט צענויפגענומען צו מיר די באַפעלער פון זיינע מחנות, און האָט זיי אין געהיים באַפוילן זיך צו באַוואָפענען און זיין גרייט צו דער צייט, וואָס ער וועט באַפעלן.

—האָך! העלד און אויסלייזער!—האָט קציעה אויסגערופן האַלזנ־דיק אים, און קושנדיק אים אין מויל האָט זי געזאָגט:

—אָט האָבן אָנגערירט מיינע ליפן אין דיינע און ס׳האָט אָפּגע־קערט פון דיר די זינד: די לעפצן פון רעומה די אומווירדיקע, וואָס האָבן אָנגערירט דיין מויל. און דו—מיין פריינד דניאל, דערציילן דו ווייטער ווי דו האָסט עס געזען.

און דניאל האָט אָנגעהויבן און געזאָגט:

—אין קירצן וועל איך אייך דערציילן זכריס סוף, וואָס גאָט האָט אים געבערענגט דורך דעם שלעכטס פון זיין אייגן הויז: וואָרום זיין טאָכטער רעומה האָט געטראָגן אויף אים איר צאָרן, דער־פאַר וואָס ער האָט פאַרטיליקט איר מוטער קטורה. און זי האָט געגעבן שולמיתן די שווערד פון איר פאָטער אלקנה, און מיט דער שווערד האָב איך אויסגעלאָזט מיין כעס צו דעם שונא אונזערן. און נאָכדעם ווי איך האָב דאָס געטאָן, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט דערהערנדיק אַ ביטער קול שרייען. דאָס האָט גע־שריגן דער אויסוואורף קריצנדיק מיט די ציין. און זאָגנדיק:

—פאַרפליכט זאָלסטו זיין פון אַלע מענטשן, וואָס אויף דער ערד. און פאַרפליכט זאָל זיין דיין געליבטע צוליב דיר. און צום אויפ־זעער, וואָס איז אַריינגעקומען צו לויפן דערהערנדיק זיין גע־שריי, האָט ער געזאָגט: שטעל אַוועק היטער איבער דעם אומ־ווירדיקן, איך וועל אים נישט אומברענגען אין איין מאָל, נאָר וועל אים לאַנג פייניקן: מיט אייזערנע קאַמען וועל איך רייסן זיין לייב פאַר די אויגן פון זיין געליבטע און פון זייערע גע־שרייען וועלן די הימלען שטוינען.

אמזיסט האָב איך געזאָגט זכרין, אַז זיין טאָכטער רעומה האָט

מיר געגעבן די שווערד, וואָרום ער האָט געצאָרנט אויך אויף איר און האָט באַפוילן זי צו זוכן און ברענגען צו שלעפּן צו אים, כדי איר מוראדיק צו באַשטראָפן, און פון מיר האָט זיך זיין צאָרן נישט אָפּגעקערט.

איך און שולמית גייען נאָך אויס פון שרעק. און אַ קנעכט קומט צולויפן, ערד איז אויף זיין קאָפּ און ער האָט געזאָגט:

—אַ פייער האָט אויסגעבראָכן אין אַלע פיר ווינקלען פון פּאַלאַץ וואו עס געפונען זיך די פאַרבעטענע.

ער רעדט נאָך, און עס דערהערט זיך דאָס קלאָגגעריי פון רעומהס שטים. נאָך אַ ווײַלע—און די אשור-יינגען מיט די בלויזע שווערדן האָבן זיך פּלוצלונג באַוואוזן אין זייערע קריגער-היטלען, און אליפלט קומט אַריין און האָט זיך אויף מיר אַזוי צושריגן:

—וואָס שלאָפסטו וואָס? און וואו איז די שווערד פון דיין פאָטער? און דער אויפזעער האָט זיך אָפּגערוקט געלאַסן, געלאַסן אונטערוויילעכטס. און אַז איך האָב דערזען, אַז אליפלט מיט די אשור-יינגען שטיין מיר צוהילף, האָב איך אַרויסגעצויגן די שווערד פון אונטער די קליידער, האָב מיט איר צעהאַקט דעם אויפזעערס קאָפּ און דעם קאָפּ פון זכרין, וואָס איז געבליבן ווי פאַרשטומט, האָב איך אָפּגעהאַקט. האָב אַרויסגענומען שולמיתן, אַ פריילעכע מיט מיין העלדישקייט, פון איר תפיסה. און אליפלט האָט מיר געזאָגט, אַז שראצר איז מיט זיין חיל אויפגעגאַנגען אויפן באַרג וואו מען האָט זיך צענויפגעזאַמלט, דאָרט האָט ער אָנגעהויבן אַ שלאַכט אין דער מאַסע, וואָס פייערט, און זיי שטאַרק צעשלאָגן. און רעומהן האָט ער אַוועקגעגעבן צו איינעם פון זיינע עלטסטע וואָס באַפעלט איבער הונדערט זעלנער. און דער מזבח פון אמון איז געוואָרן די שאַנד און זיינע פאַרערער זענען געפאַלן אַרום אים.

—אַזוי איז עס—האָט אליפלט פאַרענדיקט—אַנטרינען געוואָרן זע-גען נאָר דידאָזיקע, וואָס האָבן אָנגעקליידט הימל-בלויע קליידער פאַר אַ צייכן און די איבערגעבליבענע זענען זיך צעלאָפן, יע-דער אין אַ באַזונדער זייט. און עמרי מיט פשחורן זענען אַריינ-

געפאַלן צו מיר אין האַנט. און עמרי האָט נישט געוואוסט, אַז איך בין מיט שראצרן און ער האָט געזאָגט צו מיר:
—דו ביזט דאָך אַ העלד, האַר מיינער, זיי זשע פאַר מיר און פאַר מיין דאָזיקן חבר אַ באַשיצער פון אלידע, וואָס יאָגט אונז.

ווי ער רעדט נאָך אַזוי און מיין פאָטער קומט אָן און ער האָט צעהאַקט די קעפּ פון עמרי און פשחור און האָט געזאָגט צו מיר:

—די שווערד איז זיך נוקם פאַר גאָט און פאַר זיי געזאַלבטן.

—די אויסוואורפן זענען פון מיין האַנט אומגעקומען—האָט עוזיאל געענטפערט—ווייל זיי האָבן געלעסטערט דעם זון פון דוד, דעם גאָט-געזאַלבטן, און זיי האָבן זיך אָפּגערעדט אין דער שטיל מיך צו הרגענען, ווען איך וועל אַראָפּנידערן פון באַרג, און איינער אַ גאָטס-פראַקטיקער האָט מיר געוואָרנט פון זיי. און גע-לויבט איז גאָט וואָס איך האָב צעהאַקט די קעפּ פון דידאָזיקע שלענג, אַזוי זאָלן אומקומען אַלע פיינט פון ציון און דודס הויזגעזונד.
דאָ האָט אליצור געענטפערט צו זיי און געזאָגט:
—דער טיש איז געגרייט, שטייט אויף, מיינע האַרן און עסט פון דעם וואָס איך האָב איך אָנגעגרייט.
און מנוח האָט געזאָגט:
—אויך מיין זון צפניה האָט נישט געפעלט אין דער נאַכט. וואָ-רום ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין זכריס הויף און געטאָן דאָרט זיין אַרבעט.
—איך—האָט צפניה געענטפערט—דאָס האָב איך זיין וואוינונג אונטערגעצונדן, און מיר איז ליכטיק געוואָרן אין די אויגן: וואָרום אין דער מהומה אין גרויסן טומל האָב איך אָפּגעראַטע-וועט מיין האַרצנס-געליבטע עדה.
און די אויסגעלייזטע און באַפרייטע, זענען אויפגעשטאַנען פריי-לעכע און אויפגלייגטע, און זיי זענען אַריינגעגאַנגען אין שטוב און זיך אויסגעזעצט אַרום טיש צו עסן מיטאָג-עסן. יעדער איז

געזעסן צוזאַמען מיט זיין ווייב אין געליבטע, און יהושבע איז געזעסן צו דער רעכטער האַנט פון איר פאָטער עזריהו. און מרים האָט זיך איינגעקוקט אין איר און געזען, אַז טרויער איז באַהאַלטן אין איר האַרצן און זי האָט געפרעגט:

—וואָס איז דיר, חברטע מיינע, וואָס דו ביזט טרויריק אין טאָג פון פרייד פאַר אונזערע קינדער?

—אמת טאַקע—האָט יהושבע געענטפערט—גאָט האָט פון מיר היינט אַ געלעכטער געמאַכט; וואָרום ער האָט דערהויבן, דאָס וואָס איך האָב דערנידעריקט נישט וויסנדיק, דעריבער בין איך פאַרשעמט און דער שלייער פון מיין אלמנהשאַפט דעקט צו די שאַנד פון מיין פנים, און ווי אַזוי זאָל איך זיך נישט שעמען. אַז איך דערמאַן זיך, דאָס שלעכטס וואָס איך האָב געטאָן צו דיר מרים, מיין חברטע, און צו דיין מאַן עוזיאל דעם גלוסטיקן?

—אויב דו וועסט געדענקען די זינד פון אַמאָל, איידעלע האַרינטע,—האָט עוזיאל געענטפערט—האָב איך דאָך דער ערשטער געזינדיקט: וואָרום אַ ווילד אייזל בין איך געווען אין מיין יוגנט און דו יהושבע, דו געשעצטע און באַחנטע ביזט געווען צו מיר וואוילגענייגט, און איינער אַ פוסטער יינג, אַ זון פון איינעם פון די האַרן און אפרים האָט מיך איבערגעשראָקן און מיר געוואָלט הרגענען אויב איך וועל נישט אָפּקערן דיין האַרץ פון מיר, און ער האָט מיר אָנגערעדט צו רעדן אַזעלכע בייזע רייד אין דיינע אויערן כדי צו דערוועקן דיין כעס אויף מיר. און אַזוי האָב איך געטאָן. אָבער איך האָב דיר דאָך שוין געזאָגט, צאַרטע האַרינטע, דערמאַן נישט די אַמאָליקע זינד און זאָלן פאַרגעסן ווערן די אַמאָליקע ליידן. דאָס האָט דאָך אַמאָל עוזיאל געזינדיקט צו דיר מיט זיינע ליפּן און אלידע איז דאָך ריין אין דיינע אויגן.

—און ווי דערהויבן איז דער נאָמען אלידע אויף דיינע ליפּן—האָט מרים געענטפערט—דו אַליין, עוזיאל מאַן מיינער, האָסט האָך געזען דעם בריוו, וואָס יהושבע האָט מיר געשיקט דורך מנוחן. ווען זי האָט מיר געגעבן אַ ראַט פון ווייטן, איך זאָל

דיר צונעמען פאַר אַן אויפזועער אויף מיין פאַרמעגן.. אין דעם בריוו האָט זי דיר געלויבט. דיין נאָמען האָט פאַר איר געשיינט ווי די ליכטיקע זון און איז געוואָרן אַ היילונג צו איר טרויריק האַרץ. און דו, מאַן מיינער, דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב מיין חברטע יהושבע ליב ווי מיין לעבן, דעריבער רעד צו איר האַרץ טרייסט-ווערטער, ווי דו האָסט עס געטאָן אין לבנון און מיט איר פרייד וועט זיך אויך מיין האַרץ פרייען.

—איך קען דיר מרים, מיין גלוסטיקע—האָט עוזיאל געענטפערט— איך ווייס דיין גרויסמוט, אַז דו ווייסט נישט פון מקנא זיין. יהושבע האָט אַמאָל געצאָרנט אויף מיר און מיט רעכט, אָבער גאָט האָט געבראַכט דעם טאָג און ער וועט אונז געבן פרידן. זע זשע, יהושבע, איך נעם אַראָפּ פון דיר דעם שלייער פון אלמנהשאַפט, און דו, הייב אויף צו מיר דיין פנים: וואָרום פון איצט אָן וועט אלידע פאַר דיר זאָרגן און אין זיין שאָטן זאָלסטו גלוסטן צו זיצן מיט דיין חברטע אין רו און פאַרגעניגן. וואָרום דו און מרים וועט ווי צוויי שוועסטער זיצן אין אַ רואיק וואוי- נונג און איר וועט זען די פרייד פון אייערע קינדער, וואָס זע- נען איינער צום אַנדערן צוגעבונדן מיט לייב און לעבן, און וועט פאַרברענגען אין גרויס פאַרגעניגן: זע זשע, צאַרטע יהושבע, אַלע דיינע זיפצן האָב איך פאַרשטערט און באַוויז מיר אויך דו אַ ליכטיק פנים.

אַזוי האָט גערעדט עוזיאל צו יהושבע און אַראָפּגענומען פון איר דעם שלייער פון איך אלמנהשאַפט, און יהושבע האָט געזאָגט.

—ווי גרויס איז דיין חסד, גלוסטיקער מאַן, און ווי גוט איז מיין שוועסטער מרים. ווירקליך, ווי שוועסטער וועלן מיר זיצן רואיק און דו וועסט זיין דער האַר אונזערער.

און עזריהו האָט געזאָגט:

—גאָט זאָל געבן און מרים און יהושבע זאָלן זיין ווי רחל און לאה, וואָס האָבן אויפגעבויט דאָס הויז פון ישראל.

און אַז זיי האָבן פאַרלענדט צו עסן דאָס מיטאָג-עסן און די לויפער האָבן פאַר זיי געבראַכט קאָטשן און בריטשקעס מיט דער

קאַרעטע פון שני למלך; אויך גלוסטיקע קליידער פאַר די מאַנס־ בילן און פרויען האָט מען געבראַכט: טאָרום די קליידער, וואָס זענען געווען איינגעשמירט אין בלוט פון פיינט האָבן די מאַנס־ בילן פאַרביטן אויף יום־טוב־קליידער, אויך האַרן און שפילער זענען געקומען און געשפילט פאַר זיי.

די פריילעכע האָבן געגעבן שלאָף צו זייערע אויגן, און זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט באַלד פאַרטאָג דערהערנדיק דאָס קול פון פייפלעך, צימבלען, פידל און שאַלמיי. און נתן איז אַרויסגעגאַנ־ גען זען וואָס דאָס איז פאַר אַ גערודיש, און ער האָט געזען ווי אַ גרויסע מאַסע מענטשן פון פאָלק, רייטן אויף פערד און מויל־ אייזלען קומען אָן און ציען זיך קיין ירושלים, און אַז זיי האָבן דערזען פון ווייטן די געטלעכע שטאָט האָבן זיי זיך צעשפילט און צעזונגען.

דאָס זענען געווען מענטשן פון שבט אָשר, מנשה און זבלון, וואָס זענען אונטערטעניק געוואָרן צו גאָט און זיי האָבן באַוווי־ ליקט צו גיין קיין ירושלים, די שטאָט פון גאָט צו מאַכן דאָרט פסח.

## יט.

באלד באַגינען האָט זיך די גאַנצע גרופּע געלאָזט אין וועג אַריין.

—שטייט אויף און לאָמיר אויפגיין קיין ציון!״—האָט זיך גע־הערט ווי איינער האָט גערופן צום אַנדערן.

—האָך!—האָט שולמית אויסגערופן פאַלנדיק דניאלן אויפן האַלז—נאָך אַ ווײַלע און מײַנע אויגן וועלן זען ציון, די שטאָט וואו יידן זאַמלען זיך צענויף.

און די ברישקעס זײַנען געשפּאַנט, און די קאַרעטע פון שני לַמלך איז געשפּאַנט צו מצרים־פערד. אין איר, זײַנען געזעסן עוזיאל מיט זײַנע צוויי ווײַבער מרים און יהושבע, און אַנט־קעגן זיי—אליפלט און די צאַרטע קציעה און מיט זיי אויך עזריהו. און דניאל מיט שולמיתן, מנוח מיט חנהן, און צפניה מיט עדהן, זײַנען געזעסן אין די בריטשקעס, אויך נתן און אַלע איבעריקע מענטשן וואָס זײַנען געווען מיט זיי—האָבן זיך אויפגעזעצט אויף בריטשקעס, און זיי זײַנען מיט פרייד און גליק געפאָרן זייער וועג.

אַ פּורפּור-רויטע ליכטיקייט האָט אויפגעשיינט און דער מזבח איז שטאַרק רויט געוואָרן. און דער האָן האָט זיך צעקרייעט, און עס האָבן זיך אויפגעכאַפּט די פייגל און זיך צעטווישטשעט, און געזונגען און געשאַלט אַנטקעגן דעם יום־טוב טאָג. און גרויסע מאַסן וואָס זיינען אָנגעקומען אויף יום־טוב האָבן זיך געצויגן צו ציון, און זיי האָבן אַהין נעפירט געשאַנקען פון שעפסן און רינדער, אין אַלע זייטן האָט זיך געהערט דאָס מעקען פון סטאַדעס, און גאָטס שטאָט שיינט פאַר זייערע אויגן.

—האָך! האָך! אונזערע אויגן האָבן דערזען!—האָבן אַלע פריילעכע אויסגעשריגן מיט אַמאָל—אָט איז די געטלעכע שטאָט!
און זיי זיינען אַראָפּ פון זייערע קאָטשן און בריטשקעס און זיי שטיין שוין אין די טויערן פון ירושלים.
און עזריהו האָט געבענטשט עוזיאלן מיט זיינע ווייבער און זייערע קינדער און האָט געזאָגט:
—גאָט, וואָס האָט אונז באַשירמט פון יעדער שלעכטס און אונז געבענטשט ביז אַהער, ער זאָל אייך שיקן אַ סך פרידן, מיינע זין און טעכטער, און איר זאָלט לעבן און זיך מערן אין מנוחה.

אַלע זיינען שטיין געבליבן אין טויער פון אפרים, און זיי זיינען אויפגעגאַנגען אויף איינעם פון די טורמס צו זען פון דאָרט די גאַנצע שטאָט. און דער מאָרגנשטערן איז אויסגעשפּרייט אויף די בערג פון ציון, און די טוי ליגט נאָך אויף ירושלים, די צאַרטע, וואָס דרימלט אונטער גאָטס שוץ. אירע טורמס דערהייבן זיך ווי די ריזן, דערגרייכן צו די וואָלקנס.

און ידידיה, דער האַר איבערן קעניגס אוצרות, מיט זיין ווייב תרצה און איר פאָטער חננאל, און נאָך מענטשן מיט זיי גייען אויף אויפן טורם און באַגריסן די אויסגעלייזטע און איינער דעם אַנדערן קושט און האַלזט.
און ס'האָט געזאָגט צו זיי ידידיה:
—ס'איז דאָך היינט אַ יום־טוב צו גאָט, דער טאָג פון פאַרזאַמ־

לען זיך צו מאַכן דעם פסח, קומט זשע אַלע צו מיר אין זומער־הויז, וואָס איך האָב אויפן הר־הזיתים, און איך וועל אייך אויפנעמען מיט ברויט און ווייַן. דאָרט וועלן מיר צוזאַמען טרינקען פאַר אונזער הילף. און פאַרנאַכט וועט זיין ליכט און פרייד מיטן אָנקומען פון יום-טוב, וואָרום צענויפגעזאַמלט האָט זיך די ייִן פון יהודה און ישראל בייזאַמען צו מאַכן דעם פסח און אָפּגעבן כבוד צו אונזער גאָט, און גרויסע מאַסן מענטשן זיינען אין אונזערע גאַסן.

ס'איז געווען פאַרנאַכט און ס'איז געקומען די צייט מקריב צו זיין דעם קרבן פסח. און די געטלעכע שטאָט ברומט און רעשט פון די קולות פון פאָלק וואָס פייערט; פון די וואָס גייען מיט פייפלעך צו קומען צום בית־המקדש, און פון דעם מעקערייַ פון די סטאַדעס שעפסן. יעדער משפחה און יעדער הויזגעזונט מיט דער צאָל פון זייערע מענטשן פירן די שעפסן פאַר זייער קרבן פסח. צווישן זיי—מלוכה־האַרן און האַלצהעקער, האַרן פון יהודה און וואַסערטרעגער, ריכטער מיט מיליטער־האַרן מיט פויערים און פאַסטוכער בייזאַמען, נישטאָ אין דער צייט קיין גרעסער און קלענער. אַזוי זיינען זיי געגאַנגען אין דער מאַסע מיט געזאַנג און שאַלונג, און זיי האָבן געבראַכט די שעפסלעך צום קרבן פסח צום בית־המקדש און זיי אָפּגעוואַשן אין דער סאַזעווקע. דערנאָך האָט מען די שעפסלעך אַרייַנגעבראַכט אין הויף פון גאָטס הויז, און מען האָט געבלאָזן מיט שופרות און געשאַלט, און מען האָט געשחטן די שעפסלעך פון זייער קרבן פסח, און די כהנים האָבן פון זייער בלוט געשפריצט אויפן מזבח.

און אין היכל איז אַלץ שטאַרק דערהויבן, וואָרום אין צענויפזאַמלונגען האָט מען געלויבט גאָט און די ווענט האָבן געציטערט פון די שטימען וואָס האָבן גאָט געלויבט.

און אַז איין פאַרטיע האָט פאַרלענדט צו שחטן זייערע שעפסלעך, זיינען זיי אַרויס און אַ צווייטע פאַרטיע איז אַריין צו טאָן ווי די ערשטע. ביז עס האָט זיך פאַרענדיקט די עבודה אין גאָטס הויז, האָט מען אָפּגעשינדן די שעפסלעך און זיי

היימגעט־אָגן און זיי דאָרט געבראָטן ווי מען האָט געדאַרפט טאָן.
און ווער איז אומשטאַנד איבערצודערציילן דעם פראַכט און שיינקייט פון דעם יום־טוב! די ערשטע נאַכט יום־טוב איז ליכ־טיק ווי בייטאָג: וואָרום אַחוץ די ליכט פון דער לבנה וואָס האָט העל באַלויכטן אין דער צייט, האָט מען נאָך אָנגעצונדן ליכט און פלאַקערן אויף יעדן הויכן טורם, אויף יעדן דער־הויבן בערגל און אויף די הויכע פּאַלאַצן און אויף אַלע גלוס־טיקע זאַלן. אומעטום שיינט און לייכט, און די פרייד איז אַזוי גרויס ווי אין דער נאַכט, וואָס יידן זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים. און די שטאָט יובלט! דעם פסח האָט מען אויפגעגעסן איילנדיק, און גרויסע מאַסן ציען זיך צו דער מזרח־גאַס, וואו דער נביא מיכה האָט פון א במה גערעדט צום פאָלק.
און ס'איז געווען צומאָרגנס און אַלע איינוואוינער פון ציון, און אַלע וואָס זיינען געקומען אויף יום־טוב, זיינען אויפגע־גאַנגען אין בית־המקדש, און די פּאָדווירן פון גאָטס הויז זיי־נען פול געפּאַקט מיט דעם פאָלק פון גאָט פון אברהם. די כהנים האָבן מקריב געווען די קרבנות פון יום־טוב. און גע־גאָסן וויינען ווי עס איז געשריבן אין דער תורה. און אַז די עבודה האָט זיך געענדיקט און דער נביא ישעיהו בן אמוץ האָט זיך אָוועקגעשטעלט פאַרן פאָלק איינגעהילט אין זיין היי־ליקן מאַנטל, זיין פּנים האָט געלויכטן און זיין באָרד, וואָס איז געווען ווייס ווי דער שניי אין לבנון, האָט אים צוגעגעבן גרויס פראַכט און ער האָט אָנגעהויבן און געזאָגט:
—דאָס איז דער טאָג אויף וועלכן מיר האָבן געהאָפט. דער טאָג וואָס גאָט האָט מיר געוויזן אין פּאַנטאַזיע אַמאָל, דער טאָג איז הייליק צום גאָט פון יעקב און איז געשעצט פאַר די יידן. וואָרום גאָט דער שטאַרקער איז געקומען אין זיין הייליקן הויז אַריין. פאָרשט צו אים ווען איר געפינט אים, זוכט אים, וואָרום זיין הילף איז נאָענט. זוכט אייער גאָט און דעם זון פון דוד אייער קעניג דער האַר פון פרידן. דעם קע־ניג אין זיין גאַנצער פראַכט זען אייערע אויגן, אַ צווייג פון

דודס שטאַם בליט אין גאָטס היכל ווי אַ זאַפטיקער איילבירט, און דאָס ערשטע ווערק זיינס איז: אָפּצוטאָן די זינד פון זיין פאָלק און ברענגען פרידן די יידן. געבענטשט זאָל ער זיין צו גאָט!

און דער קעניג חזקיהו האָט געענטפערט און געזאָגט פאַרן פאָלק:

—נישט צו מיר געהערט די הערשאַפט, נישט צו מיר געהערט דאָס רעגירן—נייערט צו גאָט געהער דאָס קעניגרייך, און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: זע, איך האָב דיך געזעצט פאַר אַ האַר אויף מיין פאָלק און זיי ערלעך! אָט איז די תורה, לויט וועל־כער איך וועל זיך פירן! זי וועט זיך נישט אָפּטאָן פון מיר: וואָרום אירע רייד זיינען ליכט פאַר מיר און איך וועל נישט אָפּטרעטן פון זיי נישט רעכטס און נישט לינקס. איצט, מיינע ברידער און מיין פאָלק! לאָמיר באַנייען די אַמאָליקע צייטן, די ערלעכע צייטן פון דודן.

און דאָס פאָלק האָט אָפּגעענטפערט:

—זאָל בליען דער וואָרצל פון ישי און זיין אַ מוסטער פאַר פעלקער. זאָל דערהויבן ווערן די קרוין פון דוד צו גרויסקייט און שיינקייט.

און דער קעניג האָט געבענטשט דאָס פאָלק און האָט געזאָגט:

—גייט אַהיים אין אייערע געצעלטן, פאַרברענגט און פרייד זיך.

און דאָס פאָלק איז אַרויסגעגאַנגען פון די פאָדווירן פון גאָטס הויז, און פון הייליקן באַרג נידערט אַראָפּ אַ גרויס געדיכט פאָלק. מאַסנווייז נידערן זיי אַראָפּ און פון דאָרט האָבן זיי זיך צעשפּרייט איבער די גאַסן פון ציון.

און אין דער מזרח-גאַס זעט מען עוזיאלן מיט מרימן און יהושבען, און זייערע קינדער אליפלט און קציעה, און דניאל און שולמית וואָס ריידן צווישן זיך פריינטלעך, און עזריהו גייט פאַר זיי, און מיט אים—מנוח און זיין ווייב חנה און זיין זון צפניה מיט זיין ווייב עדה. אויך ידידיה מיט זיין ווייב

תרצה מיט זייערע קינדער תימן און תמר, און נאָך זיי, גי״ט סתרי, דער וואָס זיצט אין כרמל אויף דער נחלה פון האַר יורם, וואָס איז אין די צייטן פון אחז געפאַנגען געוואָרן צו די פלשתים, און מיט אים—זיין ברודער אבישי פון בית לחם. זיי אַלע זיינען פאַרבעטן צו עוזיאלן אין הויז זיך צו פרייען מיט אים אין ערשטן טאָג יום־טוב, אויך נתן איז מיט זיי געקומען.

אין עוזיאלס זאַלן זיינען געגרייט די טישן מיט אַלדעס גוטס. און גרויס איז די שמחה אין עוזיאלן הויז.

און די זיבן טעג יום־טוב זיינען געווען טעג פון עסן און טרינקען אין זיין הויז, און אַלע זיינע פריינט און ליבהאָבער, אַלע פון די גרויסע לייט פון יהודה זיינען געקומען צו אים זיך צו פרייען מיט זיין פרייד.

און אַז עס האָבן זיך אויסגעלאָזט די ערשטע זיבן טעג יום־טוב איז געבליבן צו פייערן נאָך זיבן טעג, און מען האָט געפייערט זיבן טעג מיט פרייד: וואָרום חזקיהו, דער קעניג פון יהודה האָט געגעבן פאַרן פאָלק טויזנט אָקסן און זיבנטויזנט שעפסן, און די האַרן האָבן געשענקט טויזנט אָקסן און צען טויזנט שעפסן, און ס׳איז געווען אַזאַ גרויסע פרייד אין ירושלים, וואָס אַזעלכע איז נישט געווען פון די צייטן פון שלמה דער זון פון דוד, דעם קעניג איבער יידן.